# יאנקעוו ריוועס




פארלאג „סאָוועטסקי פיסאטעל״
מאָסקווע · 1975

יאנקעוו ריוועס (1886—1975) איז געבוירן געוואָרן אין שטעטל אָסווע (ווײַסרוסלאנד) אין דער מישפּאָכע פון א פישער. אָנגעהויבן זײַן ארבעטס־וועג אין די יוגנט־יאָרן, האָט ער זיך פרי פארבונדן מיט דער רעוואָליוציאָנערער ארבעטער־באוועגונג, גענומען א טיכטיקן אָנטייל אין קאמף פון באָלשעוויסטישן אונטערערד אין די בײַבאלטישע קאנטן, ווײַסרוסלאנד, פוילן. נאָך דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע געווען אף פאראנטוואָרטלעכער פארטיי־ארבעט.

זײַן ליטערארישע טעטיקײַט האָט ריוועס אָנגעהויבן אין 1912 י. די רײַכע פּאָליטיש־געזעלשאפטלעכע און לעבנסדערפארונג פון שרײַבער האָט געפונען איר אָפּשפּיגלונג אין זײַנע ביכער „אונטערערד", „אין טעג פון פארגרייטונג", „יאן דזשעמבא", „פארבאָרגענע קויכעס", „באָלשעוויקעס" א. אנד.

אין דעם דאָזיקן בוך איז י. ריוועסעס שאפונג פּאָרגעשטעלט מיטן ראָמאן „דער וועג צום זיג", אין וועלכן עס ווערן געשילדערט די שווערע יאָרן פון דער דײַטשישער אָקופּאציע אין ליטע בײַס דעם ערשטן וועלט־קריג און דער קאמף פון די באָלשעוויקעס פאר א סאָוועטישער ליטע; מיט דער דערציילונג „באם יאם", וואָס שטעלט אוף אן עפּיזאָד פון קלאסן־קאמף אין דאָרף ערעוו דער מאסן־קאָלעקטיוויזאציע, און דער אווטאָביאָגראפישער דערציילונג „א שטיין איז געפאלן".


*Произведения, отмеченные в содержании звездочкой, печатались до 27 мая 1973 года.*

Р $\frac{70303-327}{083(02)-75}$ БЗ—15—17—74

# 1

נאָך א נאכט רעגענען איז דער פּרימאָרגן געווען א קאַלטער און א נאַסער. אָבער אין שטוב איז ווייניק ווער געזעסן. די שווערע נויט האָט געטריבן אין דרויסן.

— גוטע מענטשן, — האָבן פון אַלע זײַטן זיך געצויגן צו די פאַרבײַגייער פאַרכאַלעשטע הענט, — שענקט א פּענעצל ברויט!

נאָר צו די בעטעלישן איז מען שוין אזוי געוווינט געווען, אז מע האָט זיי אופגעהערט צו הערן און באמערקן. דער איינציקער אין גאַס, וועמען די הונגעריקע האָבן ארויסגעבראַכט פון גלײַכגעוויכט, איז געווען דער קאָמענדאַנט פון שטאָט, דער הויכער מאַיאָר פאָן אָקסמאַן, וואָס האָט מיט קענטיקן ביטל אוועקגעדרייט דעם קאָפּ סײַ פון דעם קלאַל־טוער דעם דאָקטער יורי פּערעלמאַן, סײַ פון דעם אופגעקומענעם גוויר דעם בעקער פּײַווע קליינמאַן, וועלכע זײַנען אים נאָכגעגאַנגען פוסטריט, געוואָלט און אַלץ ניט געוואַגט צו אים צוגיין, אויסבעטן בא אים עפּעס וואָס פאַר דער געזעלשאַפטלעכער קיך, וואָס זיי האָבן געשאַפן. ער, דער מאַיאָר פאָן אָקסמאַן, האָט געזען פאַר זיך נאָר דעם גיך אנטקעגנקומענדיקן פּאָליציי־קאָמיסאַר.

— אבער נעמען זי דאָך וועג פאָן היר דיזן שײַס![1] — האָט דער מאַיאָר מיטן שפּיץ פון זײַן עלעגאַנטן שטעקל געשטורכעט אין א צונויפגעדרייטן מענטשן־קנויל און דאָס שמאָלע און לאַנגע פּאָנעם זײַנס האָט זיך אַלץ מער אָנגעצונדן פון רעציכע. — אבער נעמען זי דאָך וועג!

[1] נעמט צו פונדאַנען אָט די אומריינקײַט! (דײַטש).

שטענדיק, און באזונדערס אין גאס, פלעגט פאַן אָקסמאַן אויסמײַדן װעלכע־ניט־איז צוגאָב־דערקלערונגען צו זײַנע קורצע באפעלן. אָן איבע־ריקע רייד דאַרף דער פּאָליציי־קאָמיסאַר פאַרשטיין: ניט צוליב ראַטעװען מענטשן איז ער, דער מאַיאָר פון קײַזער װילהעלמס אַרמיי, געקומען אַהער...

װײַל דער פּאָליציי־קאָמיסאַר האָט געװוּסט, אַז דער מאַיאָר קאָן אַמאָל אופּזידן, װען אַפילו א בלעטל אַף א בוים באַװעגט זיך דאָ אָן זײַן װילן און װיסן, האָט ער, ניט װאַגנדיק דערװידערן, געפּרוּװט בלויז אויפמערקזאַם מאַכן:

— אָבער ער לעבט נאָך...

— אַך, מענטשן! — האָט אויסגעשריִען פאַן אָקסמאַן מיט א צעהאָלדערט קאָל. — אויב ער לעבט נאָך, װעט ער זיכער באַלד שטאַרבן. זיכער!

איז טייקעף אָפּגעזוכט געװאָרן א האַנט־װעגעלע, אַף װעלכן מע האָט אַרופגעװאָרפן דעם האַלב־טויטן גוף און אים באַלד טאַקע אָפּגעפירט אַף איינעם פון די נײַע בעסוילעמס, װוּ עס װאַרטן אַף זייער ריי געבראַכט װערן צו קװורע הונדערטער פון הונגער אויסגעגאַנגענע מענטשן.

דאַן איז אַפילו אַף יורי פּערעלמאַנען אַרופגעפאַלן א מין אויסלײַטע־רונג.

— איר באַנעמט כאָטש, — האָט ער אַרײַנגערעדט אין פּיִװוּע קליינ־מאַנען, — װי די דײַטשן האָבן אַזאַ גרויסע, שיינע און רוישיקע שטאָט, װוּ אונדזערע, פאַרװאַנדלט אין א פּאַרשטיבל צו די אַלטע און נײַע בעסוי־לעמס, איר באַנעמט כאָטש דעם גרויסן אומגליק, װאָס איז געשען?

אַזוי האָבן זיך געצויגן אָן א פּונק האָפענונג װאָכן און כאַדאָשים, ביז אין איינעם א טאָג פון אָקטיאַבער טויזנט נײַן הונדערט זיבעצן האָט, װי א פּלוצעם אָנגעלאָפענער װינט, אויך אַהער זיך אַרײַנגעריסן א נײַס:

— אין רוסלאַנד, — איז יויסעף בערמאַן גרייט געװוען כאָטש טאָג און נאַכט אַרײַנשרײַען אין יעדער גאַס און געסל, — אין רוסלאַנד האָבן די באָלשעװיקעס פאַרכאַפּט די גאַנצענע מאַכט!

אָבער דאָ, אין דער גרויסער ליטװישער שטאָט, איז דערװײַל אַלץ נאָך פאַרבליבן װי געװען. װי פריִער, האָט קיינער אָן א ספּעציִעלער דערלוי־בעניש ניט געטאָרט אַרײַנפאָרן און אַרויספאָרן, ניט געטאָרט קיין זאַך אַרײַנפירן און אַרויספירן. און טאָמער האָט װער אַמאָל מיט א זײַטיקן װעג געלאָזט זיך ערגעץ־װוּ גיין אָדער פאָרן, איז ער פאַרהאַלטן געװאָרן דורך פעלד־זשאַנדאַרן, װאָס האָבן פאַר אַזאַ געװאַגטן שריט בלוטיק גע־

שלאָגן און צוגענומען אַלץ, וואָס אזא איינער האָט פאַרמאָגט. אַלץ איז געבליבן, ווי פריִער. ניט מער, אין די שפּעטע אָוונטן האָט אנטאנאס גע־דריס מיט דער שטומער באַווייליקונג פון אייניקע זעלנער פיל אָפטער גענו־מען זיך אַרויסרײַסן פון פּאַן פּאָניאַטאָווסקיס מילן און שײַערס, ווו ער איז, ווי א סאַך אַנדערע, אָפּגעקומען צוואַנגס־אַרבעט. פון געדריסעס אָפּטערן ווײַזן זיך אין שטאָט, פּונקט ווי פון די איבעראַשנדיקע נײַס, וואָס יויסעף בערמאַן האָט מיט אזא האַנאָע פאַרשפּרייט דאָ אין אַלע ווינקעלעך, האָט יורי פּערעלמאַנען געגומען דוכטן, אַז עפּעס אַן אומבאַמערקטע האַנט האָט צעריסן, צעפּליקט און אַפילע צו אַלדי רוכעס פאַרשליידערט די שטעכיקע דראָט־פאַרצוימונגען, מיט וועלכע עס זײַנען געווען אַרומגעגאַרטלט די גרויסע דײַטשישע צוואַנגס־לאַגערן.

איז יורי פּערעלמאַנען וואָס ווײַטער, אַלץ שווערער געוואָרן דאָס ציִען זיך נאָכן מאַיאָר פּאָן אָקסמאַן, און ניט זעלטן פלעגט זײַן פולבלעך פּאָנעם אַפילע זיך אזא קרים טאָן, ווי אים וואָלט פּלוצעם גימעס געוואָרן צו זײַן אַן אומגעבעטענער נאָכגייער נאָכן רוגזעדיקן קאָמענדאַנט. א שווײַגנדיקער פלעגט ער זיך דעמלט א לאָז טאָן אין גאָר אַן אַנדער ריכטונג. און פּונקט, ווי דער קאַלטלעך־גרויער דרויסן, אַזוי פאַרנעפּלט האָט אים גענומען אויס־זען די מעגלעכקײַט און עפּשער אויך די נייטיקײַט ווידער א קער צו טאָן די אָקופּירטע שטאָט צום אַלטן פאַרמילכאָמעדיקן לעבן. פאַרזאָרגט וועגן זײַן אייגענעם ווײַטערדיקן גוירל, האָט ער מער צו זיך אַליין, איידער צו פּײַוועס קליינמאַנען, וואָס איז געגאַנגען האַרט לעבן אים, גע־טײַנעט:

— וואָס וועט זײַן? און וואָס טוט מען, וואָס טוט מען?..

2

אַזוי ווי נאָך א שווערן קאָפּ־שווינדל, האָט אין פרומע מילנערס זיקאָרן גענומען אויפטויכן א דערינערונג, וויאַזוי דער פּאַן פּאָניאַטאָווסקי און גלײַך נאָך אים אויך יורי פּערעלמאַן האָבן זיך געהאַט אוועקגעלאָזט אין מאַגי־סטראַט און אַפילע דירעקט צו פּאַן אָקסמאַנען אין קאַבינעט, קעדיי בא אים פּויעלן, ער זאָל געבן א דערלויבעניש צו עפענען אין שטאָט ניט גלאַט אַזוי זיך א קיך פאַר נויטבאַדערפטיקע, נאָר דערהויפּט פאַר דער הונגערנ־דיקער אינטעליגענץ און שטאַרק געפאַלענעם מיטלשטאַנד. אין יענער צײַט, ווייסט פרומע, האָט אויך נאַפּטאָליע מערקין אויפגעשטעלט דעם שמאָלן קראַגן פון זײַן היפּשלעך אָפּגעטראָגענעם האַרבסט־מאַנטל און אויך

אוועקגעשפּאַנט צו פֿאָן אָקסמאַנען. וועגן דער דאָזיקער געשעעניש איז פּרומע מילנער א לאַנגע צײַט גרייט געווען צו דערמאָנען סײַ זיך און סײַ אַנדערע:

— נאַפּטאַליע מערקין, ווי אלע ווייסן, האָט קיינמאָל ניט פֿאַרמאָגט, ווי דער פֿאָן פּאַניאַטאָווסקי, קיין אייגענע מױערן, קיין מילן און קיין פֿול־געפּאַקטע שפּײַכלערס. און אוודאי איז בא נאַפּטאַליע מערקינען אין דער מישפּאָכע ניט געווען קיין עלעגאַנטע פּרײַלן, וואָס זאָל גרייט זײַן קומען צו פֿאָן אָקסמאַנען אהיים יעדעס מאָל, ווען זי וויל עפּעס־וואָס פֿויעלן פֿאַר זיך אָדער פֿאַר איר רײַכן טאַטן.

— נאַפּטאַליע מערקין, — פֿלעגט זי מיט צופֿרידנקײַט צוגעבן, — איז אָבער אָן אָנגעזעענער טוער אין די בונדישע קרײַזן, און דאָס, קענטיק, איז גענוג געווען, אז אויך ער זאָל, פּונקט ווי פּאַניאַטאָווסקי און יורי פּערעלמאַן, באַקומען דאָס רעכט צו עפֿענען א וואָלוועלע קיך. און נאָך ווי, כאַווײרים, עפֿענען? מיט די הוילע, קאָן מען זאָגן, פֿינגער, אָן א גראָשן אױף קירעוואַניע...

אָבער וועגן יענער היספּײַלעס, וואָס נאַפּטאַליע מערקינס דערפֿאָלג האָט דאַן בא אייניקע ווירקלעך געהאַט ארויסגערופֿן, האָט פּרומע געסטאַרעט זיך בעסער שוין מער ניט דערמאָנען. און אויב זי פֿלעגט אמאָל בלויז אָנ־דײַטן אױף דעם, פֿלעגן זיך איצט טייקעף געפֿינען אזעלכע, וואָס האָבן עס אופּגענומען מיט אָפֿענעם פֿאַרדראָס:

— נאָר זי וואָלט זיך געצאַצקעט מיט איר נאַפּטאַליע מערקינען און זײַנע אופּטוען, — האָט רייזל, יויסעף בערמאַנס פֿרוי, ניט איין מאָל שוין באַמערקט. — אָבער, אז ער, כאָלילע, זאָל ווען דערלויבן זיך וועגן איר זאָגן א גוט וואָרט, דאָס האָט מען דערווײַל נאָך ניט געהערט! די קיך איז מער פֿאַר אים, ווי פֿאַר אונדז!..

מערקין האָט געפֿילט דעם אָנוואַקסנדיקן אײַנרײַס צווישן אים און די קיך־באַזוכער, וואָס האָבן געהאַפּט און אַלץ ניט געקאָנט זיך דערוואַרטן אױף א לינדערונג פֿון זייער נויט. ער איז געווען זיכער, אז די אלע רייד קעגן אים זײַנען א רעזולטאַט בלויז דערפֿון, וואָס די באַהאַלטענע באַלשע־וויקעס העצן אונטער די מענטשן. שוין צו אָפּט האָט אָנגעהויבן ארײַנקומען אין קיך אַנטאַנאַס געדריס, צו אופּמערקזאַם הערט מען זיך צו צו יויסעף בערמאַנס נײַס, וואָס לויט זײַן, נאַפּטאַליע מערקינס, איבערצײַגונג, רײַסן זיי ארונטער די יעסוידעס פֿון יעטווידער אָרדענונג... נאָר אָפֿן ארויסזאָגן זײַן מיינונג האָט ער דערווײַל ניט געוואָלט צי ניט געוואַגט. איינמאָל האָט ער דאָך ניט אויסגעהאַלטן, אפּגיך ארויס פֿון יענעם אָפּגעצאַמטן

ווינקל, וואָס האָט אים געדינט אלס א מין קאָנטראַל, געכאפּט א באַרויגעז־פאַרדעכטיקן קוק אפן ארומיקן אוילעם און א רוף געטאָן פרומע מילנער.

— איר גייט? — האָט ער זי שטרענגלעך־וואָרענענדיק, גלייך ער וואָלט זי וועלן ראטעווען פונעם ניט דאנקבארן קיך־אוילעם, א פרעג געטאָן. — קומט, כאווערטע מילנער, מיר האָבן נאָך היינט א נייטיקע זיצונג.

— היינט? — האָט אים פרומע איבערגעפרעגט, און אין איר קאָל און אפילע אין איר גאנצן אויסזען האָט זיך געפילט מער צופרידנקייט פון זיין אָפּענער ווענדונג צו איר, איידער פון דעם, וואָס היינט וועט טאקע פאָרקומען אזא „נייטיקע זיצונג".

מערקין האָט ווי אלעמען אף צולאָכעס גענומען דערציילן פרומען וועגן איינעם א צוזאָג פון מאגיסטראט ארויסצוגעבן (און עפשער טאקע אין דער סאמע נאָענטער צייט) אף יעדן פארעגיסטרירטן קיך־באזוכער נאָך צו דריי פונט ברוטשקע.

— און אזויווי ברוטשקע, — האָט ער טייקעף צוגעגעבן ניט אָן זעלבסטצופרידנקייט, — וועט מיר, ווארשיינלעך, געלינגען ארויסבאקומען פאר אלע באזוכער, אריינרעכנענדיק אפילע די געשטאָרבענע פאר די לעצטע פאָר כאדאָשים, נו, איז פארשטייט איר דאָך אליין, אז די עמעסע וואָג ברוטשקע וועט אויסמאכן פאר יעדערן, קאָן מען זאָגן, צוויי מאָל, אויב ניט דריי מאָל מער!

געזאָגט איז דאָס געוואָרן ווי אלפי־סאָד, אָבער דאָך אזוי, אז אויך אנדערע זאָלן עס הערן און עפשער אויך דרינגען, אז זיין, נאפּטאָליע מערקינס, אָנזען אין די „הויכע פענצטער" פארגרעסערט זיך אין דער זעלבער פראָפּאָרץ, וואָס אנטאנאס געדריסעס בורעניש קעגן אים און זיין טעטיקייט.

— קומט, — האָט שוין אנטשיידן געקלונגען נאפּטאָליע מערקינס רוף, — מיר האָבן נאָך היינט א רעכט ביסל צו טאָן!

א שפּעטער הארבסט האָט זיך געראנגלט מיט אן אָנהייב ווינטער. זיינען טעג געשטאנען אָט נאסע, טונקעלע און ווינטיקע און אָט טרוקענע, ליכטיקע און אמאָל אויך זוניקע. אָבער קיינער האָט זיך ניט ארומגעקוקט אף דעם. יעדערער איז ווי פול געווען מיט איין הויפּט־פארלאנג: וואָס מער און גענויער זיך דערוויסן וועגן יענע אופטרייסלענדיקע געשעענישן, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין פעטראָגראד און אין מאָסקווע. איז מען אָפּטער

געקומען אין קיך און מער נאָך גענומען קלעפּן צו אנטאנאס געדריסן, צו יויסעף בערמאנען און ניט ווייניקער צו זייער כאוועך זיגמונד אָלשעווסקין. ריידן מיט דעם דאָזיקן דרייַלינג פלעגט מען שטיל, און זיי, ווידער, פלעגן ענטפערן נאָך שטילער, דאָך האָבן זיך אלע דערוווּסט, ווי:אזוי דעם דריטן אפּרעל איז דער הויפּט פון די באָלשעוויקעס, דער כאוועך לענין, צוריקגעקומען קיין רוסלאנד און אפן פינלענדישן וואָקזאל אין פּעטראָגראַד זייַנען אים, לענינען, געקומען באגעגענען טויזנטער ארבעטער, סאָלדאטן און מאטראָסן; ווי:אזוי לענין און די באָלשעוויקעס האָבן געגרייט און דורכגעפירט די סאָציאַליסטישע רעוואָליוציע.

עס האָט קיינער פון יענע קיך־באזוכער קיינמאָל ניט געזען און בעמיילע ניט געהערט ריידן לענינען, דאָך האָט אים יעדערער געקענט. גענוג געווען דערמאָנען זייַן נאָמען, ווי טייקעף פלעגן אלע ארום ווערן שטיל פון טיפן רעספּעקט צום דאָזיקן נאָמען. ערשט שפּעטער א רעגע פלעגט ווער איבערפרעגן מיט א פאָרכטיק קאָל, קעדיי עמעצער זאָל ווידער און אָבער דערציילן וועגן לענינען און וועגן דער רעוואָליוציע אין רוסלאנד:

— גוט, פייַן, אָבער דאָס איז טאקע אלץ עמעס? עמעס, אז די גאנצענע מאכט געהער צו די ארבעטער און פויערים?

— נאָך א מין עמעס, — האָט יויסעף בערמאן מיט פלאם באשטעטיקט, — נאָך א מין!..

נאפּטאָליע מערקין איז געשטאנען אין סאמע מיטן פון דער ברודיקער קיך, קענטיק אליין ניט וויסנדיק, וואָס פרי:ער צו טאָן: זיך פרווון דערוויסן, וועגן וואָס אנטאנאס געדריס סוידעט זיך אזוי געשמאק מיט דער פאָרזיצערן פונעם נאָדל־פאריין פראדל ווייַסמאן, אָדער א זאָג טאָן עפּעס אזוינס, וואָס זאָל אָפּקילן בערמאנס פריידיקע צעהיצטקייַט, וועלכע שייַנט אראָפּ פון זייַן מאָגער פּאָנעם. אָבער גראָד אין יענער רעגע איז אנטאנאס געדריס אליין צו אים צוגעגאנגען און רו:יק, קימאט גלייַכגילטיק פארגעבן אזא, דוכט זיך, פּאָשעטע פראגע:

— כאוועך מערקין, עפּשער וואָלטן מיר געמאכט א זיצונג פון דער צענטראַל־ביוראָ פון די פּראָפאריינען?

— אָט באלד? שוין? — פרעגט איבער נאפּטאָליע מערקין מיט קוים אויסבאהאלטענער איראָניע. — טאקע הייַנט?

— אפילע הייַנט! — פילט זיך א פעסטקייַט אין געדריסעס יעדן וואָרט. — מיט פראדלען האָב איך אָקאָרשט גערעדט וועגן דעם.

— נו? — באוויַזט זיך א שאָטן פון אומצופרידנקייַט אף מערקינס פּאָנעם.

— פראדל איז — פאר!

— און פראגן? — פרעגט מערקין פאָרזיכטיק, צוריקגעהאלטן, אָבער דאָך אזוי, מע זאָל פילן, אז ער האָט דערפארונג אין אזעלכע איניאָנים. — און פראגן? איך מיין: א שטיקל טאָג־אָרדענונג האָט איר שוין עפשער אויך צוגעגרייט?

— אבי געזונט, — האָט אנטאנאס געדריסעס א וויץ זיך ווי געוויקלט ארום מערקינס באלערנדיקן טאָן, — אין פראגן וועט קיין מעניע ניט זיין!

מער ריידן זיי ניט. א לייכט צעטומלטער, פארלאָזט מערקין די קיך. ערשט אף יענער זייט טיר האָט ער אפגיך פון אויבן ביז אראָפּ געגומען פארקנעפלען דעם שמאָלן, לענגלעכן הארבסט־מאנטל, באמיענדיק זיך, קענטיק, כאָטש דערמיט עטוואָס צוריק אופשטעלן די רויקייט, וואָס האָט אים בייס זיין קורצן שמועס מיט געדריסן קימאט אינגאנצן פארלאָזט. מער פון אלץ האָט אים פארדראָסן אף פראדלס גרייטקייט: „אפילע היינט" אופצורופן א זיצונג פון צענטראל־ביוראָ. „ווי מע טאָר דאָס אזא פראדל ניט ארויסלאָזן פון אויג, — האָט ער א טראכט געטאָן, — אזא, ווי זי, קאָן מען גאָר לייכט איינריידן, אז בלויז אנטאנאס געדריס און די זייניקע פארשטייען, וואָס הייסט עמעסע רעוואָליוציע... א געלעכטער, כלעבן!"

פון דעם געדאנק ווערט נאפטאָליע מערקין זיכערער בא זיך, זיין טראָט ווערט פעסטער און דאָס פארוואָלקנטע פאָנעם הייבט אָן צוביסלעך זיך אויסלייטערן.

3

נאכט. אף די גאסן איז געוועזן אזוי שטיל, אז אנטאנאס געדריס האָט קימאט דייטלעך געהערט יעדן אָפּקלאנג פון די שווער־פאלנדיקע רעגן־טראָפּנס. בא פייווע קליינמאנס פארשלאָסענער בעקערייַ האָט ער דערזען ליגן א לאנגע ריי צונויפגעדרייטע מענטשן. אין די שווארץ־ברודיקע טראנטעס האָבן זיי אים אויסגעזען, ווי קליינע צונויפגעשאַרטע בערגלעך מיסט. הארט צוגערוקט אייגער צום אנדערן, זיך טיילנדיק אזוי מיט דעם לעצטן ברעקל וואַרעמקייט, וואָס איז נאָך פארבליבן אין זייערע אויסגעצערטע לייבער, האָבן די דאָזיקע מענטשן זיך ניט אופגעהערט קלאמערן אָן דעם פיצל האָפענונג, טאָמער וועט מען כאָטש היינט ניט פארשפעטיקן ארויסקריגן די הונגעריקע פּאָרציע — דאָס פערטעלע ברויט אפן טאָג...

פינצטער. ניט מער, באם צוואנגס־לאגער, הארט בא די דראָט־פארצוי־

מונגען, האָט געברענט אַן איינציקער לאַמטערן, וואָס האָט באַלויכטן אַן ענגן קרײַז אַרום דעם וואַכמאַן. אָבער אין די לאַנגע הילצערנע באַראַקן, ווו עס האָבן זיך געפונען די צוואַנגס־אַרבעטער, איז געווען נאָך פינצטערער און קעלטער, ווי אינעם צעקראָכענעם באַנאַכטיקן דרויסן.

נאָך מיט טעלעכע כאַדאָשים צוריק וואָלט אַנטאַנאַס געדריס זיך ניט אומגעקוקט ניט אויף דעם, וואָס ס׳קומט פאָר באַ פּײַוועַ קליינמאַנס פאַר־שלאָסענער בעקערײַ, און אויך ניט אויף דעם, ווי עס זעט אויס דער לאַגער. מע איז דאָך שוין אַזוי געוווינט געוואָרן דערצו פאַר די יאָרן פון אָקופּאַ־ציע. ער וואָלט טייקעף, ווי נאָר ער וואָלט אַרײַנגעשטעלט אַ פוס אַהער אין באַראַק, אײַנגעניורעט זיך אין דער ביז לעצט שוין, דוכט זיך, אָפּגעטראָגענער שינעל און, ווי אַלע מידע און שטאַרק הונגעריקע צוואַנגס־אַרבעטער, אַרײַנגעפאַלן אין אַן אומרויִקן שלאָף. אָבער זינט דער יעדזיע, אַז אין פּעטראָגראַד איז געשאַפן געוואָרן אַ סאָוועטישע רעגירונג מיט לענינען בעראָש, ווייסט אַנטאַנאַס געדריס ניט פון קיין רו. איז ער געזעסן אָפּן סאַמע ברעג פון דער לאַנגער נאַרע, דאָרט, וווּהין עס האָט שוין קימאַט ניט געגרייכט קיין קאַפּל שײַן פונעם קליינינקן קאַרביד־לעמפּל, געזעסן, מיט האַנאָע געשמייכלט און עפּשער אליין נאָך קלאָר ניט באַנו־מען, פון וואָס.

פון די זיגן, וואָס עס האַלטן אָפּ אין רוסלאַנד די באָלשעוויקעס? פון דעם, וואָס אין די לאַנגע נעכט כאַפּט שוין די „וואַכע" אַ דרעמל און מאַכט זיך ניט זעענדיק, אַז ער, אַנטאַנאַס געדריס, קאָן סײַ אַרויס פון באַראַק, סײַ אויך אַרײַן צוריק? אָדער עפּשער באַהעלט זײַן פולבלעך פּאָנעם אַ שמייכל דערפאַר, וואָס זײַן וואָרט און זײַן טעטיקײַט האָט אָנגעהויבן געפי־נען אַלץ מער פאַרשטענדעניש און מיטגעפיל באַ די אַרבעטער, וואָס קו־מען אין קיך, און עפּשער טאַקע אויך באַ פּראַדל ווײַסמאַן?

אַן אויסגעשלאָפענער, נאָך איידער ער האָט באַוויזן צומאַכן אַן אויג, דערהערט ער דעם געוווינטן פאַרטאָגיקן באַפעל:

— אופשטיין!

— אופשטיין! — באַפוילט דער גראָבער וואַכמײַסטער, ווענען אַלע קע־נען נאָך פון ערשטן אָקופּאַציע־יאָר, ווען ער איז געווען פּאָליצײַ־קאָמי־סאַר. — אופשטיין!

באַלד האָבן אַלע אַרופגעצויגן אויף זיך די פּאַרלאַטעטע הויזן מיט די געלע ברודיקע לאַמפּאַסן, אַרופגעכאַפּט אויף די פּלייצעס די שטאַרק אָפּגע־ניצטע שינעלן מיט די אָנגעמאָלטע נומערן אויף די אַרבל און אויף די רוקנס, אַרײַנגעשטעקט די פיס אין די גרויסע, שווערע הילצערנע שיך, — גרייט גיין צו דער אַלטער טשאַדענדיקער פעלד־קיך, קעדיי צו באַקומען דאָרט

אין די צעקנייטשטע, ווי צעבײַלטע, בלעכענע קײלים דאָס ביסל וואַרעמע, שוואַרצע און שטאַרק ביטערע קאַווע.

— קומט, — האָט יויסעף בערמאַן צוגעײַלט, — לאָמיר כאַטש מיט עפּעס אָנפּילן די פּוסטע קישקעס.

— און עפּשער אַ ביסל אויך דערוואַרעמען דעם פאַרפראָרענעם גוף, — האָט אים זיגמונד אָלשעווסקי אונטערגעהאַלטן.

אַנטאַנאַס געדריס באַמערקט אָבער, אַז די טריט בײַ אַלעמען זײַנען שווערער, ווי שטענדיק, און פון די פאַרוואַקסענע, לאַנג שוין ניט געוואָשענע פּנעמער קוקט אַראָפּ אַ מאָדנע בייזקײַט.

— זאָגט, דאָ האָט עפּעס געטראָפן? — לאָזט ער שטיל פאַלן אַן אומרויקע פראַגע.

— ניין, — ענטפערט בערמאַן ניט זיכער, — גאָרניט...

— אַלע, — איז אַנטאַנאַס געדריס באַשטאַנען אויף זײַן ערשטן אײַנדרוק, — אַלע זעט איר מיר אויס, ווי הונגעריקע וועלף וואָלטן אײַך באַפאַלן!

ערשט דאַן האָט יויסעף בערמאַן אַרויסגעברומט דאָס, וואָס אים האָט געפּרעסט דאָס האַרץ און אויף וואָס ס׳האָט זיך אים דאַפקע ניט געוואָלט ציִען געדריסעס אויפמערקזאַמקײַט:

— דער וואַכמײַסטער קריכט שוין ווידער פון דער הויט... איך האָב אפילע ניט געוואָלט דיר וועגן דעם זאָגן... אויך אָן דעם קלעקן דיר קאָפּדרייעניש... נאָר אַז דו באַשטייסט... דער וואַכמײַסטער איז עפּעס כּוישעד... ער האָט, קענטיק, מוירע, אַז ער וועט פאַרזאַמען דער ערשטער אויף אונדז אָנשטעלן די אָנגעלאָדענע ביקס...

— ריכטיק, — גיט אַ זאָג זיגמונד אָלשעווסקי מיט אַזאַ טאָן, ווי ער וואָלט דאַפקע וועלן, אַז בערמאַנס ווערטער זאָלן געפינען אָן אָפּקלאַנג בײַ אַנטאַנאַסן. — ריכטיק!

פּונקט אין דער רעגע גיט זיך אַ ווײַז אין הויף דער וואַכמײַסטער. ער קומט אָן אַזוי אומדערוואַרט, גלײַך עמעצער וואָלט אים פון ערגעץ אַהער אַראָפּגעוואָרפן. די צוואַנגס־אַרבעטער כאַפּן אַזאַ קוק אויפן פּלוצעם אָנגעקומענעם וואַכמײַסטער, ווי זיי וואָלטן אים דאָ דאָס ערשטע מאָל געזען. נאָר אַנדערש, ווי געווען, איז ער ניט געוואָרן. זײַן פעט לײַב האָט, ווי פריִער, אַרויסגעשפּאַרט פון דער ענגער מיליטערישער אוניפאָרם און דאָס רונדע לײַכטע (ווי די אַמאָליקע אַרעסטאַנטישע) היטעלע אויפן קאָפּ האָט נאָך מער אונטערגעשטראָכן די ברייטע צעפּאָרנקײַט פון זײַן פּנעם, וואָס רופט אַרויס פאַרדאַכט און עקל.

— זעט נאָר, — האָט זיגמונד אָנגעוויזן אויפן וואַכמײַסטערס פאַרשוויצט פּנעם, — ער איז דאָך ווי אַ קאָרשט פון אַ הייסן אויוון אַרויס!

דער וואכמײַסטער באוויַיזט ניט אופכאפּן, ווען מיינט אַלשעווסקי מיט אָט דער באמערקונג, נאָר טייקעף הערן אלע זײַן באפעל:

— רויִק. אבער קיינע געשפּרעכן היר!

ער האָט זיך א לאָז געטאָן אין באראק און גענומען טאפּן און טרייס־לען דאָס ביסל לאנג שוין צעריבענע שטרוי, וואָס איז נאָך וויִ־ניט־וויִ פארבליבן אף די דורכויסיקע, פון וואנט צו וואנט, צווייִשטאָקיקע נארעס. איצט האָט שוין מער קיינער ניט געצווייפלט, אז דעם וואכמײַסטער נעמט אלץ מער שרעקן, צי וועלן די געשעענישן אין פּעטראָגראד, מאָסקווע און אין אנדערע שטעט פונעם באפרײַטן רוסלאנד זיך ניט אריבערטראָגן אהער, אין דער אָקופּירטער געגנט.

די צוואנגס־ארבעטער האָבן געוווּסט: ער זוכט באַלשעוויסטישע ליטע־ראטור און, דעריקער, אויסבאהאלטן געווער. געזעדט וועגן דעם האָט מען שטיל און פארשטעלט:

— זעט נאָר, — ווינקט זיגמונד אפּן וואכמײַסטער, — ווי עס בײַסט אים, נעבעך!

— יאָ, — שטימט עמעצער אײַן, — מע וועט אים נאָך דארפן שלעפּן אין באָד!

בא בערמאנען איז דאָס פּאָנעם פּלוצלינג געוואָרן אזוי בלאס, ווי עס וואָלט אנטרונען פון דעם דער לעצטער טראָפּן בלוט. אנטאנאס געדריסעס קליינע, אָבער שטענדיק אזעלכע לויכטנדיקע אויגן, האָט ער דערזען, זײַ־נען פארלאָפן געוואָרן פון אײַנגעהאלטענער אופגעבראכטקייט. נאָר ניט לאָזן זיך פּראָוואָצירן אף א פּריצײַטיקער ארויסטרעטונג! — האָט בער־מאנען באהערשט בלויז איין פארלאנג.

— וואָס איז דאָ ווײַטער פאר א ראָיעניש? — האָט געדריס זיך א שטעל געטאָן לעם דעם וואכמײַסטער און געכאפּט אזא קוק אף די צוואנגס־ארבעטער, ווי ער וואָלט זיי גערופן צו א באלדיקן ווידערשטאנד.

— וואָס?! — האָבן אלע דערהערט דעם וואכמײַסטערס שטוינענדיקן אויסגעשריי.

— יאטן, — האָט דאן געדריסעס רוף אָפּגעקלונגען, ווי א וואָרענונג, — יאטן!

א ברום, ווי א קרעכץ, האָט זיך דורכגעטראָגן אין דער לופט, גלײַך יעדערער וואָלט צונויפגענומען זײַן ביז איצט טיף אויסבאהאלטענעם, אָבער וואכנדיקן צאָרן און אים א שלײַדער געטאָן אינעם ברייט צעפּאָ־רענעם וואכמײַסטער.

די זעלנער זײַנען געבליבן שטיין אָפּהענטיק, פּונקט ווי זיי וואָלטן דערפילט דעם דערוואכטן קויעך.

דאָס קארביד־לעמפּל איז שוין געווען אויסגעלאָשן. א גרויסער, דורכדרינגלעך־קאלטער פרימאָרגן האָט ארײַנגעקוקט אין די קלײנע, ביז העלפט מיט ברעטלעך פארהאקטע באראק־פענצטער. ווי שטענדיק אין אָט דער צײַט, האָבן אויך דאן די צוואנגס־ארבעטער זיך אויסגעשטעלט צו פינף אין א ריי, גרייטע ארויסמארשירן צו דער ארבעט. אָבער ניט זיי, ניט דער וואכמײַסטער און די זעלנער האָבן שוין ניט געקאָנט פארגעסן אנטאנאס געדריסעס דרייסטן, ליכטיקן רוף:

— יאטן!..

4

עס איז געווען שוין ווײַט נאָך האלבן טאָג, דאָך איז דער בײַכיקער לאָמפּ, וואָס איז אראָפּגעהאנגען פון סאמע מיטן קיך־סופיט, נאָך אלץ ניט געווען אָנגעצונדן. אָבער קײנעם איז דאָס איבעריקס ניט אָנגעגאנגען, סײַווי איז שוין דאָס ביסל שיטערע זופּ ניט נאָר געווען צעטײלט, נאָר אויך אראָפּגעשלונגען. דאָך האָט קײנער ניט געוואָלט פארלאָזן די קיך. ס'האָט זיך אלץ געדאכט: טאָמער איז נאָך אפן דעק פונעם גרויסן אײַזערנעם קיך־קעסל געבליבן א ביסל זופּ, וואָס מע וועט צעטײלן ווי א צוגאָב...

אנטאנאס האָט ניט ארויסגעקוקט אף דער גרויפּ און אפן ביסל הײסן וואסער. ער איז שווײַגנדיק געזעסן און געווארט, אז פראדל ווײַסמאן זאָל צו אים צוגײן, געוואָלט, אז ניט ער, נאָר זי, די פּאָרזיצערן פונעם נאָדלפאריין, זאָל די ערשטע מיט אים אָנהײבן ריידן וועגן דעם, וועלכע שריט דארף מען פאָרנעמען, קעדיי א וועגד טאָן די פּראָפּארײנישע ארבעט אפן וועג פון דירעקטן פּאָליטישן קאמף פאר מאכט. דאָס איז ניט געווען קײן אמביציע. ניט וועגן אלץ וואָלט ער אין אלעמענס אָנוועזנהײַט געוואָלט ריידן מיט פראדלען. אָבער דערמאָנען איר, אז נאָר די אָרטיקע באָלשעוויקעס זײַנען געווען די, וואָס האָבן ניט אײן מאָל געהאָלפן די ארבעטער דערפירן ביז א זיג א סאך שווערע, פארצויגענע שטרײַקן, דאָס וואָלט עפּשער יאָ נייטיק געווען. פון זײַן עטוואָס אָנגעכמורעט שווײַגן האָט פראדל זיך אָנגעשטויסן וועגן זײַן מיין. איז איר ניט אָנגעגאנגען, וואָס עס קאָנען דאָ זאָגן וועגן איר פרומע מילנער אָדער נאפּטאָליע מערקין, וועלכער טרעט שוין ניט אָפּ פון זײַן קלײנינקן צימערל. א קינדערש־צוגעלאָזענע, דערלויבט זי זיך ארופלײגן איר ווײַסע פולבלעכע האנט אף אנטאנאס געדריסעס פּעסטער פּלײצע, קעדיי כאָטש מיט דעם צעשטרײען זײַן לײַכטע און, ווי זי איז זיכער געווען, גערעכטע אומצופרידנקײַט.

— גוט, — זאָגט זי אים, — וואָס דו קענסט כאָטש אף א ווײַלע זיך

ארויסרײַסן פונעם פּאַסקודנעם לאַגער און זײַן דאָ א רעגעלע מיט אונדז.
גוט!..

נאָר אַנטאַנאַסן איז ווייניק געווען הערן בלויז א פּרײַנטלעך וואָרט.

— כאַווערטע ווײַסמאַן, — קלינגט זײַן קאָל, — מע דאַרף עפּעס טאָן, אַז די זיצונג פון צענטראַל־ביוראָ זאָל וואָס גיכער פּאָרקומען, אויב אַפילע דאָס זאָל עמעץ־וועמען ניט שמעקן!

אין קיך האָט פּלוצעם אַזאַ רודער געטאָן, גלײַך עמעצער, א שטאַרק אופגערעגטער, וואָלט א האַסטיקן שטויס געטאָן פון זיך א בענקל צי א טישל. נאָך איידער מע באַווײַזט ווי געהעריק זיך ארומקוקן, גיט זיך אָן עפן דאָס טירל פון קליינינקן צימערל און אַלע דערהערן א באַרויגעזט וואָרענונג:

— כאַוויירים, — דערקענט מען נאַפּטאַליע מערקינס קאָל, — אויב מע וועט זיך ווײַטער אַזוי קלײַבן אַהער פון אַלע לאַגערן און נאָך פּאַרפירן פאַרשיידענע ריידערײַען... פאַרשטייט איר דאָך אַליין, אַז פאַן אָקסמאַן וועט פאַרמאַכן די קיך איינינעם מיט אונדזערע מײַלער... און דעמלט...

אַלע זײַנען נײַגעריק: וואָס נאָך וועט זאָגן מערקין?

— נאַפּטאַליע, — רופט זיך אָן דאָבל די פּאַפּיראָסן־מאַכערקע, — נאַפּטאַליע מערקין רעדט און דערעדט ניט... זעט נאָר, צי האָט ער אַמאָל ניט דערשמעקט, אַז דאָ הייבט זיך עפּעס אָן ניט אָף קיין קאַטאָוועס!

— אויב אַזוי, — גיט אויך רייזל א זאָג, — טאָ זאָל זיך טאַקע גיכער אָנהייבן... וועט מען זען: ווער וואָס עס האָט די ווערט.

פּראַדל ווײַסמאַן ווערט אַזוי ערנסט און צוריקגעהאַלטן, גלײַך ערשט איצט וואָלט צו איר דערגאַנגען, אַז אַלץ, וואָס דאָ איז געזאָגט געוואָרן וועגן מערקינען, איז טאַקע ריכטיק און דעריבער איז שוין צײַט, זי זאָל איבערײַסן יעטווידע באַציִונג מיט אים. נאָר טייקעף זיך באַשליסן אָף אַזאַ שריט, — דאָס האָט זי נאָך דערווײַל בא זיך ניט געפּויעלט. איר איז קיינמאָל ניט גרינג געווען צו זאָגן „יאָ", פּונקט ווי איר איז ניט גרינג געווען צו זאָגן „ניין". פּראַדלען האָט זיך אַפילע געוואָלט, אַז די דאָזיקע שווערקײַט, וואָס זי פילט באַם אויסריידן אָט די צוויי ווערטער, זאָל איר נאָכגיין דאָס גאַנצע לעבן, אַזוי פּרעמד איז איר געווען לײַכטזיניקײַט.

— נאַפּטאַליע מערקין, — זאָגט איר אַנטאַנאַס פּאָרזיכטיק, — נאַפּטאַליע מערקין מיט זײַנע סטראַשונקעלעך, אַז עס קאָן ווער ווייסט וואָס געשען פון קלײַבן זיך אין קיך, ווייל, זע איך, דאָ מאַכן א בייז לעבן צווישן מיר און די הונגעריקע קיך־באַזוכער... דו מיינסט עפּשער, אַז ניט?

— הער, — האָט זיך פּראַדל קימאַט ווי געבעטן בא אים, — דו ווייסט דאָך אָבער... סײַ אין פּאַריין, סײַ אין קיך בין איך שטענדיק פאַרנומען ביז

איבערן קאָפּ. איך האָב ניט אַפילע קיין פרייַע מינוט ווי געהעריק זיך ארומקוקן, זען און באַנעמען אַלץ... טאָ לאָז מיך פריִער א ביסל זיך ארומטאָן, וועל איך דעמלט...

פון פּראַדלס פּאָשעטע, אָבער גערעכטע רייד דערפילט אַנטאַנאַס אָנגענעמע וואַרעמקייַט, ווי פון א באַרירונג מיט א ליב קינד.

— נו, מיילע, — דערווידערט ער ניט, ער זעט דאָך, אַז מע דאַרף פּראַדלען לאָזן אַליין אַלץ באַנעמען און פאַרשטיין. — איך גיי.

אָט דאָן האָבן אויך אַנדערע אָנגעהויבן פאַרלאָזן די קיך. אַזוי פלעגט זייַן קימאַט שטענדיק, ווען אַנטאַנאַס געדריס און זייַנע כאַווייִרים פלעגן נעמען אַוועקגיין. בלויז אינעם קליינעם צימערל האָט זיך אַלץ נאָך געפונען נאַפּטאָליע מערקין, און אין פינצטערן קיך־ווינקל, דאָרט, וווּ עס איז געווען אייַנגעמויערט דער גרויסער אייַזערנער קעסל, האָט זיך אַלץ געפּאָרעט פרומע מילנער.

די דאָזיקע קימאַט פולע פאַרלאָזטקייַט האָט פּראַדלען געשטויסן גיכער אַלץ אָפּטאָן, קעדיי אויך אַוועקגיין. זי האָט אייַליק צונויפגענומען די שווערע, צעשלייַדערטע איבער די טישן ליימענע שיסעלעך און גרינגע, ווי טרוקענע שפּענדלעך, הילצערנע לעפל און גיך און געשיקט גענומען זיי וואַשן. נאָר געגוג געווען, זי זאָל זיך דערמאָנען, וואָס אַנטאַנאַס האָט איר געזאָגט וועגן מערקינען, ווי זי האָט טייקעף אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם גראָבן לייַוונטענעם פאַרטעך און איז געבליבן שטיין, גרייט אַף א קלאָרן, ענערגישן שמועס.

— דו גייסט? — האָט זי געפרעגט נאַפּטאָליע מערקינען, ווי זי וואָלט נאָך פריִער געהאַט מיט אים אָפּגערעדט, וווהין צו גיין. — מיר דאַרפן זיך דורכריידן.

— וועגן א וויכטיקן איניען? — קוקט ער זי אָן מיט א פאַרשנדיקן בליק.

— פאַר מיר איז ער וויכטיק! — קלינגט איר ענטפער. — און ווי דאָס וועט זייַן פאַר דיר, וועלן מיר שפּעטער זען... מיר דאַרפן זיך פאַרשטענדיקן וועגן צונויפרופן די צענטראַל־ביוראָ פון די פּראָפעסיִאָנעלע פאַרייַנען.

— גוט, — שטימט ער אייַן, גלייַך עס וואָלט געגאַנגען א רייד וועגן אַן איניען, וואָס קאָן ניט אַרויסרופן די מינדסטע דערווידערונג. נאָר טייקעף, פּונקט ווי ער וואָלט זיך נאָך אין עפּעס דערמאָנט, גיט ער צו: — דו גייסט דאָך אַוואַדע צו זיך אין פאַריין? טאָ גיי זיך דיר דערווייַל געזונטערהייט, און איך וועל מיסטאַמע באַלד אויך אונטערקומען...

— אָבער, — וואָרנט זי אים פרייַנטלעך, — אָן צו לאַנגע פאַרשלעפּענישן.

געוועזן איז אין קיך פּוסט און טונקל. די שײַן פון דעם איינציקן קאַר־ביד־לאָמפּ האָט ניט געקלעקט אפילע אף צו באלײַכטן דעם אָנגעטראָגענעם ברוד, וואָס האָט באדעקט דעם גאנצן דיל. און פרומע מילנער, א שוויַגנ־דיקע, ווי זי וואָלט גאָר ניט געהערט און ניט געזען, וואָס ארום איר קומט פאָר, האָט זיך אַלץ נאָך געפּאָרעט באַם קעסל.

כאָטש נאפּטאָליע מערקין און פרומע מילנער האָבן געוווינט באזונדער און קיינער האָט קיינמאָל ניט געהערט, זיי זאָלן ווען איינער דעם אנדערן זאָגן „דו", דאָך האָבן אלע געוווּסט, אז ער לעבט מיט איר. נאָר געטאדלט פאר דעם האָט זיי קיינער ניט. אייניקע זײַנען אפילע גרייט געווען צו פארענטפערן מערקינען:

— ער איז אזוי, נעבעך, ארײַנגעטאָן אין קלאל־איניאָנים, אז אים בלײַבט קיין צײַט ניט פאר א נאָרמאל מענטשלעך לעבן.

פראדל האָט אָבער געוווּסט, אז פרומע איז נאפּטאָליען לאנג שוין ניט צום הארצן און ער איז גאָר ניט אזוי גלײַכגילטיק צו יונגע, שיינע און פריילעכע, ווי ער מאכט דעם אָנשטעל. אז דאָס איז אזוי, וואָלט זי געקענט דערווײַזן מיט א סאך בײַשפּילן, און, דעריקער, מיט זײַן אָפּטלעכער אופּ־מערקזאמקײַט טאקע גופע צו איר אליין. אזוי, אלנפאלס, ווייסט פראדל, איז געווען, ביז מערקין האָט אין אנטאנאס געדריסן דערפילט א לעבנס־סאקאָנע.

אָבער וואָס איז מיט אים איצט, מיט מערקינען? פארוואָס וויל ער דאָ בלײַבן אויג־אף־אויג מיט פרומען? — איז זי געווען נײַגעריק צו וויסן. — עפּשער וויל ער אפּאנעמעסן פארמאכן די אויגן אף דער גאנצער וועלט און אָנהייבן לעבן טאקע נאָר פאר זיך...

## 5

וואָס לענגער נאפּטאָליע מערקין האָט זיך פארהאלטן אין גאס, אלץ מער האָט ער זיך צונויפגעלעבט מיט דער הארבסטיקער פיַנצטערניש. אָט גייט ער פארבײַ דעם הויז, וווּ עס געפינט זיך די גרויסע שטאָט־קראָם. עפּעס דרייט זיך דאָרט ארום א רעכט ביסל מענטשן. נאפּטאָליען האָט דאָס ניט איבעראשט. מיט פארגעניגן האָט ער א טראכט געטאָן, אז ער ווייסט אַלץ, וואָס און ווו אין שטאָט קומט פאָר. נאָך באטאָג האָט ער זיך דערוווּסט, אז לעבן דער קראָם האָט זיך הײַנט אָפּגעשטעלט א גוט צוגע־דעקטע פור, און וויבאלד א פור, איז דאָך קלאָר, אז מע האָט אהין עפּעס וואָס צוגעפירט, עפּעס וועט מען שוין דאָרטן מאָרגן „געבן". שפּירן

מענטשן נאָך דעם רייעך ארום דער קראָם, ווילן זיך אָנשטויסן, וואָס האָט מען געבראכט און וואָס וועט מען „געבן“.

זאָל דאָס געווען טרעפן מיט עטלעכע כאדאָשים צוריק, וואָלט מערקין קיין וועזן ניט געמאכט פון דער שפּעט־אָוונטיקער באַגעגעניש. מיט אַן אופגעהויבענעם קאָפּ און פאַרשטײַפטער פיגור וואָלט ער געגומען גיין גיכער, קעדיי אַלע זאָלן פאַרשטיין, אַז ער איז צופיל פאַרנומען מיט וויכטיקע קלאַל־איניאָנים און קאָן דעריבער זיך ניט דערלויבן אָפּשטעלן צוליב קלייניקײַטן. איצט אָבער האָט ער ניט נאָר זיך אָפּגעשטעלט, נאָר איז אפילע צוגעגאנגען צום אוילעם און גענומען אייצען דאָ איינעם, דאָ אַ צווייטן און אַ דריטן:

— דרייט זיך דאָ ווייניקער ארום, פאַרנעמט בעסער אַן אָרט אין דער ריי. מאַשמאָעס, — גיט ער צו, — אַז מע וועט הײַנט אָדער מאָרגן טיילן דאָ צו הונדערט גראַם שמיר־זייף.

— איר ווייסט ניט? — האָט אים עמעצער אונטערגערוקט ווי אַ גרויסן סאָד אַ פראַגע. — עפּשער וועט מען אויך געבן אַף אַ מענטשן כאָטש אַ לויט קעראָסין?

— אויך דאָס ווילט איר? — האָט זיך אַ קאַפּריזלעכער שמייכל באַוויזן אַף נאַפּטאָליעס שמאָלע ליפּן. — פון דעם מין, מײַן טײַערער, ווייסט איר, מיסטאמע, אַזוי גוט, ווי איך, פאַרמאָגן די יעקעס קאַדאָכעס מיט קאָשערע פּאָדעם!

נאַפּטאָליע מערקינען איז אָנגענעם געווען סײַ די דאָזיקע צופעליקע באַגעגעניש, סײַ זײַן אייגענע שאַרפלעכע באַמערקונג וועגן די „יעקעס“, ווי מע האָט דאָ גערופן די אָקופּאַנטן. די שטימונג איז בא אים געוואָרן אַ בעסערע, און עס האָט זיך אים אפילע גענומען דוכטן, אַז אַלע צווישנפאַרטײַישע באַציִונגען הייבן אים אָן צו ווערן פיל קלאָרער. „ווער פאַרשטייט דען ניט, — טראַכט ער, — פאַרוואָס אַנטאַנאַס געדריסן און אַנדערע ברענט אַזוי מיטן צונויפרופן אַ זיצונג פון צעבע. איז דען ניט קלאָר, אַז דער דאָזיקער אַנטאַנאַס מיינט דאָ ניט עפּעס אַנדערש, ווי נאָר אײַנשפּאַנען די גאַנצע שטאָטישע צענטראַל־ביוראָ פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן אין זײַן אייגענעם רײַטוואָגן?!“

דער דאָזיקער געדאַנק האָט שטאַרק אָפּגעקילט נאַפּטאָליע מערקינס גרייטקײַט צו גיין אין פאַריין. שוין באַלד איז ער געשטאַנען לעבן דעם טעלעפאָן־אַפּאַראַט אין דער פּוסטער שוואַך־באַלויכטענער אַפּטייק, מאַכנדיק דערבײַ אַזעלכע אומרויִקע באַוועגונגען, גלײַך ווי ער וואָלט בעשום־אויפן ניט געקאָנט געפינען קיין אָרט פאַר זײַנע לאַנגע דאַרע פיס.

— דאָס זײַט איר? — האָט ער געדרייט דאָס טעלעפאָן־טרײַבל אהער

און אהין און אַלץ ניט געוווּסט, ווי בעסער עס צו האַלטן, יעדער וואָרט זײַנס זאָל דערגיין, וווּהין מע דאַרף. — הער פּערעלמאַן? דאָס רעדט מערקין... יאָ... נאַפּטאָליע מערקין. אַ גוט־אָוונט אײַך!

מיט אַן עטוואָס צערודערטן אויסזען איז ער אַ רעגעלע געבליבן שטיין, ווי אים וואָלט פּלוצעם ניט אָנגענעם געוואָרן פון דעם אַליין, וואָס ער וויל זיך האַלטן אַן אײַיצע מיט אַזאַ איינעם, ווי יורי פּערעלמאַן. „ניין, — כאַפּט ער זיך, — דאָס טויג ניט!..״ און ער פירט טײַקעף איבער דעם שמועס אויף גאָר אַן אַנדער אינייען:

— כ׳האָב אײַך געוואָלט זאָגן, — הייבט אָן נאַפּטאָליע מערקין מיט אַ זאַכלעך־רויִקן טאָן, — אַז מיר איז פּאָרט געלונגען אַרויסקריגן אַ צוזאָג אויף אַ ביסל ברוטשקע — יאָ... יאָ... געוויס... ווען איר, פּאַניע פּערעלמאַן, קווּעטשט אָן ווו׳ נייטיק איז אויף דער סטרונע, וואָלט איר אויך עפּעס וואָס געקראָגן... ווי? איר האָט זיך אָפּגעזאָגט פונעם דאָזיקן מײַכל?.. ווי? אײַערע קאָנטינגענטן עסער דאַרפן דאָס אויף קאַפּאָרעס? קאָן זײַן, — ווערט מערקינס פּאָנעם טונקעלער, די באַוועגונגען אומרויִקער און דאָס קאָל היפּשלעך נערוועז, — איר האָט באַקומען אַ צוזאָג אויף אַ קעסטל קינסטלעכן האָניק? באַדאַרפט זען, אַז איך זאָל אויך קריגן... ווי? וואָס הייסט? אַלעמען קען מען ניט געבן? מע דאַרף דאָך אָבער כאָטשבי אַ ביסעלע האָבן אין זינען די צײַט... נו, יאָ!.. אַזוי, נעבעך, האַלטן זיך די אײַערייקע אין איין טרייסלען ווי אין אַ קאַדאָכעס: „גוואַלד, וווּהין לויפט מען? רעוואָליוציע — דאָ, רעוואָליוציע — דאָרטן...״ קומט אָבער צום טיילן, איז די יאַכסאָנים וואַרפט מען נאָך צו אַ ביינדל, און די אַרבעטער גיט מען אַ מאַקע!

נאַפּטאָליע מערקין ווערט אויפגעטראָגן, ער לייגט אַוועק דאָס טרײַבל און גייט אַרויס פון אַפּטייק.

די נאַכט איז אַלץ געוואָרן געדיכטער. אויף דער אַמאָל טומלדיקער גאַס איז געוועזן פּוסט. בלויז פון די שמאָלע ברודיקע געסלעך, וואָס האָבן זיך מיט זייער סאָף אָדער אָנהייב געקלאַמערט אין דער לאַנגער און ברייטער גאַס, זײַנען צו אים דערגאַנגען יאָמערלעכע געשרייען:

— ראַטעוועט, איך גיי אויס פון הונגער!

— שענקט כאָטש אַ פּענעצל ברויט!

„דאָס ראַנגלען זיך מענטשן מיטן הונגער, וואָס וואַרגט זיי טאָג ווי נאַכט, — האָט נאַפּטאָליע מערקין זיך אַליין ווי געוואָרנט. — מע דאַרף רופן אַ זיצונג פון צענטראַל־ביוראָ און עפּשער איינעם מיט אַנטאַנאַס געדריסן פאַרנעמען אַ שטיקל געמיינזאַמע אַקציע...״

אָבער ווי נאָר ער איז צוגעגאַנגען צו דער טיר פון פאַריין, באַמערקט די פּאָר מענטשן, וואָס האָבן אָפּגעהיט דעם אַרײַנגאַנג, דערהערט אַנ־

טאנאס געדריסעס און פראדל ווײַסמאנס שטימען, האָט אים ווידער באַהערשט דער פריערדיקער פארדאכט, אז געדריס האָט א באהאלטענעם מיין צו מאָביליזירן די צענטראל־ביוראָ ארום די אופגאבן פון זײַן פארטיי.

„אָן מיר, — גיט ער א זאָג צו זיך אליין. — איך גיי ניט אין פארייַן און וועל ניט געבן מײַן האסקאָמע צוגויפצורופן אזעלכע זיצונגען".

6

ווען אין די שפעטע פארנאכטן פלעגט לעבן דער טיר פון זײַן בעקערײַ זיך אָפשטעלן די אים גוט באקאנטע מיליטערישע פור, האָט פײַווע קליינמאן אָנגעקוואָלן. פון אונטער די זעקלעך קאָרנמעל האָבן גנייוויש ארויסגעקוקט עטלעכע זאָרגזאם פארשלאָגענע קעסטלעך, אין וועלכע עס זײַנען געווען אײַנגעפאקט, האָט דער בעקער געוווּסט, פעקלעך קאָנסערווירטע גריבפן, געלער, אָדער, ווי ער פלעגט דאָס רופן, „פערדישער" צוקער, מארמעלאד פון בורעקעס, מערן און עפל, און אפילו פלעשער ראָם. דאָס אלץ פלעגט אים פארקויפן פון אונטער דער פאָלע, ווי מע זאָגט עס, דער שטרענגער און שטאָלצער מאיאָר פאָן אָקסמאַן.

— נו, — פלעגט דאן פײַווע קליינמאן א זאָג טאָן צו זײַן העל־בלאָנדער פרוי, — שוין צוגעפאָרן מיט מאזל דאָס שטיקל האצלאָכע!

ער פלעגט באלד אוועקײַלן צום פענצטער (זײַן דירע איז געווען אפן צווייטן שטאָק אינעם זעלבן הויז, ווו די בעקערײַ), קעדיי כאפן א קוק, צי געפינט זיך ניט ערגעץ־ווו נאָענט פאָן אָקסמאן, וואָס האָט באַקומען א טעווע זיך ווײַזן דאָרט, פונקט דאן, ווען די מיליטערישע פור פלעגט צופאָרן צו דער בעקערײַ.

דעם בעקער איז שווער געווען צו באגרײַפן, צי קומט עס דער מאיאָר נאָר קעדיי זען, צי דאָס געבראכטע ווערט איבערגעגעבן אזוי, אז קיינער אין גאס זאָל דאָס ניט באמערקן, אָדער עפשער האָט דעם מאיאָר געגנומען שרעקן, צי פלאפלט ניט עפעס וועגן אים דער זעלנער, וואָס ברענגט די סכוירע. ווער־ווער, נאָר פײַווע קליינמאן האָט שוין אויך אָן דעם זעלנער געוווּסט, אז באָך דאן, ווען פאָן אָקסמאן איז געזעסן בא זײַן טאטן אין גוט, איז ער שוין גרייט געווען נעמען א שווערן שטעקן אין זײַנע לאנגע הענט און פארטרײַבן דעם אייגענעם טאטן, וואָס האָט ניט געוואָלט אָפטרעטן דעם זון קיין שפאן ערד.

צוליב דער סיבע, וואָס האָט אָנגעהאלטן צווישן טאטן און זון, איז דעם צוקינפטיקן מאיאָר אויסגעקומען פארלאָזן דעם גוט און ווערן א

קעלנער אין א ביר־האַלע. ניט אַזוי צוליב אָונטערטראָגן ווען מען א דרײַ־
פיר קופּל ביר, ווי צוליב האַלטן אָרדענונג האָט מען דעם דאָזיקן קעל־
נער געגומען אין דער ביר־האַלע. ניט געווען אַזאַ באַזויפּטער, ווען
דעם איצטיקן מאיאָר פאַן אָקסמאַן זאָל שווער זײַן אַרײַנצונעמען אין זײַ־
נע גרויסע, שאַרף־ביינערדיקע הענט און, שטורכענדיק אים אין געזעס,
אַרויסשלײַדערן פון דער ביר־האַלע. דאָס איז פאַן אָקסמאַנען געווען לײַ־
בער פון אַלץ...

פּײַווע קליינמאַן האָט אָנגעהויבן זײַן זעלבשטענדיק לעבן פון באַקן
שוואַרץ ברויט פאַר אַרבעטער, טרעגער, באַלעגאָלעס און פּעדלער, וואָס
האָבן געוווינט אויף זײַן לאַנגער אַרופּבאַרגיקער פאָרשטאָט־גאַס. אָבער זײַן
א פאָשעטער בעקער האָט פּײַווען ניט געשמייכלט. אים האָט געצויגן צו
געלט און טאַקע גאָר צו גרויס געלט. אַפילע ווען ער האָט זיך געקליבן
כאַסענע האָבן, איז אים דעריקער אָנגעגאַנגען, וועלכע פון אַלע מעגלע־
כע קאַלעס פאַרמאָגט מיט עטלעכע רובל מער נאַדן. מער געלט האָט פאַר
אים באַטײַט: א גרעסערע בעקערײַ און מער אָנזען צווישן די שטאָטישע
גווירים. בלויז צו דעם האָט געשטרעבט דער פינף־און־דרײַסיקיאָריקער
פּײַווע קליינמאַן מיטן האַלב־צוגעמאַכטן לינקן אויג. און זײַנס האָט ער
זיך דערשלאָגן. ווי אַזוי — דאָס איז גאָר אַן אַנדער זאַך. אינגיכן זײַנען
אין פּײַווע קליינמאַנס בעקערײַ געשטאַנען ניט נאָר זעק מיט קאָרענער,
נאָר אויך מיט קלאָר ווײַסער ווייצענער מעל, זעק מיט מעלצוקער, זעק
מיט ראָזשינקעס, זעק מיט מאָן, מיט ניס, מיט מאַנדלען. דאַן האָט זיך
פּײַווע ערנסט פאַרזאָרגט, וואָס צו זײַן אומגליק שטאַרבט ניט קיינער
פון די רײַכע בעקער, און אין צענטער שטאָט ווערט ניט פרײַ קיין גוט
אײַנגעפירטע קראָם, ווו ער זאָל קאָנען פאָרלייגן זײַן געשמאַקע סכוירע.
נאָר סאָפּקאָלסאָף האָט ער אויף איינער פון די שענסטע גאַסן געעפנט א
קאָנדיטערײַ, געוואָרן א גאַנצער דייעזאָגער אינעם פאַריין פון די באַל־
מעלאָכעס און באַלעבאַטים, און ס׳האָט אים ווייניק וואָס געאַרט, אויב
עמעצער פלעגט זאָגן, אַז ער פאַרנעמט זיך מיט די פאַריין־איניאָנים
נאָר צוליב אָפּלעקן א ביינדל. אויף צולאָכעס די בייזע צינגער האָט ער
נאָך אײַנגעלאַדן צו זיך אין פאַריין דעם דאָקטער יורי פערעלמאַנען
אויף לייענען פאַרשיידענע לעקציעס און שפּעטער א ביסל, שטיצנדיק
זײַן קאַנדידאַטור בײַ די וואַלן פון דער יידישער קעהילע, געגעבן אים
אָנצוהערן, אַז אויב אויף דער וועלט וועט נאָך זײַן אַמאָל א שטיקל דומע,
א פאַרלאַמענטל אָדער א מין אַנדער פאַרדרייעניש פון דעם מין, וועלן

אלע באלעבאטים און באלמעלאָכעס אויסוויילן אים, דעם כאָשעוון יורי פערעלמאן, אלס זייער פרעדסטאוויטעל![1]

אין פײַוועס קליינמאנס אכטונג צו יורי פערעלמאנען, וועמעס באַ־שעפטיקונג עס איז געווען ניט אזוי מעדיצין, ווי קלאַל־איניאָנים, האָט געשטעקט אויך א היפש ביסל קינע. ער איז אים מעקאנע געווען ניט בלויז אף די גרויסע פארבינדונגען, נאָר אויך אף שווער־און־שוויגער, וואָס האָבן פארמאָגט א גרויס געשעפט, א היפשן קאפיטאל און א פיר־גאָרנדיקן מויער. געגנוג געווען, פײַווע זאָל זיך פאָרשטעלן די ירושע, וואָס וועט בלײַבן פערעלמאנען, אז דאָס שטענדיק האלב־פארמאכטע לינקע אויג זײַנס זאָל זיך באַ אים איינגאנצן צומאכן און דאָס רעכטע אויג זאָל פון דער אָנשטרענגונג גאָרנישט, כאָלילע, דורכצולאָזן אָנהייבן דערמאָנען אין אן אָנגעצילטן פיסטאָלעט, וואָס אָט־אָט, דוכט זיך, שיסט ער אויס.

דעם קײַזער ווילהעלמס ארמיי האָט געבראכט מיט זיך ניט בלויז צוואנגס־ארבעט, ניט נאָר אומופהערלעכע רעקוויזיציעס, נאָר אויך פײַנ־לעך שווערן הונגער. פון קליינמאנס קאָנדיטערײַ זײַנען טייקעף פאר־שוווּנדן די ווײַסע, ליכטיקע כאלעס, די געשמאקע מאַנדעלעך, איינגעבער־לעך, אײַנגעמאכטסן, טייגלעך, געפרעגלטע פּאָמעראנצן, טאָרטן, לעקעכן און ביסקוויטן. ליידיק געוואָרן אלע זײַנע זעק און פוסט אלע קיילים.

— זעט נאָר, — האָט פײַווע געטײַנעט אן איבעראשטער פון דער דאָ־זיקער, ווי ער פלעגט זאָגן, מאגייפע, — זעט נאָר, די יעקעס זײַנען דאָך גאָרניט קיין איבערקלײַבער, זיי ראבעווען אלץ און באַ אלעמען...

ווי נאָר ער איז געקומען צום דאָזיקן אויספיר, האָט ער טייקעף גע־נומען צושטיין צו יורי פערעלמאנען און האלב שטום־לאָשן געמאָנט באַ אים:

— נו? — און באלד ווידער: — נו?

דאָס האָט פארן קלאַל־טוער באטײַט: „אָט איצט, פאניע פערעלמאן, זײַט מויכל און ווײַזט, וואָס קאָן מען פון אײַך דערווארטן... וואָס קאָנט איר אופטאָן פאר די יעניקע, וועלכע זײַנען געווען פאר אײַך די שוץ און דער אָנשפאר אין פאריין פון באלמעלאָכעס און באלעבאטים. אדע־ראבע, נעמט און טוט א ווײַז, וואָס איר קענט”.

איז טאקע יורי פערעלמאן, באַ וועמען דאָס רײַכע לעבן האָט זיך געפאָרט מיט א קלוימערשטער זאָרג וועגן קלאַל־איניאָנים, קיין באל־כויוו ניט געבליבן. ער האָט זיך גענומען און געפועלט א דערלויבעניש

[1] פאָרשטייער (רוסיש).

צו עפּענען אַ קיך פאַר שטאַרק געפּאַלענע באַלעבאַטים, און פאַרן בעקער פּיַיווע קליינמאַן איז אים געלונגען אַרויסבאַקומען די סאַמע ערשטע מאַגיסטראַט־באַשטעלונג אויף באַקן פאַר דער הונגעריקער שטאָט די הונדערטגראַמיקע פּאָרציעס קאָרן־ברויט, וואָס פלעגן אַרויסגעגעבן ווערן אויף קאַרטן.

געווען איז דאָס ניט אַזוי פּאַשעט, קריגן אָט די באַשטעלונג. ווייסן טאַקע אַלע, אַז ניט איין פלאַקאָן פון די סאַמע בעסטע פּאַרפומען האָט יורי פּערעלמאַן איבערגעלאָזט אויפן מאַיאָרס רונדן טישל אין פּאָדערצימער און צו יעדן אַזאַ געשאַנק נאָך צוגעשריבן: „פון אונדזער באַוווּסטן בעקער קליינמאַן״.

פון דאַן אָן איז דעם רײַך געוואָרענעם בעקער צוגעגנגלעך געוואָרן אַרײַנצוקומען אין אַ סאַך הײַזער, וווּהין ער האָט פריִער קיין צוטריט ניט געהאַט. איז שוין קיין וווּנדער ניט געווען, וואָס אַפילו גופא צום האָנאָריסטן פאַן פּאָניאַטאָווסקי איז ער געוואָרן אַן אַרײַנגייער.

אין יענער צײַט איז פּיַיווע קליינמאַן פול געווען מיט אַכטונג צו יורי פּערעלמאַן און צום פאַן פּאָניאַטאָווסקי. אויך דער כמורנער מאַיאָר מיט זײַן אײַנגעשטשעמטן מאָנאָקל אין דעם רעכטן אויג האָט אים געהאַט אויסגעזען ווי אַ געוואַגטער קריגסמאַן, וואָס איז גרייט אָפּגעבן דאָס לעבן פאַר זײַן לאַנד און פאַר זײַן קיַיזער. קוים אָבער האָט פּיַיווע זיך איבערצײַגט, אַז אַלץ, וואָס דער מאַיאָר פאַרקויפט אים, איז געשיקט געוואָרן פאַרן פראָנט, אַז אויך צו די טעגלעכע הונדערט גראַם ברויט, וואָס מע האָט באַדאַרפט אַרויסגעבן דער באַפעלקערונג, פלעגט דער מאַיאָר באַפוילן צומישן ברודיקע פּאָלאָווע, אַבי אים, דעם מאַיאָר, זאָל בלײַבן מער אויף צו פאַרקויפן פאַר הויכע מאַרק־פּרײַזן, — קוים האָט זיך פּיַיווע אין דעם איבערצײַגט, ווי עס האָט זיך אים פאַרוואָלט פּאַשעט אויסשפּײַען דאָס ביסל אַכטונג, וואָס ער האָט געהאַט צום מאַיאָר און צו אַזעלכע, ווי ער.

— עס איז אַ וועלט, — האָט דאַן פּיַיווע אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, ווי ער וואָלט גופא די וועלט אַרײַנגענומען אין זײַן הויפן, קעדיי זי אַ שלײַדער טאָן, זי זאָל זיך צעברעקלען, צעשיטן אַזוי, אַז קיין געדעכעניש זאָל פון איר ניט בלײַבן, — עס איז אַ וועלט פון הור, גאַנעווו און גאַזלען!

דער טאָג איז געווען אַ טונקעלער, אַ ווינטיקער. אויפן ראָג, ווו עס האָבן זיך צונויפגעשלאָסן די לאַנגע זאַוואַלנע־גאַס מיט דער געוועזענער געדיכט־קראָמיקער רודניצקער און מיט דער קליין־ און גרויס־סטעפאַן־

גאַס, אין יענעם שטיקל ברייטלעכן גאַסן־געפּלעכט פּלעגט אַלעמאָל אין די שפּעטערע פרימאָרגן־שאָען זײַן פול מיט מענטשן. באַזונדערס איז דאָס געווען צו באַמערקן אָנהייב יאָר טויזנט נײַן הונדערט אַכצן, ווען אַהער, אין דער אָקופּירטער שטאָט, איז דערגאַנגען די ידיעה:

— אין די סאָוועטישע צײַטונגען איז פאַרעפנטלעכט אַ דעקרעט וועגן שאַפן אַן אַרבעטער־פּויערישע אַרמיי.

אויך איז באַוווּסט געוואָרן, אַז אין פאַרבינדונג דערמיט, וואָס אין בריסק האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן פרידנס־אונטערהאַנדלונגען, זײַנען אין דײַטשלאַנד און אין עסטרײַך־אונגאַרן אויסגעבראָכן גרויסע שטרײַקן. די אַרבעטער האָבן געפאָדערט, מע זאָל גיכער שליסן אַ פרידנס־אָפּמאַך מיט סאָוועטן־רוסלאַנד.

פּײַוועל קליינמאַן, וואָס האָט אַלץ צוגעזען און צו אַלץ זיך צוגעהערט, האָט פאַרשטאַנען, אַז זײַן גיך און גרינג אָנגעלעבט פאַרמעגן איז אין געפאַר. גאַנצפרי איז ער אַוועק אויף דער בירזשע און אומגעריכט געטראָפן דאָרטן יורי פּערעלמאַנען.

— ווי קומט איר אַהער? — האָט אים פּײַוועל מיט גרויס פאַרוווּנדערונג געפרעגט און מיט האַנאָע אונטערגעשטראָכן דאָס וואָרט „איר".

— איר מיינט, — באַווײַזט זיך אויף יורי פּערעלמאַנס פּאָנעם אַ לײַכטער שמייכל, — איר מיינט, קאָנטיק, אַז מײַן נעשאָמע איז אַ ראָזשינקע?

— איך האָב געמיינט, — גיט אים פּײַוועל קליינמאַן באַדײַטנדיק אַ זאָג. — אָבער מער, פּאַניע פּערעלמאַן, מיין איך שוין ניט!

שווײַגנדיקע האָבן זיי זיך אַ רעגע אָנגעקוקט, פּונקט ווי זיי וואָלטן באַטראַכט, צי דאַרפן זיי איינער דעם אַנדערן צופּיל אָנטרויען.

אַ פּוסטקײַט האָט אַרומגעוואָגלט אין אַלע אַרומיקע שמאָלע, געדרייטע, ווי צעהויקערטע געסלעך, אָבער אויף דער בירזשע זײַנען אַלץ מער צוגעקומען קליינע גרופּקעלעך מענטשן, וועלכע האָבן זיך געשאַרט איינער אַרום אַנדערן, גערעדט שטיל און פאַרשטעלט, גלײַך עס וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן גוואַלדיקע געהיימנישן.

— מיט דעם אָסט־געלט און די קערענקעס, — באַקלאָגט זיך יורי פּערעלמאַן, — האַלט שוין גאָר שמאָל, מע וויל זיי אין דער האַנט מער ניט נעמען... און גראָד מײַנע אַלטע, שווער־און־שוויגער, מיין איך, האָבן אַרײַנגעבראַכט אַ רעכט ביסל פון זייערע מאַמטאַקים אין די שלימאַזלדיקע אָסט און קלאָגעדיקע קערענקעס, — גיט ער צו אַן ערנסט־פאַרזאָרגטער. — און איצטער ניט איך ווייס, וויאַזוי, און ניט איך ווייס אויף וואָס בעסערס מע קאָן זיי אויסבײַטן.

— און איך, מיינט איר, ווייס? — באקומט פּײַווע א מעוווּלוועלן אויס־זען. — מע דאַרף אופּרודערן די בירזשע, וועלן מיר דעמלט זען, ווער אַף וואָס עס וועט זיך וואַרפן! יאָ, נאָר פאַר אײַך, פּאַניע פּערעלמאַן, איז דאָס עפּשער ניט אַזוי „דאָסיק" שטעלן זיך בײַטן... טאָ לאָזט, וועל איך דאָס אײַך מאכן אַזוי, אַז א האָן וועט קיין קריי ניט טאָן...

„אנטאנאס געדריס, — קומט פּלוצלינג אויף פּײַוועט א געדאַנק, — איז שוין גוט אָנגעשמעקט מיטן ריח פון סיביר... אַזאַ, ווי ער, וועט ניט אָפּ־טרעטן פון דאָס זײַניקע... איז וואָס פאַר א מאַמאָשעס קאָן האָבן קערענ־סקיס געלט, אַז קערענסקי אַליין, זאָגט מען, ליגט שוין ערגעץ אין געהאַק־טע ווונדן"

דאָך טראכטנדיק אַזוי, האָט פּײַווע פּאָרזיכטיק (קעדיי ניט אָנרעגן דעם אוילעם אים נאָכטאָן און ניט אָנלעבן אַזויאַרום קיין קאָנקורענטן) גענומען זיך ארײַנדרייען דאָ — אין אײנעם, דאָ — אין א צווייטן רעדל מענטשן:

— אָסט, — גיט ער א זאָג מיט אַזאַ קאָל און אויסזען, ווי ער וואָלט אַן אויסערגעוויינלעכע זאַך פאָרגעלייגט, — אָסט, קערענקעס, קנאַקנדיקע פינף־הונדערטערס! איך בײַט אַף גאָלדענע צענערלעך. ווער נעמט, ווער?

די בירזשע האָט זיך אַלץ מער גענומען פאנאנדערוויגן. ס'האָט זיך אופגעהויבן א גראַגערײַ, ווי פון א טשאַטע קראָען. פּײַווע איז שוין אויך אומגעלאָפן א צעפּאָכעטער.

פּערעלמאַנען איז מיטאמאָל פריקרע געוואָרן דעם בעקערס צעשפּילטע זשעדנעקײַט, און ער האָט אַפילע כיישעק באַקומען אוועקצוגיין. נאָר דאָס צו טאָן האָט אים, קאָנטיק, אויסגעפּעלט מוט און עפּשער אויך ריינקײַט פון געוויסן, איז ער פאַמעלעך און מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, ווי ניט ווילנדיק, אַנטקעגנגעגאַנגען דעם אופגערודערטן פּײַוועט.

— קומט גיכער א ביסל, — אײַלט אים אונטער פּײַווע בייזלעך און גראָב. — פאַר אײַך איז עפּשער טאַקע א קנאַפּער קאָוועד דאָ צו זײַן. נאָר וואָס, פרעג איך אײַך, איז איצט ווערט קאָוועד, ווען אין קאָן שטייט דאָס לעבן? איך, פּאַניע פּערעלמאַן, פּײַף שוין לאַנג אַף קאָוועד און בושע!..

## 7

די אייביק פאַרהאָרעוועטע רייזל האָט יעדע פרײַע מינוט אָפּגעגעבן דער אַרבעט אין אומלעגאַלן פאַריין. ס'האָט איר נאָר דערקוטשעט די זאָרג וועגן איר מאַן, יויסעף בערמאַן, וואָס האָט, לויט איר פאָרשטעלונג, גע־האַט א טעווע צו „קריכן אין סאַמע פײַער".

יויסעף האָט ניט פיל מער און ניט פיל אַנדערש געטאָן, ווי זײַן פרוי.

נאָר דער שטאַרק איבערגעגעבענער רייזלען פלעגט שטענדיק אויסזען סאַקאָנעסדיק אַלץ, וואָס איר יאָסל האָט געטאָן אין דער אומלעגאַלער אַרבעטער־באַוועגונג, און ניט סאַקאָנעסדיק דאָס, וואָס זי אַליין פלעגט טאָן. אָט לאָזט זי איבער דאָס קינד אין איר טיפער קעלער־דירע און אײַלט אַוועק צו דער אָנגעמערקטער פאַריין־זיצונג, קעדיי זיך דערוויסן פרישע נײַס וועגן דער רעוואָליוציע אין רוסלאַנד און עפשער אַליין קענען דאָרט אויסלאָדן איר אָנגעזאַמלטן אומרו. נאָר צו דער זיצונג, כאַפט זי זיך, שוין זײַענדיק אין גאַס, איז נאָך אַוואַדע א שאָ און עפשער מער. באַשליסט זי דערווײַל אַרײַן אין קיך, קעדיי דורכשמועסן זיך מיט פרומע מילנער. זי קלײַבט זיך שוין לאַנג דאָס טאָן.

ארום דער קיך איז געווען פוסט, און גופע די קיך־טיר — פון אינעווייניק פאַריגלט. „נאַפּטאָלינקעס א נײַ שפּיצל, — דערוועקט זיך אין איר א פאַרדאַכט, — דער פאָרעץ פאַרלײַדט ניט, אַן אַנדערער זאָל אַרײַנשטעקן די נאָז אין זײַנע דאַלעדאַמעס...”

„אַן אַנדערער”, ווייסט רייזל, באַטײַט פאַר נאַפּטאָליע מערקינען אַזא איינער, וואָס צוזאַמען מיטן ביסל געקעכטס שלינגט ער נאָך אַראָפּ (און אָפט מיט האַנאָע) יעדע יעדיִע, וואָס אַנטאַנאַס געדריס ברענגט. האָט ער אויך רייזלען, יויסעף בערמאַנס פרוי, פאַרעכנט צווישן די „אַנדערע”, און זי איז אים געווען ניט צום האַרצן. אָבער פאַר די קיך־אַרבעטער, ווי פאַר די באַזוכער פון דער קיך, איז רייזל געווען א געווונטשענער גאַסט. קומט זי אַרײַן אַהין, ווי צו זיך אַהיים, און איעדע אַרבעט איז איר אַזוי געהאָרכזאַם, ווי זי, די אַרבעט, וואָלט לעכאַטכילע געוואַרט אויף רייזלס פלינקע הענט. רייזל, פונקט ווי פראַדל ווײַסמאַן, טוט אין קיך אַלץ אָן א גראָשן געצאָלטס, אַבי נאָר קיינעם פון די קיך־באַזוכער זאָל ניט אויסקומען צו־פיל וואַרטן אויפן קאָפּ עסן.

ווען מע האָט זי אַרײַנגעלאָזט אין קיך, האָט רייזל גלײַך פאַרנומען איר געווינט אַרבעטס־אָרט באַם הייסן קיך־קעסל לעבן דער שווײַגנדיקער פרומען. שיילנדיק איין קאַרטאָפל נאָך דער אַנדערער, שלײַדערט זי זיי גיך אַרײַן אינעם דערנעבן שטייענדיקן צעבער און רעדט אַזוי פאַרקאָכט, ווי זי וואָלט זיך קוים דערוואַרט אויף אָט דער באַגעגעניש:

— אויב אַזוי, ווי אָט איצטער, זאָל זיך ציִען, כאָלילע־וועכאַס, נאָך א ווינטער, וועלן דאָ אַלינקע אויסשטאַרבן פון הונגער, פון קעלט און פאַר־שיידענע מאַגייפעס. עס וועט אַפילע ניט בלײַבן, ווער עס זאָל די טויטע אַרופוואַרפן אויף א האַנט־וועגעלע און אַוועקפירן אויפן בעסוילעם...

— עמעס, — ווערט פרומע בייזלעך. — נו, איז וואָס?..

— וואָס?!

רייזל ווייסט פרומעס גאַנץ לעבן און פאַרשטייט, אַז זי מוז געפינען עפּעס גאָר וואָגיקע ווערטער, קעדיי אַרויסברענגען זי פון איר אייביק פאַרמאַרעשכוירעט שווײַגן.

פרומעס פאָטער, אַרן מילנער, איז געווען אַ פאַרוואַלטער פון אַ גוט בײַ אַ רײַכן פּאָרעץ. ער איז געווען זיכער, אַז זײַן, אַרן מילנערס, גרויסע דערפאַרונג, זײַנע פייִקײַטן גיבן אים דאָס רעכט פירן די ווירטשאַפט, ווי ער פאַרשטייט, און זיך ניט שטאַרק צאַצקען מיטן פּאָרעץ. געענדיקט האָט זיך עס מיט דעם, וואָס אין איינעם אַ טאָג האָט דער שטאַרק אופגעבראַכ־טער פּאָרעץ געגעבן ברייט אַן עפן די טיר און האָט זײַן אָנגעשטעלטן, אַרן מילנערן, פּאָשעט אַרויסגעמעשאַלייעכט.

פון דאַן אָן האָט זיך אין דעם הויזגעזינד פון די מילנערס ווי פאַרגאַנ־גען אַ שטילע, אָבער בייזע אומצופרידנקײַט צווישן איינעם מיטן אַנדערן. פרומעס ברידער און שוועסטער האָבן געטײַנעט, אַז דער טאַטע איז אַליין אין אַלץ שולדיק: „געזאָלט האַלטן די צונג צווישן די ציינער...” פרומע אָבער האָט ניט בלויז באַרעכטיקט, נאָר מיטן גאַנצן האַרצן מיטגעפילט דעם פאָטער. לעבן איז ניט געווען פון וואָס, האָט פרומע אָן שום וואַק־לונגען אָפּגעלייגט אין אַ זײַט אירע לערנביכער אײַנעם מיט דער האָ־פענונג צו קענען ווען־ניט־איז באַזוכן אַ הויכשול. זי האָט פאַרלאָזט די שטוב, געוואָרן אַ הענטשקעמאַכערן. שפּעטער האָט זי זיך באַפרײַנדעט מיט נאַפּטאָליע מערקינען, אין וועמען, ווי איר האָט זיך אויסגעוויזן, עס האָט געלעבט דער זעלבער פּראָטעסט, וואָס האָט געלעבט אויך אין איר, פרומע מילנער, און וואָס האָט זי געבראַכט צו די אומלעגאַלע אַרבעטער־קרײַזלעך. נאַפּטאָליע מערקין איז, לויט איר מיינונג, געווען אַ געוואַגטער רעוואָליוציאָנער.

— אַזאַ ווי דו, — גיט איר רייזל אָנצוהערן, — טאָר ניט זײַן אַזוי פאַר־בלענדט!

— אָן אַנדערע — יאָ, — האָט זיך אַ טרויעריקער שמייכל באַוויזן אויף פרומעס פריי־געעלטערט פּאָנעם, — און איך טאָר ניט?

— מײַן טײַערע, — איז רייזלען שווער געוואָרן אײַנזיצן, — דו ביסט, ווי מע זאָגט, אָן אַלטע הינער־פּרעסערקע... אָן אַלטע פאַריין־טוערקע, מעגסטו שוין וויסן: מאַלע וואָס עמעצן פאַרדרייט אַמאָל אַ קאָלטן: „ער וויל אַזוי און ניט אַנדערש”, מע דאַרף דאָך אָבער זען, ווו, מיט וועמען מע איז און וואָס די צײַט טרעבעוועט!...

פאַר העכער פופצן יאָר אַרבעט אין פאַרשיידענע וואַרשטאַטן, ווו די סאַמע עלעגאַנטע דאַמען פלעגן זיך באַשטעלן די בעסטע זאַמשענע

הענטשקעס, האָט פֿרומע מילנער אָפּגעשפּאַרט ניט מער, װי א קאַלט, פֿינצטער געדונגען װינקל ערגעץ אין א שטיבל ניט װײַט פֿון דעם אַלטן ייִדישן בעסוילעם. כאָטש פֿרומע האָט זיך אַף דעם ניט באַקלאָגט. דאָך פֿלעגט זי זעלטן װען קומען אַהיים. אירע טעג און נעכט פֿלעגט זי פֿאַרברענגען אין דער גרױסער ברודיקער קיך. דערפֿון פֿלעגט רײזלען אָפֿט פֿרעסן דאָס האַרץ, ניט װײניקער און אַמאָל נאָך מער װי פֿון איר אײגענער נױט. איז זי פֿון פֿרומען ניט אָפּגעטראָטן:

— דו זעסט דען אַלײן ניט, — מאָנט זי בא פֿרומען, — בא װאָס דו ביסט פֿאַרבליבן נאָך אַלע דײַנע טועכצן?

פֿרומע מילנער האָט געװוּסט, אַף װאָס רײזל דײַט איר אָן, נאָר דאָס ביטיקע װאָרט אַף אָפּשלאָגן אירע אָנפֿאַלן האָט זי אין דער רעגע ניט געפֿונען. זי האָט אַראָפּגעלאָזט אירע גרױסע קורצזיכטיקע אױגן און געשװיגן. אין זיך האָט זי געטראַכט: „נאָך א טאָג צװײ, דרײַ, און נאָפּטאַליע װעט דאָך מוזן אײַנזען, אַז פֿון זײַן שמײכלען צו פֿראַדלען װעט זיך סאָפּקאָלסאָף באַקומען ניט מער װי א ביזע־ביזאָיען...“

אונטער רײזלס קרוע־בלועדיקן אָנטאָן האָט זיך לאַנג שױן ניט געפֿילט קײן מענטשלעכער גוף, אַזױ אױסגעדאַרט איז זי געװאָרן פֿאַר די יאָרן אָקופּאַציע, אָבער זי איז װי אַן אױג פֿול געװען מיט הײסן אומרו. אַפֿילע דאָס װײניקע, װאָס איר מאַן יױסעף בערמאַן פֿלעגט איר װען־ניט־װען פֿאַרטרױען װעגן געדריסעס געװאַגטע פּלענער, האָט פֿרײדיק אָפּגעקלונגען אין איר האַרץ. זי האָט קימאַט װי געפֿיבערט פֿון דער זיכערקײַט, אַז איצט, נאָך די געשעענישן אין פּעטראָגראַד און אין מאָסקװע, גײט אין גאָר עפּעס װיכטיקערס װי א שטרײַק דאָ אָדער דאָרט. האָט זיך איר געװאָלט, אַז דער זעלבער געפֿיל זאָל דערגײן אױך צו פֿרומען און זאָל זי אױפֿרודערן.

א סאַך יאָרן האָט רײזל ניט בלױז געאַרבעט מיט פֿרומען אונטער אײן דאַך, נאָר אױך מיט פֿאַרכאַפּונג געהערט איר פֿאָרלײענען „די מײַסע װעגן פֿיר ברידער“, „פֿון װאָס אײנער לעבט“, „פֿליגן און שפּינען“ און פֿיל אַנדערע דינינקע ביכעלעך, װאָס זײער אינהאַלט האָט איר אױסגעזען װי אַן אָקאָרשט אַנטדעקטער עמעס, אַדאַנק װעלכן זי האָט צום ערשטן מאָל אַזױ דײַטלעך געזען זען די פֿאַרבאָרגענע שרײַפּעלעך פֿונעם אַרומיקן זײער קאָמפּליצירטן לעבן. האָט זי פֿאַרהיט א דאַנקבאַר־רירנדיקע פֿרײַנטשאַפֿט צו דער געבילדעטער פֿרומען. אָבער אַלץ, װאָס איז לעצטנס פֿאָרגעקומען, האָט איר אױסגעזען אַזױ װיכטיק און אַנטשײדנדיק, אַז נאָכגעבן, באַרעכטיקן פֿרומען האָט זי ניט געקאָנט. רײזל האָט זיך געשװינד אױפֿגעהױבן פֿונעם בענקל און אָפּגעטרײסלט

דאָס שטיקל צעריסענעם זאַק, וואָס איז געלעגן בײַ איר אויפֿן שויס, קעדיי, כאָלילע, ביז לעצט ניט פֿאַרבלאָטיקן דאָס קאָרטענע קליידל.

— עפשער, פרומעלע, דאַרף איך דאָס דיר גאָרניט זאָגן, — האָט זי אָנגעהויבן אזוי פֿאָרזיכטיק, גלײַך איר וואָלט פאָרגעשטאַנען אײַנריידן אַ קאַפּריזן קראַנקן אײַנצונעמען אַ ניט געשמאַקע, אָבער לעבנסנייטיקע רעפֿוּע, — ביסט באַוווסטזיניקער פון מיר, עמעס. נאָר אַמאָל, ווייסט דאָך, שיסט אויך אויס אַ בעזעם... וויל איך דיר זאָגן, פרומע, ווי אַ גוטער פרײַנט, אַז דו האָסט זיך אַזוי אַרײַנגעטאָן אין קיך, אין נאַפּטאָליע מערקינען און זײַנע אײַסאָקים, אַז דו האָסט פֿאַרגעסן ניט נאָר אָן דײַן אייגן שטיקל לעבן, נאָר אָן דער גאַנצער אַרומיקער וועלט!

רייזלס העל־גרויע אויגן זײַנען ברייט צעעפֿנט, און דאָס אָפּגעצויגענע, בלאַסע פּאָנעם איז ערנסט און אָנגעשטרענגט. פרומע האָט דערפילט, אַז אויך זי קאָן דאָ ניט אָפּקומען סטאַם מיט אַ פּאָר ווערטער. זי וויל געבן רייזלען צו פֿאַרשטיין, אַז אירע, פרומעס, און אויך נאַפּטאָליע מערקינס לאַנגיאָריקע איבערצײַגונגען לאָזן זיך ניט אָפּווישן פון קיין צײַטווײַליקע אויפֿטרייסלונגען.

— דער וואָרעם פון דער געשיכטע, — האָט זי דערקלערט רייזלען מיט אַזאַ טאָן, ווי זי וואָלט מיט איר יעדן וואָרט געצילט צו לעשן רייזלס אויפֿגערעגטקײַט, — דער וואָרעם פון דער געשיכטע, מײַן טײַערע רייזעלע, גראָבט טאַקע טיף, אָבער צו אונדזערע, איך מיין, צו מײַנע וואָרצלען, וויל איך האָפֿן, וועט ער זיך ניט דערקלײַבן...

## 8

אין יענעם שמאָלן און לאַנגן הויף, וווּ עס האָט זיך געפֿונען דער נאָדל־פֿאַריין, איז שטענדיק געווען אָנגעוואַלגערט אַ סאַך ליידיקע צעבראָכענע קאַסטנס, פון וועלכע עס האָבן אַרויסגעשטעקט צעבויגענע, צעקאַליעטשעטע צוועקעס. קיינער האָט ניט געוווּסט, פֿונוואַנען האָבן זיי זיך אַהער גענומען, די קאַסטנס, צי האָט זיי עמעצער געבראַכט צום הייצן אין אויוון אָדער מע האָט אויסגעפּאַקט סכוירע, און די קאַסטנס באַדאַרפֿט צושטעלן צוריק באַם באַקומען נײַע סכוירע, אַזוי צי אַנדערש, נאָר דער הויף איז געווען ווי אָנגעמאָסטן פֿאַר אַ האַלב־לעגאַלן פֿאַריין. ס'איז ניט אַזוי לײַכט געווען צו דערקלײַבן זיך אַהין, ביפֿראַט נאָך אומבאַמערקט.

אין אָט דעם ווי ספּעציעל פֿאַרבאַריקאַדירטן לאָקאַל פון נאָדל־פֿאַריין, וווּ אָט־אָט האָט באַדאַרפֿט זיך אָנהייבן די געמיינזאַמע זיצונג פון אַלע פּאַך־קאָמיסיעס אינאיינעם מיט דער פֿאַריין־פֿאַרוואַלטונג, איז שוין בײַ־

צײַטנס דאָס קלײנע פּאַרײן־טישל אָװעקגעשטעלט געװאָרן אין דער סאַמע מיט פֿון גרױסן צימער, און דער לאָמפּ אױפֿן טישל האָט זיך װי געסטאַרעט באַלײַכטן דעם גאַנצן אַרום, אַז קײן זאַך זאָל פֿון קײנעם ניט בלײַבן פֿאַרהוילן. װען אַנטאַנאַס געדריס איז אַרײַן אין צימער, איז שױן דאָ געװען פֿול מיט מענטשן.

— נו, — האָבן אים באַמערקט עטלעכע מענטשן מיטאַמאָל, — איצט קאָן מען שױן אָװאַדע אָנהײבן...

פֿון געדריסעס מאַנטעלע, װאָס ער טוט אַמאָל אָן אָנשטאָט דער אַלטער שינעל, פֿון דער קעפּקע, װאָס זעט אױס װי נאַכלעסיק אַראָפּגערוקט אױפֿן שטערן, גיט אָפּ אַלעמען אַ װײע מיט יוגנטלעכער פֿרישקײַט.

עפּשער נאָר אײן פּראַדל װײַסמאַן באַמערקט, אַז אַנטאַנאַס איז עפּעס שטאַרק פֿאַרטראַכט.

געדריס גײט איצט פֿון דער קאָנספּיראַטיװער דירע, װוּ ער האָט זיך געטראָפֿן מיטן פּאַרטײ־כאַװער, װאָס איז נאָרװאָס אָנגעקומען פֿון צענטער. רודניצקי איז זײַן פֿאַמיליע. אין זײַן מאַנדאַט איז געזאָגט געװאָרן, אַז ער קאָן אױסגענוצט װערן אױף פּראָפּאַגאַנדע־ און אַגיטאַציע־אַרבעט. עפּעס נאָר װי זיך אַלײן אױף צולאָכעס, קאָן געדריס ניט פֿאַרגעסן, אַז עפּשער ניט מער, װי צוליב דעם, װאָס בײַ רודניצקין איז נאָך גאָר אַ ייִנגלש פּאָנעם, איז בײַ אים, בײַ אַנטאַנאַסן, געבליבן דער אײַנדרוק, אַז יענער שטעלט אין דער באַװעגונג די ערשטע טריט. אָבער די, װעלכע האָבן רודניצקין געשיקט, און באַזונדערס דעם כאַװער מיצקעװיטש־קאַפּסוקאַס[1], װעלכער פֿאַרנעמט דאָס סאַמע אָנגעזעענע אָרט אין יענעם צענטער, טרױט ער, אַנטאַנאַס, און זײ װײסן דאָך, װי די לאַגע איז דאָ קאָמפּליצירט און שװער...

אַנטאַנאַס געדריסן װילט זיך כאָטש נאָך אַ קלײנע װײַלע טראַכטן װעגן דעם, קעדײ װידער און אָבעראַמאָל קאָנטראָלירן די ריכטיקײַט פֿון זײַן ערשטן אײַנדרוק. גלײַך אָבער טרײסלט ער אָפּ פֿון זיך אַלץ, װאָס האָט ניט קײן דירעקטע שײַכעס צו דער זיצונג. ער באַמערקט, אַז עס זײַנען געקומען פֿרומע און נאַפּטאָליע מערקין. קעדײ ניט צו פֿאַרשאַרפֿן נאָך מער די באַציִונגען מיט זײ, זאָגט ער פּראַדלען, אַז אָן אַ באַזונדערער בײַטיקײַט װעט ער אַפֿילע קײן װאָרט ניט נעמען, און אַלץ, װאָס שטײט דאָ פֿאָר דורכצופֿירן, דאַרף זי אָפּטאָן מיט דער הילף פֿון איר שטענדיקן אַקטיװ.

---

[1] מיצקעװיטש־קאַפּסוקאַס װיקענטי סעמיאָנאָװיטש (1880—1935) — אײנער פֿון די אָרגאַניזאַטאָרס און אָנפֿירערס פֿון דער ליטװישער קאָמפּאַרטײ.

פראדל ווײַסמאַן דערווידערט ניט. געדריסעס פּאָרשלאָג, ווייסט פראדל, קאָן פארלײַכטערן איר ניט גרינגע אופגאבע. פונדעסטוועגן איז איר שווער צו באשליסן, מיט וואָס פאר א וואָרט אָנהייבן די זיצונג. זאָגט זי דאָס, וואָס זי האָט נאָך פון פריִער געהאט זיך אָנגעמערקט.

— שוין לאנג, — איז פראדל זיך אָפּן מוידע, — ווי פון מיר פאָדערט מען פעסט באשטיין, אז דאָ זאָל גיכער צונויפגערופן ווערן א זיצונג פון צעבע. דער כאוועער מערקין האָט באצײַטנס פון דעם געוווסט. און דאָך... עס באקומט זיך, כאווײרים, אזוי, ווי ער וואָלט געווען אין צעבע ניט אַף דורכצופירן די באשלוסן פונעם נאָדל־פאריין, וואָס האָט אים געשיקט אהין ווי זײַנעם א פאָרשטייער, נאָר קעדיי...

פראדל באווײַזט ניט צו ענדיקן ריידן, ווי עס גיבן זיך א באוועג ניט נאָר אײניקע מענטשן, נאָר אויך די בענקלעך, אַף וועלכע יענע זײַנען געזעסן.

— שא, — כאפּט זיך ארויס רייזל מיט א שטרענגלעכער פראגע, — ווען הייבט דאָס אזוי פון די ערטער?

— זאָל מען ניט שטערן! — דערהערט זיך באלד פון א צווייטער זײַט.

— קיינער שטערט ניט, — נעמט פרומע פארענטפערן יענע, וואָס האָבן טאקע, קאָנטיק, מיט דער הילף פון א בענקל געפרוווט שטערן די אָרדענונג. — ווי נאָר דער כאווערטע פראדל ווײַסמאַן קומט אמאָל אויס צו זאָגן ווענן מערקינען עפּעס ניט קיין גלײַך וואָרט, אזוי, נעבעך, הייבט איר אָן אויספעלן לאָשן!

אן אופגעבראכטע גיט זיך רייזל אזא האסטיקן צי פּאָרויס, פונקט ווי זי וואָלט גרייט געווען ארויסשפּרינגען פון איר אייגענער הויט.

— ווען־ווען, — ווענדט זי זיך צו פרומען, — אָבער פראדלען, בעט איך דיך, טשעפּע ניט בעסער, האלעווײַ וואָלטן מיר געהאט א סאך אזעלכע!

רייזל געדענקט פראדלען נאָך פון יענעם טאָג, ווען מיט א קלומעקל אונטערן אָרעם און מיט א העל ציצן טיכל אפן קאָפּ איז זי אָקאָרשט געקומען צו איר פון דער באן־סטאנציע. געקומען אין אן אומבאקאנטער שטאָט, אָן א גראָשן געלט, בלויז מיט א פעסטן פארלאנג אליין זיך פארדינען א שטיקל ברויט און באפרײַען די מאמע פון אן איבעריק מויל.

רייזלען איז שווער צו פארגעסן, מיט וואָס פאר א פארוווּנדערונג דאָס קליינשטעטלדיקע מיידעלע, פראדל ווײַסמאַן, האָט דאן געקוקט אַף דער גרויסער שטאָט.

— אײַ־אײַ־אײַ! — פלעגט פראדל אָנשטעקן מיט איר היספּײַלעס אויך

אנדערע. — ניט קיין שטאָט דאָ בא אײַך, נאָר א גאנצענע לימינאציע... קריינדעלע מײַנע, ווי מיר וואָלט זיך וועלן כאָטש א קאפּעלע אונטערטוקן זיך אין אײַער לעבן!

און אזוי האָט די לעבנסלוסטיקע פראדל טאקע געטאָן: זיך „אונטער־געטוקט". מיט לײַב און לעבן זיך ארײַנגעטאָן אין די אינטערעסן, מיט וועלכע עס האָבן געלעבט, געעטעמט די אלע, וואָס האָבן, פּונקט ווי זי, געפּראצעוועט אין האלב־פינצטערן קעלער פון א פּילגאָרנדיק הויז, ווו עס האָט זיך געפונען דער ווארשטאט פונעם גרעסטן אין שטאָט געשעפט פון פּארטיקע קליידער.

פון אָט דער שווערער האָרעוואניע, וואָס זי פלעגט אָנהייבן פארטאָג און ענדיקן שפּעט אין אָוונט, איז פראדלס יונגער שטײַפער קערפּער גע־וואָרן היפשלעך מאָגער און די פרישע ראָזע באקן עטוואָס בלאסער. נאָר גראָד די דאָזיקע ענדערונג האָט זי געמאכט נאָך שענער. א פלינקע און א טעטיקע, האָט זי בא אלעמען ארויסגערופן סימפּאטיע. דעריבער, ווען מע האָט באדארפט עמעצן אויסקלײַבן, פלעגט מען איר נאָמען דערמאָנען צווישן די ערשטע. אזוי איז זי געוואָרן פאָרזיצערן פונעם גרעסטן אין געגנט נאָדל־פאריין.

עפּשער, טראכט אמאָל רייזל, איז דאָס געוועזן פראדלס א שטיקל פאר־זען, וואָס זי האָט לעכאטכילע ניט אויסגעמיטן דעם דאָזיקן נאפטאָליע מער־קינען? עפּשער? נאָר ווי האָט געקאָנט זײַן אנדערש, אז פאָרט איז ער דעמלט געוועזן א גאנצער יא־טעבע־דאַם? אָבער ווי נאָר זי האָט זיך ארומ־געזען, האָט זי טייקעף גענומען זיך דערנעענטערן צו אנטאנאס געדריסן.

רייזל דערפילט א נייטיקײַט זיך ארויסזאָגן.

— כאווײרים, — בעט זי זיך, — ס'איז קיין פולע ניט... איר מוזט מיר געבן כאָטש א קליין שטיקל ווערטל!

נאָך איידער מע באווײַזט איר געבן דאָס „שטיקל ווערטל", רעדט זי שוין:

— דאָס, וואָס פרומע מילנער האָט אזוי דאָ אויסגעטײַטשט דער כאווער־טע פראדע ווײַסמאנס ניט דערריידן, איזביידע זאכן: אי ניט שיין, אי ניט ריכטיק. איך וואָלט ניט וועלן זיך ארײַנמישן אין אזעלכע מינע איניאָנים, וואָס גייען אָן נאָר א צוויי־דרײַ אנדערע... נאָר מיך קאָסט עס געזונט... פרומען, נעבעך, איז טאקע אָנגעזאלצן אפן הארצן... צײַט, זי זאָל, ווי מע זאָגט עס בא לײַטן, דערלאנגען א שטיקל רעכענונג דער וועלט... אָבער פריִער, כאוויירים, מוז זי דאָך וויסן: ווער־וואָס־ווען, און ניט גלאט זיך דראפּען אף די גלײַכע ווענט.

גאָר פלוצלינג, באמערקן אלע, גיט זיך פון נאפטאָליע מערקינס אקסל א

גליטש אראָפּ דער אלעמען באקאנטער לאנגער שמאָלער מאנטל, וואָס ער האָט געהאט אויסגעטאָן פון די ארבל, ניט, כאָלילע, צוליב וועלן זיך ניט צופיל דערוואַרעמען אין דער ענגשאפט, נאָר צוליב א פלוצעם אָנגעלאָפענעם אומרו, וואָס איז אים, נאַפטאָליען, שווער געוואָרן צו באהערשן. אים האָט געקומען דוכטן, אז גופא אליין דאָס לעבן גייט אנטאנאס געדריסן אנטקעגן. „איז אין אזא צייַט, האָט ער געטראכט וועגן פרומעס ארויסטרעטונג, צווישן אזויפיל אופגעבורעטע מענטשן, דען קעדיי געווען דאָ אָנהייבן א סעדרע, צי האָט פראדל ווייַסמאַן אן איינציק וואָרט ניט דערעדט? איבערהויפּט, ווען איז ביטער אין נאָז, אויב פראדל האָט ניט דערעדט? ניט — איז ניט! אנטאנאס געדריס דאַרף דען די זיצונג? אָן איר, הייסט עס, קאָן ער זיך ניט באדרייען? די מאסע דאַרף ער. אָט נאָך ווען עס איז זייַן יאָגעניש! און וויבאלד „מאסע” איז בא אים דער איקער, איז גאָר אנדערע דיבורים...”

מערקין נעמט ריידן פון אָרט מיט אזא פארוווּנדערונג, ווי דאָ וואָלט פאָרגעקומען א פארדריסלעכע מיספארשטייעניש:

— כאווײרים, — זאָגט ער, — אָף וויפל איך זע, גייט דאָ א רייד נאָר וועגן צונויפרופן א זיצונג. קאָן איך אייַך אָרעוו זייַן, אז מאָרגן־איבערמאָרגן האָט איר אזא זיצונג. ביטע, אדעראבעו!

גראָד אין יענער רעגע האָט מען דערהערט א שטארקן קלאפּ מיט דער טיר.

— וואָס איז דאָס? — פרעגט עמעצער מיט אן איבערגעשראָקן קאָל.

— גאָרניט, — בארויקט רייזל, — דאָס איז פרומע מילנער אוועק.

— נו, א געגעלע, — באוווּנדערט מען, — שוין איינמאָל א גענגעלע!

נאַפטאָליע מערקין האָט ניט באוויזן ווי געהעריק ארויסשטעלן א פּוס אינעם קאלטן דרויסן, ווי אים האָט שוין אָנגעהויבן מאטערן דער געדאנק, אז פרומע האָט געמעגט ניט טראסקען מיט דער טיר, ניט בארויגעז ווערן אף דער גאנצער וועלט, געמעגט זייַן צופרידן, וואָס אים איז געלונגען אָפּווישן אלע טייַנעס און מייַנעס.

וואָס מער נאַפטאָליע מערקין האָט זיך ארייַנגעטראכט אין דעם, וואָס ס׳איז פאָרגעקומען, אלץ בוילעטער האָט ער געזען פאר זיך אנטאנאס געדריסן אזא, ווי ער האָט זיך א ווייַז געטאָן אף דער זיצונג. אין געדריסעס אופגעלעבטקייַט האָט ער ווי געזען אן איבעריקע באשטעטיקונג, אז דאָס, וואָס איז געשען אין רוסלאנד, האָט דאָ קימאט איעדן ארבעטער באַפליגלט. „מיט אים און די זייַניקע, — איז נאַפטאָליע מערקין אף יענע שמאָלע און פינצטערע פאריין־טרעפּ געקומען צום אויספיר, — קאָן דאָ ווערן א ביטער לייענען...”

## 9

ניט נאָר אין יורי פּערעלמאַנס גרויסער דירע, נאָר אויך אויף די טרעפּ אַפּילע, וואָס האָבן געפירט צום צווייטן שטאָק, ווו זײַן דירע האָט זיך געפונען, איז נאָך אַלץ געווען זויבער, ליכטיק און געמיטלעך. דאָך האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ערגעץ בײַ אים אין שטוב האָט זיך ווי פאַרגאַנוועט אַ פאַרדעכטיקער שאָטן, וואָס בלאָנדזשעט אַרום אין אַלע ווינקעלעך. דאָס האָט נאָך מער פאַרגרעסערט דעם אומרו, וואָס איז אין אים אָנגעוואַקסן פאַר די לעצטע וואָכן.

— אַלץ גייט דאָ ווײַט ניט אַזוי, ווי עס באַדאַרף צו זײַן, — האָט ער זיך באַקלאָגט פאַר זײַן אַלטן, אָבער נאָך אַלץ זייער נײַגעריקן שווער. — מיילע, זיי ווילט זיך שטרײַקן... אַרט דאָס מיך ניט. אַבי פרידלעך... נאָר וואָס דען? שטאַרק דערמוטיקטע פון די נײַס, וואָס ווערן דאָ, קאָנטיק, אומישנע צעשמירט אויף טעלערלעך, שליאָנדערן מענטשן אַרום איבער די גאַסן און האַלטן נאָר אין איין פרעגן: עפּשער ווייסט איר, אויף וועלכער גאַס און אין וועלכן מויער שטייט דאָ אײַן אַנטאַנאַס געדריסעס פּאַרטיע?

אין דער דאָזיקער פראַגע האָט יורי פּערעלמאַן אײַנגעזען אַ באַוווּסטזיניקן אַרויסרוף יענע עטלעכע געזעלשאַפטלעכע טוער, וואָס האָבן געקלעפּט צום מאַיאָר פאָן אָקסמאַן. ס'איז אים ניט ניכע געוואָרן ניט בלויז זײַן גרויסע ליכטיקע, לופטיקע דירע, וואָס פלעגט אים אָפט אויסזען ווי ברעגלאָז, נאָר אויך יענע דאָלאַרן, פונטן און גילדענע צענערלעך, וואָס פּײַווע קלײַנמאַן האָט אים געהאַט אײַנגעהאַנדלט, האָבן אים שוין אויך מער ניט געוואַרעמט.

— ווי קאָן איצט אײַנגיין די בעסטע וואַליוטע, אַז אַלץ הייבט אָן הענגען אויף אַן איבערגעבראָכענעם שטרוי?.. וואָס איז מיר דאָס געלט און אַלץ מיטאַנאַנדער, אַז גופא דאָס לעבן איז אין אַ סאַקאָנע? איך קאָן גאָרניט באַנעמען, — האָט ער זיך באַקלאָגט אויף אַנטאַנאַס געדריסן, — צי דען פאַרשטייט ניט אַזאַ, ווי ער, אַז רופן הונגעריקע צו אַן אופשטאַנד, צו פאַרכאַפּן די גאַנצע מאַכט איז אַלצײַנס, ווי רופן זיי צו מאַכן אַ סאָף צו יעדער מאַכט, געבן זיי אַ שווערן שטעקן אין די הענט, און נאַט, קינדערלעך, אַרודערוועט איבער די גויאישע קעפּ!..

— יאָ, — האָט אײַנגעשטימט דער שווער, וועלכער איז אָפטלעך גרייט געווען צו מיינען, אַז זײַן אײדעם איז עפּשער דער איינציקער מענטש, וואָס גיט זיך אָפּ אַ רעכענונג, וואָס עס קומט איצט פאָר, — יאָ!

אַ צעהיצטער, האָט יורי פּערעלמאַן, ווי עפּעס ניט נוצלעכס, אַראָפּגעשאַרט פון זײַן שויס דאָס נאָך ניט דערלייענטע גראָשנדיקע צײַטונגל,

גיך זיך א הייב געטאָן פונעם ברייטן טערקישן דיוואַן און מיט ענער־גישע טריט פאַרלאָזט די שטוב.

„אויג־אַף־אויג, — האָט ער אָנגענומען א פעסטן באַשלוס, — מוז איך כאַפּן א שמועס מיט דעם דאָזיקן געדריסן...״

דער טאָג איז געווען א קאַלטער, א פרישער און א ליכטיקער. איז אַנטאַנאַס געדריס געגאַנגען ניט געאײַלט. דאָס איז געווען פּראַדל ווײַס־מאַנס א גוטער אײַנפאַל, האָט ער מיט צופרידנקײט געטראַכט, צונויפצו־רופן א געמיינזאַמע זיצונג פון דער פאַריין־פאַרוואַלטונג צוזאַמען מיט די פאַך־קאָמיסיעס. אין דעם האָט, לויט זײַן מיינונג, געשטעקט א טאַקט־טישער, אָבער ביז גאָר וויכטיקער מיין: וואָס מער אַרבעטער אַרײַנצײַען אין די פּאָליטישע אינטערעסן, קעדיי טאָמער וועט נאַפּטאָליע מערקינען אײַנפאַלן ניט האַלטן וואָרט און ניט צונויפרופן די צעבע, טאָ זאָל ער זיך דעמלט מאַטרײַען זײַן און האָבן צו טאָן ניט מיט איין פּראַדל ווײַסמאַן, נאָר מיט דער גאַנצער אַרבעטער־מאַסע...

אַזוי טראַכטנדיק, האָט אַנטאַנאַס אַלץ מער זיך דערנענטערט צו דער לאַנגער אַרופבאַרגיקער פאַרשטאָט־גאַס, וווּ עס האָט געוווינט פּראַדל. ער איז געגאַנגען צו איר ניט נאָר, ווײַל אים האָט זיך געוואָלט דערמונטערן פּראַדלען, נאָר אויך ווײַל ער האָט איר נאָך עפּעס־וואָס געוואָלט אונטערזאָגן... געגאַנגען, ווײַל ניט גיין אהער האָט ער ניט גע־קאָנט. דאָ, אין דער פאַרשטאָט, האָט ער קעסיידער זיך געפילט גרינג און גוט: וועלכע טיר ער פלעגט עפענען, וועלכע שוועל אַריבערטרעטן — אומעטום האָט מען אים אופגענומען ווי אָן אָנזאָגער פון א פריידיקער בסורע.

אים איז געווען אייגן די דאָזיקע פאַרשטאָט־גאַס מיט דעם קלאַפּן פון די נײַ־ און זאָקן־מאַשינעס, וואָס האָבן טאָג ווי נאַכט זיך באַוועגט אין די אָרעמע הײַזקעס. הונדערטער שטאָטישע אַרבעטער פלעגן דאָ קריגן א וואָלוול שטוב־ווינקל, הערן א וואַרעם וואָרט, אין וואָכן פון פּוילער אַרבעטלאָזיקײט, אָפּט אָן א גראָשן געצאָלטס, געקאָנט זיך דערקוויקן דאָ מיט א לעפל הייסן היימישן זופּ.

אָבער געוויס נאָך מער דערפון איז אַנטאַנאַס געדריסן געווען נאָענט אָט די האָרעפּאַשנע פאַרשטאָט דערמיט, וואָס זי האָט א סאַך טרײַע קעמפּער געגעבן זײַן פּאַרטיי.

פּלוצלינג האָט א רוגזע־פּײַערל זיך אָנגעצונדן אין זײַנע נאָרוואָס

פריילעכע אויגן. ער האָט דערזען יורי פּערעלמאַנען. וואָס טאָפּטשעט ער זיך דאָ? — האָט בייז א טראַכט געטאָן אנטאנאס.

יורי פּערעלמאַן האָט גלייך דערפילט, אז געדריס איז ניט איבעריק צופרידן פון דער צופעליקער באגעגעניש. פונדעסטוועגן איז ער צוגעגאַנגען און אָנגעהויבן ריידן וועגן גאָר אומשולדיקע זאכן.

— פונוויַיטנס, — זאָגט ער געדריסן גאָר פריַינטלעך, — קענען מיר זיך שוין א לענגערע צייַט, אָבער ריידן, אויב איך האָב ניט קיין טאָעס, ריידן מיר דאָס ערשטע מאָל...

— יאָ, קאָנטיק, אזוי.

א רעגע האָבן זיי זיך שווייַגנדיק אָנגעקוקט, גלייַך זיי וואָלטן איינער פארן אנדערן געוועזן א מין אנטדעקונג. אנטאנאס געדריס האָט אויסגעזען פיל באדייַטנדיקער, ווי יורי פּערעלמאַן האָט זיך פאָרגעשטעלט דעם דאָזיקן באָלשעוויק. האָט אים אויסגעפעלט דרייסטקייַט טייקעף אָנהייבן ריידן וועגן דעם, צוליב וואָס ער, יורי פּערעלמאַן, איז אהער געקומען. אָבער די לאגע איז, לויט זייַן מיינונג, געווען אזא ערנסטע, אז ער האָט זיך פאָרט באשלאָסן כאפּן מיט געדריסן א שמועס וועגן דער איקער־פראגע.

— די צייַט איז אזא, — נעמט ער ריידן צו אנטאנאסן זייער איינגעהאלטן, — אז געזעלשאפטלעכע טוער מעגן זיך פארגינען וועןָ־ניט־איז צו טרעפן זיך און עפּשער אפילע פּרובירן אויך דורכקומען... אָט איז בא מיר מיט מערקינען אויך ניט קיין צו הייסע ליבע... פונדעסטוועגן...

— ניין, — האָט געדריסעס ענטפער אָפּגעקלונגען קאטעגאָריש, — עס גייט ניט, הער פּערעלמאַן, אין דורכקומען!

אין דער רעגע דערפילט זיך אנטאנאס ווי אָפּגעבריט פונעם געדאנק, אז די באגעגעניש מיט פּערעלמאנען איז ניט קיין צופעליקע, ווי אים האָט לעכאטכילע זיך אויסגעדוכט.

אנטאנאס געדריס האָט ניט געקאָנט און ניט געוואָלט פארגעסן, אז אין די שווערע אָקופּאציע־יאָרן איז יורי פּערעלמאַן געוואָרן אן אריַינגייער צום מאיאָר פאָן אָקסמאַן, וועלכער האָט מיט א ברייטער האנט געזייט דאָ אונטערדריקונג, הונגער, כורבן און טויט. איז צוליב וועלכע נייַע אופטוען, דערוועקט זיך בא אנטאנאסן א פארדאכט, איז פּערעלמאַנען נייטיק געוואָרן א באגעגעניש און אפילע א פלאפלערייַ וועגן א דורכקומעניש?..

זיי האָבן מער ניט געהאט וועגן וואָס צו ריידן. ארום איז געווען אזוי פּוסט, כאָטש נעם און לויף איבער דער גאנצער לענג און ברייט פון דער דאָזיקער פאָרשטאָט־גאַס, וועסטו זיך אויך אף קיינעם ניט אָנשטויסן. נאָר

אנטאנאס געדריס און יורי פערעלמאַן זײַנען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען אַזוי פּאַמעלעך, פּונקט ווי זייער קורצער שמועס וואָלט זיי געהאַט צוגעפירט צו עפּעס זייער א געפערלעך און גליטשיק אָרט...

## 10

לויטן באַשלוס פון קאָמיטעט זײַנען די פּאַרטיי־פליכטן פאַנאַנדערגעטיילט געוואָרן אַזוי: פאַר אַלע אָרגאַניזאַציאָנעלע עניניאָנים איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך אַנטאַנאַס געדריס; די אָנפירונג מיט דער אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע איז געווען אָנגעטרויט רודניצקין, וועלכער האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס פייִקער רעדנער. אַנטאַנאַס איז אָבער געווען ערנסט פאַרזאָרגט, צי רודניצקי איז גענוג צוגעפּאַסט אָף פירן די דאָזיקע אַרבעט. זיך אַליין האָט ער דאָך געקענט מוידע זײַן, אַז ער קאָן זיך נאָך אַלץ ניט באַפרײַען פון דעם ערשטן אײַנדרוק, וואָס רודניצקי האָט געמאַכט אָף אים: א ביסל צופיל יוגנטלעכע פאַנטאַזיאָרישקײַט און ווינציקלעך ערנסטע באַדאַכטקײַט. דעריבער האָט ער באַשלאָסן צוגיין אין נאָדל־פאַריין און דורכריידן זיך מיט אייניקע כאַווייִרים וועגן דעם.

ער איז אַרײַן אין דעם האַלב־פינצטערן לאָקאַל פון פאַריין, געכאַפּט א קוק אין אַלע ווינקעלעך און אין א זײַטיק צימער אָנגעטראָפן אָף יויסעף בערמאַנען. מיט א באַצוימטן טאָן, ניט אַרויסצווײַזן זײַן עפּשער שוין צו גרויסן אינטערעס, פרעגט ער בא אים:

— וואָס, זאָג מיר, איז דאָ הײַנט געווען?

— אַלץ איז געווען, — האָט מיט צופרידנקײַט אָפּגעקלונגען בערמאַנס ענטפער, — אַלץ, פון אַלינקע מינים!

— פּאָרט, וואָס? — איז אַנטאַנאַס פון אים ניט אָפּגעטראָטן.

— א גאַנצן טאָג, — דערציילט אים בערמאַן, — הערן ניט אויף די פאַרזאַמלונגען. א גאַנצינקן טאָג!

— און ווער זײַנען די רעדנער? — שטײַגט בא אַנטאַנאַסן די נײַגעריקײַט.

— ווער? אַלע ריידן...

— און רודניצקי?

— מער פון אַלעמען, און זייער גוט.

אַנטאַנאַס באַרויִקט זיך עטוואָס. בערמאַן איז א דערפאַרענער פאַרטיי־טוער. אויב ער איז אַזוי צופרידן, הייסט עס, אַז אַלץ גייט ווי געוואונטשן. און געדריסן ווערט נאָך ליבער דער פאַריין מיט אַלע זײַנע מענטשן, מיטן קאָכיקן לעבן, וואָס עס גייט דאָ אָן.

עס ווערט שפעט. דער אוילעם נעמט זיך פאנאנדערגיין. אין גרויסן צימער לעשט מען אויס דעם לאָמפּ. רודניצקין ווילט זיך אָבער ניט אוועק־גיין. געדריסעס אומדערוואַרט קומען, זײַן פרײַנטלעך־צוגעלאָזענע האַל־טונג פאַרפעסטיקט אין אים די זיכערקײַט, אַז ער, דער ניט לאַנג געקו־מענער, איז געוואָרן אַן אייגענער מענטש אין דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַ־ציע.

רודניצקי פילט ניט, אַז אין דעם פּוסט געוואָרענעם לאָקאַל איז גע־וואָרן קאַלט. אַרופגעוואָרפן די טונקל־גראָע בעקעשע אויף די פּלייצעס, פאַרקלײַבט ער זיך מיט געדריסן און בערמאַנען אין איינעם אַ קוים באַלויכטענעם צימערל און נעמט זיי ווידער דערציילן אַלץ, וואָס ער ווייסט וועגן דער גרויסער אַקטיאַבער־רעוואָליוציע אין רוסלאַנד, וועגן לענינען און זײַנע מיטקעמפער.

הערנדיק רודניצקין, האָט אַנטאַנאַס אַזוי פאַרלייגט די פאַלדעס פון זײַן מיט מעל פאַרשטויבטער שינעל, גלײַך ווי ער וואָלט יעדעס אָקאָרשט געהערט וואָרט געוואָלט צוטוליען צו זיך.

אין יענע רעגעס, ווען רודניצקי האָט דערפילט, אַז די וואַרעמקײַט פון זײַן האַרץ לאָזט דאָ ניט איבער קיין גלײַכגילטיקע, האָט זיך אים פאַרוואָלט נאָך ענגער, נאָך פרײַנטלעכער זיך פאַרבינדן מיט די כאַווי־רים. אַ ביסל אומזיכער, מיט אַ קימאַט קינדערשן שמייכל אויף די ליפּן האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— וויבאַלד מיר זײַנען שוין יאָ געוואָרן אַזוי פאַרברידערט, וואָלט זיך מיר וועלן אײַך ווײַזן אַ פאָטאָגראַפיע...

— אַדעראַבע, — האָט אַנטאַנאַס קוים זיך אײַנגעהאַלטן ניט אַרויסצו־ווײַזן זײַן פאַרוווּנדערונג.

— אָט, — האָט רודניצקי געטאָן אַ ווײַז, — דאָס איז אויך אַ פּאַרטיי־כאַווער און נאָך מײַנער... מײַנער אַ פּערזענלעכער פרײַנט.

— זעסט, — איז בערמאַן שיר ניט אופגעשפּרונגען פון אַנציקונג, — גאָר־גאָר אַ פײַנע. אַ רוסישע?

— יאָ.

— אַן אַרבעטערקע?

— ניין. אַ קורסיסטקע.

— טאַקע קענטיק, — האָט אויף בערמאַנס מאָגער פּאָנעם זיך באַוויזן אַ גוטמוטיקער שמייכל. — זי זעט מיר אויס ווי אַ רעוואָליוציאָנערקע פון פּאָריקן יאָרהונדערט.

באַזונדערס איז בערמאַנען געפעלן, וואָס אירע בלאָנדע, קורץ געשוי־רענע האָר האָט די קורסיסטקע געטראָגן פאַרקעמט גלאַט און אויף אַרויף.

— אן עמעס איידל פּנעם, — האָט ער באלד נאָך צוגעגעבן, — ביז גאָר אן איידלס...

א שוויַיגנדיקער און ווי אין עפּעס אן אריַינגעטאָנענער, האָט אנטאַ־נאס פארלאָזט דאָס קליינע צימערל און שווערלעך אוועקגעשפּאנט אין לאגער, אלץ נאָך פילנדיק יענע באזונדערע כאווערישקייַט, וואָס איז אנטשטאנען צווישן אים און דעם ניַי־אָנגעקומענעם רודניצקין.

אף די לאנגע ברודיקע נארעס פונעם לאגער איז שוין קיין זייכער ניט פארבליבן פונעם אונטערגעבעטן, לאנג שוין צעריבענעם שטרוי. עטלעכע צענדליק צוואנגס־ארבעטער זיַינען געשלאָפן אף די הוילע נאַ־רעס. ווער פאנאנדערגעוואָרפן די הענט און די פיס און ווער צונויפגע־דרייט אין א שטיַיפן קנויל. זיי האָבן אנטאנאסן אויסגעזען ווי אָקאָרשט דערוואָרגענע, אף וועלכע עס זיַינען נאָך פארבליבן סימאָנים פון גרויַ־ליקע טויט־קראמפן.

ליגנדיק מיט פארמאכטע אויגן אונטער דער אלטער שינעל און צוויַנ־גענדיק זיך איַינשלאָפן, האָט אנטאנאס עפּשער נאָך בעסער ווי אף דער וואָר געזען רודניצקיס געזיכט, זיַינע גרויסע קינדערש־גוטע אויגן, געזען זיַין צעבליטן שמייכל, ווען ער האָט געוויזן די פאָטאָגראַפיע, פון וועלכער עס האָט אראָפּגעקוקט דאָס ווירקלעך סימפּאטישע פּאָנעם פון זיַין כאַ־ווערטע... נאָך גאָר א יינגל, — האָט אנטאנאס מילד א טראכט געטאָן וועגן רודניצקין. — אָט איז ער מאמעש שיקער פון דער רעוואָליוציע, און אָט — פון ליבע צו זיַין כאווערטע, דער קורסיסטקע.

שווער און אומרויִק האָט זיך אנטאנאס געוואָרפן פון איין זיַיט אף דער אנדערער, און דאָס גאנצע וועזן זיַינס האָט ווי געפיבערט פון פאר־לאנג: ווי דערוואַרט מען, טאָג זאָל שוין ווערן?..

## 11

דער מיטליאָריקער קרעפּטיקער אדאם קעלבאשינסקי, א הויך־קוואַלי־פיצירטער צושניַידער אין איינעם פון די גרויסע שטאָטישע קליידער־געשעפטן, האָט שטענדיק געשטרעבט גוט זיך אָנטאָן און יונג אויסזען. אָבער נאָך מער פון דעם האָט ער געשטרעבט צו ווערן אליין א שטיקל באלעבאָס. און ווען ער האָט דאָס דערגרייכט, געעפנט א קליין, אָבער אן אייגן געשעפטל, האָט ער זיך דערפילט איבערגליקלעך.

טאקע דערפאר, וואָס אדאם קעלבאשינסקי האָט אזוי ווי א וואָרעם געוואָלט זיך ארײַנשלענגלען אין די „העכערע ספערן", איז ער גרייט געווען שרײַען „הורא", ווען די ערשטע דײַטשישע ארמײ־טיילן האָבן זיך ארײַנגעריסן אין שטאָט.

פון אָנהייב האָט וואנדע, די פרוי זײַנע, אים געוואָלט געבן צו פאר־שטיין, אז מע דארף זײַן פאָרזיכטיק און ניט שפּרינגען אזוי פון דער הויט. ער האָט דאָך ארײַנגעבראָקט אין זײַן ברעקל געשעפט ניט בלויז זייערע אייגענע אָפּגעשפּאָרטע עטלעכע גראָשנס, נאָר אויך דאָס ביסל געליִענע בא נאָענטע. דערויף האָט איר אדאם גוטמוטיק געענטפערט:

— נארעלע וואָס דו ביסט, עס קאָן זיך גאָר מאכן, אז בא די יעקעס וועט מען לייזן מער, ווי בא די אייגענע...

וואנדען איז געווען צום הארצן איר מאנס פארלאנג ניט צו זײַן דאָס גאנצע לעבן א מענטש בא יענעם. אָבער זײַנע וועגן און מיטלען צו דערגרייכן דעם ציל זײַנען איר געווען פרעמד. זי האָט געפּרוווט אף אים ווירקן, איבערצײַגן. אָבער קיין זאך זיך ניט דערשלאָגן, האָט זי פעסט באשלאָסן מער זיך ניט מישן אין זײַנע געשעפטן.

טעג זײַנען געשטאנען קאלטע, ליכטיקע און טרוקענע. די גאסן זײַנען פול געווען מיט אײַלנדיקע דײַטשישע זעלנער און אָפיצערן, וואָס האָבן אין זייערע קורצע גרינע שינעלן און לײַכטע היטלען אויסגעזען וואנדען ווי טונקעלע פלעקן אף די גאסן פון איר היימשטאָט.

די זעלנער האָבן, קאָנטיק, מוירע געהאט גיין איינציקווײַז, פלעגן זיי גיין צו פינף און צו זעקס. בא די שויפענצטער, פולע מיט סכוירע, פלעגן זיי בלײַבן שטיין פארגאפטע.

— זי נור, קאמראד, — פלעגן זיי איינער דעם אנדערן אָנווײַזן אף דעם, ווי אף עפּעס א גרויס ווונדער, וואָס מע קאָן נאָר זען אף דער ליטווישער ערד, — זי נור!..

אדאם קעלבאשינסקי איז איצט געווען אזוי פארנומען בא זיך אין קלייטל, אז אפילע אף אזא קלייניקײַט, ווי אָפּראזירן די געלבלעכע באָרד און וואָנצעס, האָט אים אויך ניט געקלעקט קיין צײַט.

— נור שנעלער, — האָבן די דײַטשן פארלאנגט. — נור שנעלער!

פון דער דאָזיקער אײַלעניש זײַנען קעלבאשינסקיס אזוי אויך ניט שטארק געפּאַקטע פּאָליצעס גאָר גיך געוואָרן איינגאנצן ליידיק. זייער נאקעטקײַט האָט געשראָקן, און קעלבאשינסקין איז שווער געוואָרן אויס־באהאלטן די אנטוישונג, וואָס אים האָט באהערשט.

— זע נאָר, — האָט ער א דערשלאָגענער געזאָגט וואנדען, — ווי היי־שעריקן וואָלטן באפאלן און אופגעפרעסן אונדזער ביסל סכוירע.

— יאָ, — האָט וואַנדע אַרויסגעזיפֿט אַזוי, ווי זי וואָלט גאָר לעכאַט־כּילע עפּעס אַנדערש ניט דערוואַרט.

— און קיין מעזומאָנים שטעקן זיי ניט... זיי קומען אָפּ מיט פּאַפּיר־לעך, מיט „שײַנען". מע וואָלט באַדאַרפֿט כאַטש אַרויסקריגן די פּאָר גראָשן, וואָס עס קומט לויט זייערע שײַנען...

אָבער ווי און וואָס ער זאָל וואַנדען ניט האָבן געזאָגט, האָט ער גע־הערט פֿון איר ניט מער, ווי „יאָ".

האָט ער אויסגעמיטן ווײַטער צו ריידן מיט דער אָנגעברויגעזטער וואַנדען און געלאָזט זיך אין שטאָט אַרײַן. אין גאַס האָט ער זיך אָנגע־שטויסן אָף באָרעך־שאָלעמען, אַן אָנגעשטעלטן פֿון אַ גרויסן פֿוך־גע־שעפֿט, אָף וועמעס פֿאַראַנטוואָרטלעכקײַט זײַן אַנטלאָפֿענער באַלעבאָס האָט איבערגעלאָזט די גאַנצע סכוירע, פֿון וועלכער די זעלבע דײַטשישע זעלנער און אָפֿיצערן האָבן קיין געדעכעניש ניט איבערגעלאָזט.

אַדאַם האָט גוט געקענט דעם באַריידעוודיקן באָרעך־שאָלעמען און געוווּסט, אַז ער וועט אים אַליין אויסדערציילן אַלע נײַסן, האָט ער אים נאָר פֿאַרגעבן אַ האַלב־שטומע פֿראַגע:

— נו?..

— איר דאַרפֿט וויסן, — האָט באָרעך־שאָלעם זיך אָנגעכאַפּט אָן אַ קנעפּל פֿון אַדאַמס בעגעד, — איר דאַרפֿט וויסן, מײַן טײַערער, אַז צווישן די שײַנען, מיט וועלכע מע האָט דאָ אַלעמען אָנגעשטאָפּט פֿאַרן צוגענו־מענעם האָב־און־גוטס, זײַנען דאָ אַ סאַך מער פֿאַלשע, ווי עמעסע. אָבער סײַ די עמעסע, סײַ די פֿאַלשע האָבן איין מײַלע: קיינער גלייבט ניט, אַז זיי האָבן עפּעס די ווערט...

— איז וואָס זשע?!

— געגנאַרעראַײַ! — האָט פֿון באָרעך־שאָלעמען ווי אַרויסגעשריִען די סינע. — טפֿו צו זייערע קעפּ!

אַן אָפּגענאַרטער, האָט אַדאַם ווי ניט ווילנדיק אָוועקגעשפּאַנט אַהיים. ניט וואַגנדיק דערציילן וואַנדען וועגן דעם דאָזיקן שמועס, האָט ער גע־רעדט צו זיך אַליין, ווי צו עמעצן אַ צווייטן:

— אָט האָט איר אײַך גאַזלאָוואָיסטווע אין סאַמע מיטן העלן טאָג!

וויי טויזנטער אַנדערע, האָט מען אויך אַדאַם קעלבאַשינסקין געכאַפּט און פֿאַרטריבן אָף צוואַנגס־אַרבעט. פֿון שווערער מי, פֿון הונגער, קעלט און שמוץ איז ער, ווי אַלע אַנדערע צוואַנגס־אַרבעטער, געוואָרן אויסגע־מאָגערט, שטאַרק אָפּגעשוואַכט.

איינמאָל, ווען ער האָט אין צעריסענעם צעפּליקטן אָנטאָן זיך גע־שלעפּט אונטער א קאָנוואָי צום ארבעטס־אָרט, א פארפרעמדטער פון אלץ און אלעמען, האָט ער דערהערט, ווי עמעצער רופט אים באם נאָמען.

— אדאם, דו?! — האָט ער דערקענט די שטים פון דער אלטער קרוויווע, וועלכע האָט געוווינט בא אים אין שטוב.

— הא? — האָט קעלבאשינסקי זיך אזש א טרייסל געטאָן.

— דו הער זיך צו, וואָס איך וועל דיר זאָגן, — האָט די פרוי פונ־וויַיטנס צו אים געשריִען, — פון דיַין שטוב איז געוואָרן טיל־טעל. די יעקעס האָבן אלץ צעשלעפּט, אוועקגעשיקט צו זיך אהיים אָדער דאָ אפּן אָרט פארהאנדלט!..

— ווו איז וואנדע? — האָט פון קעלבאשינסקין ארויסגעשריִען א הייַ־סער וויי. — פארוואָס איז זי אליין ניט געקומען?

— נעכטן, — האָט די קרויווע פאַרגעזעצט דאָס איריקע, — איז צו דיַין שטוב צוגעפאָרן א דיַיטש און צוגענומען דאָס ביסל קופּערנע און מעשענע קיילים. אפילע די פּאָר בלאנקע הענטלעך פון די טירן און פענצטער האָבן זיי אויך אראָפּגעריסן. „מע דארף דאָס, — זאָגן זיי, — אף מאכן קוילן צו שיסן אין די רוסן". אפילע דיַין קאַץ האָבן זיי מיט־גענומען. „א הערלעכער קראגן, — האָבן זיי ניט געקאָנט זיך אָפּלויבן פון דער קאַץ, — וועט פון איר פעל ארויסקומען".

— גאָט מיַינער, — האָט אדאם שוין אינגאנצן געציטערט, — אָבער וואָס איז מיט וואנדען?

— דיַין וואנדע איז א צייט געזעסן אין טורמע. דו מיינסט ניט, כאָלילע, אז פאר גנייווע. דו ווייסט דאָך: זי וועט זיך צו פרעמדס אפילע ניט צו־רירן... אלע, וואָס מע האָט געכאַפּט אף צוואנגס־ארבעט, האָט מען גע־האלטן אין טורמע, ביז מע האָט צונויפגעשלעפּט א גרויסע פּארטיע, און ערשט דעמלט האָט מען זיי ערגעץ אוועקגעטריבן. דיַין וואנדען, זאָגט מען, האָט מען טיף אין דיַיטשלאנד פארשלעפּט.

די קרויווע איז פונדערוויַיטנס נאָכגעגאנגען די צוואנגס־ארבעטער, געווישט די אויגן מיט אן עק פון איר קאָפּטיכל, סיַי צוליב דעם, מיס־טאמע, דער קאָנוואָי זאָל ניט באמערקן, ווער עס רעדט, סיַי פון ווייטעק איבער א כאָרעוו געמאכט לעבן.

קעלבאשינסקיס געל־באוואקסן פּאָנעם איז געוואָרן טויט־בלאס. מיט א האלב־אָפן מויל, די בלוטלאָזע ליפּן אויסגעטריקנט און פארשמאכט, איז ער געבליבן א רעגע שטיין. סינע און קאס האָבן צעשפּארט זיַין ברוסט. אָבער וואָס טוט מען?

אָט אַנטאַנאַס געדריס און זײַנע כאַווײרים, זײ װעלן ניט שװײַגן, זײ װעלן געװיס פּרוּװן עפּעס טאָן. נאָר װאָס קאָן ער, אַדאַם, אָפּטאָן קעגן אַזאַ קויעך? דער געפיל פון מאַכטלאָזיקײַט, אומבאַהאָלפנקײַט האָט אים מאַמעש געװאָרגן.

## 12

אַף צװאַנגס־אַרבעט איז זיגמונד אָלשעװסקי אַרײַנגעפאַלן גאַנץ צופעליק. ער איז גראָד געקומען פון זײַן הײמשטעטל אַף עטלעכע טעג אַהער, אין דער גרויסער שטאָט, װוּ ער האָט מיט עטלעכע יאָר צוריק געענדיקט דעם אוניװערסיטעט. קײן שטענדיקע אַרבעט האָט ער, דער פּאָליאַק, אין צאַרישן רוסלאַנד ניט געקאָנט געפינען, פלעגט ער זיצן טאָג־לאַנג אַף דעם האַלב־כאָרעװון גאַנעק פון זײַן טאַטנס שטוב, באַגלײטן מיט די אויגן אַ װען־ניט־װען פאַרבײַפאָרנדיק פורל און ביז מיד װערן קוקן אין דער פוסטער װײַט.

— איך אַלײן, מײנט איר, בין געזעסן אָן אַ באַשעפטיקונג? — פלעגט ער פרעגן אַזוי, פונקט װי עמעצער װאָלט באַ אים געמאָנט אַ דין־װעכעזשבן פאַר יענער צײַט. — גרעסערע בעריעס פון מיר זײַנען אַזוי געזעסן!..

ער האָט זיך נאָר באַװיזן אַף די אָװלדיקע גאַסן פון דער אַמאָל פרײלעכער און רױשיקער שטאָט, װי אַ פאַרבײַגײענדיקן װאַכמײַסטער איז אײַנגעפאַלן לוסטיק זיך צו מאַכן איבערן אינטעליגענט מיט די קורצזיכטיקע אויגן הינטער די גרויסע ברילן.

— אײ, דו, קאַם מאַל היר, — האָט אים דער װאַכמײַסטער אַ רוף געטאָן, װי אַ פאַרזינדיקט גאַסן־ייִנגל, און שטרענג באַפוילן, — אַבער דו גײסט מיט, זאַפּאָרט. פּאַרױס!

פון דאַן אָן האָט זיך זיגמונד אָלשעװסקי געפילט אַזוי, גלײַך ניט נאָר קײן באַװאָפנטע זעלנער װאָלטן אים געהיט, נאָר װי מע װאָלט מיט אײַזן געפּענטעט זײַנע הענט און פיס. קײן װעגן, קײן מיטלען, קײן קויעך, װעלכע זאָלן אים קענען העלפן זיך אַרויסרײַסן פון דעם דאָזיקן צװאַנג, האָט ער אַרום זיך ניט געזען. האָט ער זיך געפילט אינגאַנצן הילפלאָז און דערשלאָגן. אַנטאַנאַס האָט פאַרשטאַנען, אין װאָס פאַר אַ צושטאַנד ער געפינט זיך, דער דאָזיקער אינטעליגענט מיט די מידע אויגן. ער האָט זיך צו אים צוגעקוקט אַ שטיקל צײַט. דערנאָך פאַרטרויעך דערצײלט װעגן דער באָלשעװיסטישער טעטיקײַט אין שטאָט, אין דאָרף און גופע דאָ, אין לאַגער. זיגמונד האָט אױפגעלעבט. ער האָט זיך

דערפילט אזוי, ווי מע וואָלט אים אומגעקערט זײַן מענטשן־ווירדע. פון דעמלט אָן האָט פון זײַן פּאָנעם זיך ניט אָפּגעטאָן דער גוטער שמייכל.

— דו ווייסט, — האָט אים יויסעף בערמאַן א זאָג געטאָן גוטברודע־ריש, — דו נעמסט מיר אויסזען, ווי דו וואָלסט האָבן געפונען א באַהאַלטענעם אויצער...

— אָן אויצער ניט קיין אויצער, — איז זיך זיגמונד שעמעוודיק מוידע געווען, — אָבער א ציל האָב איך טאקע געפונען.

די לעצטע טעג האָט אָלשעווסקי זייער אופמערקזאם נאָכגעשפּירט נאָך דעם הויז פון פּאָניאטאָווסקין, דעם באַלעבאָס פון דער גרויסער מיל.

אָט באמערקט ער, ווי פּאָניאטאָווסקי גיט פּלוצעם א הייב אוף א ברעג פונעם נידעריק אראָפּהענגענדיקן קלאָר־ווײַסן טיולענעם פאָרהאנג פון דעם פענצטער, וואָס גייט ארויס צום הויף, און כאַפּט א באהאלטע־נעם קוק אין דעם גרויסן מיל־הויף, ווו עס ארבעטן די צוואנגס־ארבע־טער, און אָט פארשווינדט ער ווידער. פּאַן פּאָניאטאָווסקי, — דערוועקט זיך בא אָלשעווסקין א פארדאכט, — פּרובירט דאָ מיט עמעצן א שפּיל טאָן אין באהעלטעניש...

וועגן דעם פּאַן פּאָניאטאָווסקי פלעגן אלע זאָגן, אז ער איז „א פונ־דאמענטאלער נאָגיד“. זײַן אייגנס איז באשטאנען ניט אזוי אין מעזומען, ווי אין פּילשטאָקיקע הײַזער, מילן, מאיאָנטקעס און פול־געפּאקטע מעל־שפּײַערס, וואָס אין די הענט פון אָט דעם גוויר איז דאָס געווען א זיכער מיטל צו האָבן א ברייטע דייע אפן ברויט־מארק. אָבער די „רעקוויזיציע־מאגייפע“ האָט אויך אים ניט אויסגעמיטן. אפילע די צוויי ווײַסע גע־פּעסטעטע רײַט־פערד, וואָס זײַנען געשטאנען שטענדיק גרייטע אים צו דינען, זײַנען אויך רעקווירירט געוואָרן.

עפשער ניט אומזיסט פלעגט דעם פּאַן פּאָניאטאָווסקי זיך אָפּט דוכטן, אז ניט בלויז זײַן פארמעגן, נאָר אויך זײַן איינציקע טאָכטער האָט דער מאיאָר פאָן אָקסמאַן רעקווירירט און אים, דעם פּאַן, נאָר איבערגעלאָזט דאָס רעכט צו רייצן דעם הונגעריקן לעקישעוואטן צוואנגס־ארבעטער וואצעקן מיט עפּעס א נישטיקן ביסן, רייצן כאָטש ביז דול מאכן זיך און אים.

ווען דער זאטער, אויסגערוטער פּאַן פּאָניאטאָווסקי וויל כאָטש צו עמעצן אויסלאָזן זײַן מאכטלאָזן צאָרן, נעמט ער א הייסע קארטאָפל אין זײַן פון עלטער אויסגעטריקנטער האנט און גייט ארויס אפן באלקאָן פון זײַן דירע. דערבײַ מאכט ער א באוועגונג, ווי ער וואָלט זיך גע־קליבן ארײַנווארפן די קארטאָפל אין וואצעקס פאנאנדערגעפּנט מויל. אין יענע רעגעס פלעגט זיך וואצעק גיך באוועגן אהין און אהער, קעדיי

פארגרינגערן סײַ דעם פֿאַן פּאַניאַטאָווסקי צו טרעפֿן אין זײַן מויל, סײַ זיך אליין צו כאַפּן דעם צוגעוואָרפֿענעם מײַכל. נאָר דער פֿאַן פּאַניאַטאָווסקי האָט די קאַרטאָפֿל ניט געוואָרפֿן.

וואַצעק פֿלעגט ניט בלויז טאַנצן אַנטקעגן דער ברייט צעעפֿנטער באַלקאָן־טיר, נאָר פּויזען אויף אַלע פֿיר, און דער פֿאַן פֿלעגט לאַכן מיט אַזאַ פּוסט געלעכטער, אַז די אַנדערע צוואַנגס־אַרבעטער פֿלעגן ניט בלויז שטיקן קראַמפּן פֿון ווייטעק און שאַנדע, נאָר זיי זײַנען געווען גרייט אײַנגראָבן דאָס געזיכט אין דער קאַלטער, פֿײַכטער ערד, אַבי ניט אָנקוקן אַזאַ אומענטשלעכע דערנידעריקונג.

זיגמונד אָלשעווסקי און זײַנע כאַוויירים האָבן געוווּסט, אַז דאָס איז ניט נאָר אַ שפּיל. דער פֿאַן ווייסט, וואָס ער טוט. פֿאַר אַן איבעריקן ביסן האָט ער פֿאַרוואַנדלט וואַצעקן אין אַ טרײַען קנעכט, וועלכער וועט פֿאָלגן און טאָן אַלץ, וואָס דער פֿאַן פּאַניאַטאָווסקי וועט הייסן.

אינעם גרויסן מיל־הויף זײַנען, ווי שטענדיק, געשטאַנען אַ סאַך אָנגעטריבענע פֿורלעך, פֿון וועלכע פּויערים האָבן אויסגעלאָדן די געבראַכטע זעק מיט ווייץ, מיט קאָרן, האָבער און גערשטן, וואָס די דײַטשישע פֿעלד־זשאַנדאַרן האָבן טאַקע בײַ זיי, בײַ די פּויערים, רעקווירירט און שפּעטער נאָך געצוווּנגען ברענגען אַהער. צוליב דעם, מיסטאָמע, האָט אין הויף געהערשט אַ מין שטום־אײַנגעשפּאַרטע שווײַגעניש. אין דער דאָזיקער שווערער שטילקײַט האָט זיגמונד אויפֿגעכאַפּט דעם שאָרך פֿון פֿאָרזיכטיקע געהיטע טריט, וואָס האָט אים אויסגעזען צו זײַן פֿאַרדעכטיק.

— קאָנטיק, דאָס גייט דער פֿאַן פּאַניאַטאָווסקי, — האָט זיגמונד געפּרוווט טרעפֿן, — אים איז ווייניק געוואָרן דאָס קוקן דורכן פֿאָרהאַנג, אים רופֿעט... ער הייבט אָן אַלץ נעענטער זיך רוקן צו זײַן אייגנס!

— יאַטן, — האָט יויסעף בערמאַן דאָס אויפֿגענומען ווי אַ סאַקאָנע, — אויב פֿאַן פּאַניאַטאָווסקי וועט אַהער אַרײַנשטעקן זײַן טויט־בלאַס נעזל, זאָל מיט אים קיינער קיין וואָרט ניט אויסריידן. אַלע הערן?

די צײַט האָט גענומען שפּאַנען ווי מיט קלאַפּטער־טריט. עס זײַנען באַוווּסט געוואָרן אַזעלכע געשעענישן, וואָס האָבן נאָך מער פֿאַרגרעסערט די צערודערונג. די יעדיִע ווען אַן אונטערגעשריבענעם שאָלעם־אָפּמאַך צווישן דעם נײַעם רוסלאַנד און דײַטשלאַנד, וועגן דעם, אַז אין אַלע

עקן דײַטשלאַנד און עסטרײַך־אונגאַרן האָבן זיך אָנגעהויבן גאַסן־דעמאָנסטראַציעס, — דאָס אַלץ האָט צעוויגט די טעמפּע דיסציפּלין און געהאָרכזאַמקײַט אַפּילע אינעם קײַזער ווילהעלמס אַרמיי.

דער פּאַן פּאָניאַטאָווסקי האָט פאַרווונדערט אָנגעקוקט, ווי די מיליטערישע וואַך איז קימאַט שוין אויסגערונען פון זײַן גרויסן הויף און קיינעם, דוכט זיך, גייען מער ניט אָן דאָ סײַ זײַנע שײַערס און סײַ אויך די בערג זעק מיט ווייץ, קאָרן, האָבער און גערשטן, וואָס די פּויערים האָבן פאַרן טאָג אויסגעלאָדן אונטערן פרײַען הימל. א מין צעטומלטער העפקער האָט אַרויסגעקוקט צום פּאַן פּאָניאַטאָווסקי פון דעם אַלץ, וואָס איז געלעגן אין זײַן גרויסן מיל־הויף. כאָטש נעם זיך צוריק אָן מיט אַמאָליקער גוווּרע, — דערוואַכט אין אים א באַגער, — און פאַריאָג פונדאַנען דאָס ביסל נאָך פאַרבליבענע צוואַנגס־אַרבעטער און ווער ווידער באַלעבאָס פון דײַן אייגנס...

בלויז פון אָט דעם געדאַנק האָט אין דעם פּאַן פּאָניאַטאָווסקיס קימאַט ווײַסע, וואַסערדיקע אויגן זיך באַוויזן א לעבעדיק פײַערל און א מונטערקײַט האָט פאַרפולט זײַן גאַנצן וועזן. אין שטאָט, — האָט אין אים גענומען אָנקוועלן א צופרידנקײַט, — זײַנען מענטשן פאַרבליבן בא פּוסטע, פאַרשטויבטע קראָם־פּאָליצעס און אַנטבלויזטער שאַנד, אָבער פון זײַנע מעל־שײַערס האָבן די דײַטשן, עפּשער טאַקע אַדאַנק דער מעהומע, ניט באַוויזן אַלץ אַרויסצופירן. זעט אים אויס, אַז ניט קיין מעל ווײַסע, ווי ריינער שניי, נאָר א לויטערער, קלאָרער הימל קוקט צו אים אַרויס פון די פולע זעק. מיט ברייט פאַנאַנדערגעשפּרייטע הענט לאָזט ער זיך צום באַרג אָנגעפּירטע זעק, מורמלענדיק צו זיי, ווי צו לעבעדיקע.

— שאַ, — גיט זיך אָלשעווסקי א טרייסל אויף, דערהערנדיק זײַנע טריט, — שאַ!

— גאָרניט, — באַרויִקט אים בערמאַן נאָך א רעגע אײַנהערן זיך, — דיר האַלט זיך נאָר אין איין דוכטן...

— עמעצער גייט אַרום אין הויף, — באַשטייט זיגמונד אויף זײַנעם.

— עפּשער איז דאָס אַנטאַנאַס געקומען?

בערמאַן האָט זיך אויפגעהויבן פון צווישן דעם באַרג צעריסענע זעק, וואָס ער האָט פאַריכט אינעם שײַער־ווינקל, אַרויסגעלאָזט פון די הענט די גרויסע זאַק־נאָדל און דעם שפּאַגאַט, מיט וועלכן ער האָט פאַרשטשאָבעט די זאַק־לעכער, און זיך אוועקגעלאָזט א קוק טאָן, צי איז טאַקע עמעצער פאַראַן אין הויף. אָבער טייקעף בלײַבט ער שטיין. אויפן סאַמע שוועל פון שײַער דערזעט ער דעם פּאַן פּאָניאַטאָווסקי, א יאָמטעוודיק אויסגעפּוצטן.

— מע גייט, — גיט אָלשעווסקי א זאָג מיט אזא טאָן, גלײַך ער וואָלט געמיינט אונטערשטרײַכן, אז זײַן פריערדיקע וואָרענונג האָט ניט געהאט קיין שום שײַכעס צום אָקאָרשט ארײַנגעקומענעם פּאָניאטאָווסקי, — אז איך זאָג, מע גייט, גייט מען...

— יאָ, — האָט בערמאן נאָך א רעגעלע ארויסקוקן באשטעטיקט, — טאקע עמעס! אנטאנאס גייט. אנטאנאס! — איז ער פריידיק אופגעלעבט געוואָרן. ניט לייגנדיק מער קיין אכט אפן אויסגעפּוצטן פּאן, זאָגט ער צו געדריסן ניט אָן פארוווּנדערונג: — זע נאָר, ווי מע דערקענט דײַן גענגעלע... א סימען, אז אלע וואַרטן אף דיר...

— נאָר אף מיר איז די וואַרטעניש? — באווײַזט זיך א שמייכל אף גע־דריסעס פולבלעך צעוואַרעמט פּאָנעם.

— איך לאַך דאָך, נארעלע דו איינער, — ענטפערט פריילעך יויסעף בערמאן, — ניט אף דיר, אף די רויטע איז די וואַרטעניש.

— און ער, אָ? אָט דער... איז שוין דאָ לאנג? — גיט אנטאנאס א ווונק אין פּאָניאטאָווסקיס זײַט, ניט אָנרופנדיק אים באם נאָמען. — זעט נאָר, צי קומט ער ניט אהער א טאפּ טאָן דעם דויפּעק!.. — און ניט וואַרטנדיק אף קיין ענטפער, האָט אנטאנאס נאָך א קורצער פּויזע קימאט ווי א באפעל אָפּגעגעבן. — מע דארף גיכער ארײַנשלעפּן די זעק פון הויף! — און שוין שמייכלענדיק צו פּאָניאטאָווסקין, צוגעגעבן: — מעל איז ברויט. און מענטשן זײַנען הונגעריק, ווי די וועלף. קומט!

קיינער האָט גאָרניט געפרעגט און ניט דערווּנדערט. עס איז ניט געווען באוווּסט, ווו אנטאנאס געדריס איז געווען און וואָס דאָרט איז פּאָרגעקומען. געפילט האָט יעדערער, אז זײַנע ווערטער באטײַטן א ראדיקאלע ענדערונג פון דער באציִונג צום אָנגעראבעוועטן אייגנס און וועקן א גלויבן, אז דאָס ברויט מוז און וועט אָנקומען צו די, וואָס ניי־טיקן זיך אין דעם, — צו די הונגערנדיקע. צי האָט דאָס פארשטאנען אויך פּאָניאטאָווסקי, איז פארבליבן אומבאווּסט. באמערקנדיק, אז אלע נעמען זיך גרייטן ארויסצוגיין, האָט ער נאָר קלוימערשט גלײַכגילטיק א קוק געטאָן אף זײַן דינינקן קעשענע־זייגער און געזאָגט:

— איצטער, אזוי שפּעט ווילט איר זיך פארנעמען מיט שלעפּן שווע־רע זעק? ווייניק פאר א טאָג זיך אָנגעפּראצעוועט? גייט בעסער אין אײַערע באראקן!

— או־הו! — האָט יויסעף בערמאן כויזעק געמאכט פון דער קלוימער־שטער זאָרג. — או־הו!..

— מיר וועלן באלד גיין, — האָט אנטאנאס געדריס אונטערגעשטעלט א פּלייצע אונטער א שווערן זאק, — מירן גיין. אוואדע, נאָך א מין!

אין א לאַנגער ריי און, ווי שטענדיק, פּינקטלעך איינער נאָכן אנדערן האָבן די צוואנגס־ארבעטער, אלע מיט שווערע זעק אַף די אײַנגעבויגענע רוקנס, געשפּאנט פון הויף אין שײַער ארײַן און צוריק.

צום ערשטן מאָל איז זיי אלעמען גרינג געווען די שווערע מאסע.

נאָר אָט איז דער הויף שוין אויסגעליידיקט און דער לאנגער שײַער — פול מיט זעק. יויסעף בערמאן פארלעשט דעם קארביד־לאָמפּ און פארשליסט די ברייטע נידעריקע טיר פון שײַער.

אין דער פּלוצלינג אנטשטאנענער שטילקײַט האָט דאָס פארוקן דעם אײַזערנעם ריגל און דער דריי מיטן שליסל אין שלאָס אָפּגעקלונגען, ווי א רײַף געוואָרענע דראָונג.

א שווײַגנדיקער האָט פאן פּאָניאטאָווסקי אלץ נאָך זיך ארומגעשארט הין און הער, געוואָלט און ניט געקענט באגרײַפן, וואָס אזוינס דאָ איז פאָרגעקומען.

13

אין גאס איז געווען אן אופרודערונג. ארבעטער, אָנגעשטעלטע, באל־מעלאָכעס, ווער איינציקווײַז און ווער צו צוויי און צו דרײַ, האָבן זיך געגאנגוועט צו יענעם שמאָלן, לענגלעכן הויף, ווו עס האָט זיך געפונען דער נאָדל־פאריין.

מע איז געגאנגען געהיט, אָבער גענוג גיך, קעדיי ניט פארשפּעטיקן יענע ערשטע גרויסע פארזאמלונג, וואָס רודניצקי האָט פארטראכט, ווי א פּרווו איבערצוגיין צו אָפּטע אזעלכע מאסן־פארזאמלונגען.

געווען איז שוין זומער. אין דרויסן — ווארעם און ליכטיק.

כאָטש ס'איז שוין אוועק היפּש צײַט, זינט אין בריסק איז געשלאָסן געוואָרן דער שאָלעם־אָפּמאך, דאָך איז קיין שאָלעם נאָך אלץ ניט גע־ווען. ווידער האָבן די דײַטשן גענומען זיך רוקן טיפער אין רוסלאנד; און אין מורמאנסק, ווי עס איז טייקעף אויך דאָ באוווסט געוואָרן, האָבן די ענגלענדער ארויסגעזעצט זייערן א דעסאנט.

דאָס האָט נאָך מער פארגרעסערט אלעמענס אומרו, און יעדערער האָט געגארט זיך עפּעס נײַס דערוויסן וועגן די אלע געשעענישן. גערעדט וועגן דעם האָט מען קוים צו הערן, אָבער מיט אזא אינטערעס, פּונקט ווי עס וואָלט זיך געהאנדלט ניט וועגן סאָוועטן־רוסלאנד, וואָס האָט זיך געפונען פון יענער זײַט גרענעץ, נאָר ווי וועגן אן אייגענעם, שווער אויסגעקעמפטן זיג, וואָס איז פּלוצלינג געשטעלט געוואָרן אין סאקאָנע.

„לענין, — האָט זיך איינער באַם אַנדערן געסטאַרעט דערוויסן, — וואָס זאָגט וועגן דעם לענין?..“

מע האָט אַזוי געוואָרט אַף לענינס וואָרט, גלײַך ער, לענין, דורך אַלע־מען אָן אויסגעוויילטער, וואָלט אָקאָרשט פונדאַנען אַוועק עפּעס נייטיקס קלאָר מאַכן און אָט־אָט דאַרף ער צוריקקומען מיט אַן ענטפער, ווי און וואָס ווײַטער צו טאָן.

אין נאָדל־פאַריין זײַנען נאָך קיינמאָל אַזויפיל מענטשן ניט געווען. אַנטאַנאַס געדריסן איז ניט איבעריק געפעלן געווען רודניצקיס אופטו.

„אַזויפיל מענטשן דאָ צונויפגעקומען, — האָט ער ווי צו זיך אַליין גע־רעדט, — און אַלע אין איין צײַט, אין איין אָרט. ניט געטאָרט דער־לאָזן!“

אַנטאַנאַס געדריס האָט געפילט זײַן פאַראַנטוואָרטלעכקײַט ניט בלויז פאַרן פּאַרטיי־צענטער, וואָס האָט אים, אַנטאַנאַסן, אַלשעווסקין און בער־מאַנען באַשטעטיקט אַלס צײַטווײַליקע מיטגלידער פון באַלשעוויסטישן קאָמיטעט, נאָר אויך פאַר די אַלע, וואָס זײַנען גרייט געווען אַנטקעגנקו־מען דעם רוף פון דער באַלשעוויסטישער אָרגאַניזאַציע.

גערווען אַ צײַט, ווען אַנטאַנאַס געדריס איז געשטאַנען ווײַט פון דער פּאַרטיי, געאַרבעט אין אַ שוסטער־וואַרשטאַט, ניט געקענט אַפילו לייע־נען און שרײַבן, נאָר אויך דאַן פלעגט ער אָפּט אַרויסציִען בײַ זײַן וואַר־שטאַט־כאַווער, אַליאָשע וויקטאָראָוון, די אַרבעט פון האַנט, אַבי דער ווילקענעוודיקער אַליאָשע זאָל אים עפּעס־וואָס פאָרלייענען.

דער יונגער אַליאָשע מיטן קורצן בערדל, וואָס ער האָט זיך ניט לאַנג פאַרלאָזט, און שטאַרק אָפּגענוצטן, אָבער זויבערן טאַליע־מאַנטל, איז מער ענלעך געווען אַף אַן עקסטערן, איידער אַף אַן אַרבעטער, אַ שוס־טער. געווען איז אַ רייד, אַז אַליאָשעס טאַטע איז אַ באַלעבאָס פון אַ שוסטער־וואַרשטאַט און אַז אַליאָשע האָט בעסער געהויזט מיט די אַר־בעטער, איידער מיטן אייגענעם טאַטן. דאָס זאָל האָבן געבראַכט אַליאָ־שען צו פאַרלאָזן די היים און ווערן אַ שוסטער.

צי איז עס טאַקע אַזוי געווען, ווי מע פלעגט ריידן, האָט קיינער באַ־שטימט ניט געוווּסט. פולקאָם זיכער איז מען נאָר געווען, אַז אַליאָשע וויקטאָראָוו איז אַ „פאַרברענטער“ באָלשעוויק.

אַנטאַנאַס האָט געהאַט גרויס אָפּשײַ פאַר אַליאָשען, און ס'איז געווען, אַז ער זאָל זיך דערוויסן פון אַליאָשע וויקטאָראָווס דורכפאַל באַם פאַרשפּרייטן פלוגבלעטלעך, ווי ער האָט אויסגעטאָן דעם פאַרטעך,

פאַרלאָזט דעם וואַרשטאַט און מיט נאָך עטלעכע אַזעלכע, ווי ער, אַוועק אָפּשלאָגן אַליאַשען פון די פּאָליציי־שע לאַפּעס...

פינף כאַדאָשים, ווייסט מען, איז אַנטאַנאַס געדריס אָפּגעזעסן אין טורמע און אַף דריי יאָר פאַרשיקט געווען אין סיביר. נאָר דאָס האָט אים ניט אויסגעזען צו זיין טייער באַצאָלט פאַר אַליאַשעס באַפרייונג, ביפראַט נאָך, אַז גראָד אין ווייטן אומבאַקאַנטן סיביר, אין די סיבירער נעכט, ווען אַרום האָבן געבושעוועט צעיושעטע ווינטן, האָט ער ניט נאָר באַהערשט די מעלאָכע פון לייענען און שרייבן, נאָר צוגלייך מיט אַנדערע פאַרשיקטע געהערט לייענען דעם „קאָמוניסטישן מאַניפעסט״ און דערפילט, אַז ניט בלויז צו קיין פּרעסט, שנייען און ווינטן האָט ער זיך דאָרט דערקליבן, נאָר צו אַן אויצער פון מענטשלעכן וויסן.

פון אָט דער דריי־יאָריקער פאַרשיקונג איז אַנטאַנאַס געקומען אַ באַ־ניטער.

אַ פּאַרטיי־מאַן, אַ דערפאַרענער באָלשעוויק, האָט אַנטאַנאַס איצט ניט געקענט און ניט געוואָלט שאָלעם מאַכן מיט קיין שום צופעליקייטן, ביפראַט נאָך מיט אַזעלכע, וואָס האָבן לויט זיין איבערצייגונג געקענט ברענגען צום פּריצייטיקן אַנטפּלעקן פאַרן סוינע די אייגענע קויכעס. האָט ער רויק, אפילע קאַלטבלוטיק, ווי עס האָט זיך געדוכט רודניצקין, געזאָגט:

— ניט באַדאַרפט רופן אַזאַ גרויסע פאַרזאַמלונג. בעסער וועט זיין זיך דערוויַל באַנוגענען מיט קלענערע פאַרזאַמלונגען, מע דאַרף קלייבן און היטן די קויכעס ווי אַן אויג אין קאָפּ...

רודניצקיס ברייט צעעפנטע קינדערשע אויגן האָבן גענומען אויסזען נאָך גרעסער, ווי שטענדיק, און די שוואַרצע ווייכע וויעס נאָך לענגער. ער האָט אָנגעקוקט אַנטאַנאַסן מיט אַזאַ מאָדנעם ערנסט, גלייך צווישן זיי ביידע האָט זיך פאַרגאַנוועט אַ פאַרדריסלעכער שאָטן...

די ערשטע סענטיאַבער־טעג פון טויזנט נייַן הונדערט אַכצן זיינען געווען זוניק־ליכטיקע און וואַרעמע. דעריבער איז נאָך דאָפּלט שווערער געווען צו זיצן אין די פינצטערע באַראַקן פונעם צוואַנגס־לאַגער. און אַרויסגיין איז ווידער געוואָרן אַלץ שווערער און שווערער, קימאַט ווי אין די ערשטע כאַדאָשים פון דער אָקופּאַציע.

אפילע יענע עטלעכע זעלנער פון דער וואַך, מיט וועמען די גרופּע

באָלשעוויקעס האָט אָנגעהאלטן א געהיימע, אָבער שטענדיקע פארבינ־
דונג און דורך וועמען זייער וואָרט פלעגט דערגרייכן צו אנדערע, — אפי־
לע זיי האָבן מער ניט געוואָלט דערלויבן צו מאכן אן איבעריקן שפאן פון
לאגער ארויס.

— אָבער ניט בלויז אין דעם אליין האָט געשטעקט דאָס גאנצע בייז.
בליץ־שנעל איז באוווסט געוואָרן, אז אין די גאסן, הויפן און דירעס
נישטערן די אָקופאנטן, זוכן איבערגעטאָנענע רוסישע סאָלדאטן, וואָס
זײַנען אנטלאָפן פון געפאנגענשאפט און באהאלטן זיך דאָ ערגעץ אויס,
קעדיי שפעטער מיט דער הילף פון דער ציווילער באפעלקערונג איבער־
צופעקלען זיך אין זייער באפרײַטער היים.

די סיבע פון דער פארגרעסערטער שטרענגקייט איז באוווסט געוואָרן
שפעטער. עס האָט זיך ארויסגעוויזן, אז ערגעץ אפן מײַרעוו־פראָנט האָט
די דײַטשישע ארמיי געכאפט שווערע קלעפ און איז אין עטלעכע ערטער
געצווונגען געווען אָפּטרעטן.

אין די צײַטונגען איז וועגן דעם קימאט גאָרנישט ניט געשריבן גע־
וואָרן. אָבער די קלאנגען וועגן דער מאפּאָלע, איבערגעגעבענע פון מויל
צו מויל, האָבן טאָג נאָך טאָג בעהאדראָגעדיק, ווי זשאווערדיק אײַזן, צע־
פרעסן די מיליטערישע דיסציפּלין, וועלכע די דײַטשישע קאָמאנדשאפט האָט
געפרווווט מיט שטרענגע באפעלן און אכזאָריעסדיקע שטראָפן אײַנהאלטן.

און אין נאָדל־פאריין האָט מען שטענדיק געקאָנט טרעפן ענג־צונויפ־
געשלאָסענע גרופּקעלעך ארבעטער, וואָס האָבן געפירט הייסע וויקוכים
ניט בלויז וועגן יעדער געשעעניש אין רוסלאנד, נאָר אויך וועגן קלענסטן
סימען פון רעוואָליוציאָנערער דערוואכונג אין אנדערע לענדער. אָבער
דער סאמע איקער, אף וואָס מע האָט געוואַרט און נאָך וואָס אלע האָבן
הייס געגארט, איז געווען, אז דײַטשלאנד זאָל זיך שוין באפרײַען און
זיך פארייניקן צום רעוואָליוציאָנערן רוסלאנד. ווען מע פלעגט אָפּן
ארויסזאָגן אזא ווונטש, פלעגט אלע מאָל עמעצער לאָזן פאלן מיט בענ־
קעניש:

— ע־הע, ווען דאָס וואָלט אזוי געוואָרן!..

אזוי איז מען געשטאנען, געהיצט זיך און גערעדט, און ס׳האָט זיך
געקאָנט דוכטן, אז טאקע צוליב דעם איז מען אהער געקומען. ס׳איז
אָבער גענוג געווען, אז אנטאנאס געדריס און רודניצקי זאָלן זיך באווײַזן
באם קליינעם פּרעזידיום־טישל, עס זאָל טייקעף ווערן אזוי שטיל, אז
מע האָט דײַטלעך געקאָנט הערן, ווי ערגעץ נאָענט אין שמאָלן לעֶנג־
לעכן הויף קלאפּן הילצערנע פּאנטאָפל איבער די ברוק־שטיינער. א
באווײַז, אז מענטשן גייען און גייען נאָך אהער. קיינער האָט זיך ניט

אומגעקוקט אַף די, וואָס האָבן א ביסל פּאַרשפּעטיקט. מיט אומגעדולד האָט מען געוואַרט, וואָס וועט זאָגן רודניצקי.

ער האָט גערעדט קורץ, פּאָשעט און קלאָר:

— כאַוויירים און כאַווערטעס, — האָט אָנגרייַפעריש געקלונגען זייַן יעדעס וואָרט, — די פייַערשפּייַענדיקע מילכאָמע צווישן ווילהעלמס דייַטשלאַנד און ניקאָלייַקעס רוסלאַנד האָט פאַר ביידע צדאָדים געהאַט איין און דעם זעלבן ציל: געווינען אַזעלכע מערק, וווּ די בורזשואַזיע זאָל קענען פאַר וואָלוול אַלץ קויפן און פאַר טייַער פאַרקויפן... דערפאַר צווינגען זיי די פעלקער צו נעמען זיך פאַרן געווער, דערפאַר ברעכן אויס מילכאָמעס און עס גיסט זיך אומזיסט מענטשלעך בלוט!

— דער רוסלענדישער אַרבעטער־קלאַס, — זאָגט ווייַטער רודניצקי און שטעלט זיך אָפּ איבערצוכאַפּן דעם אָטעם, — דער רוסלענדישער אַרבעטער־קלאַס האָט דערקלערט א מילכאָמע אַזעלכע מילכאָמעס. און איצטער, כאַוויירים און כאַווערטעס, איז געקומען די צייַט, איר זאָלט אויך אַזוי טאָן. אויך איר, אַלע. און טאַקע טייקעף!

אַף א ווייַלע איז שטיל געוואָרן אין פאַריין, שטיל אויך אַף די הילצערנע, צעקאַליעטשעטע טרעפּ. מע הערט ניט, אַז עס זאָל זיך ערגעץ עפענען א טיר. דערפאַר האָט זיך אַנטאַנאַס געדריסן גלייַך געוואָרפן אין די אויגן, אַז נאַפּטאָליע מערקין, פרומע און פראַדל, — פרייִער אין טומל האָט ער זיי אפילע ניט באַמערקט, — וואַרפן זיך איבער מיט אייניקע ווערטער.

ער האָט ניט געהערט און אפילע ניט געוואָלט הערן, וועגן וואָס זיי ריידן. פון זייער זאָרגלאָז־אופגעלעבטן אויסזען איז אים ניט שווער געווען צו דרינגען, אַז זייער שמועס איז עפּשער א גאָר אומשולדיקער. אָבער באַלד דערוועקט זיך אין אים א פאַרדאַכט: נאַפּטאָליע מערקין איז ניט פון די, וואָס ווען גלאַט אַזוי זיך אַנידערשטעלן דאַבערן!

איצט איז אים נאָך שווערער געוואָרן ניט צו רעאַגירן אַף רודניצקיס אָפענעם רוף צו א טייקעפדיקער אַרויסטרעטונג, נאָך איידער עס איז וועגן דעם אָנגענומען געוואָרן א באַשטימונג. נאָר אָנשטאָט אומגעצאַמט אויסלאָדן זייַן אומצופרידנקייַט, האָט ער גענומען פאַמעלעך, קימאַט פאַרזיכטיק אָנגיסן אין גלאָז וואַסער פונעם ביר־פלעשל, וואָס איז געשטאַנען אַפן טישל, און צוגעטראָגן זי צום איבערגעטריקנטן מויל. דאָס נייטיקע פּאַסיקע וואָרט האָט ער נאָך אַלץ ניט געקענט געפינען און זיך געשלאָגן מיט דער דייע, וואָס צו טאָן. רודניצקי איז דאָ ניט צופעליק. ער איז דאָך ניט אַליין געקומען. מע האָט אים געשיקט. אָבער שווייַגן, ווען אַלץ אין אים פאָדערט, ער זאָל זיך אַרויסזאָגן, האָט אַנ־

טאנאס ניט געקענט. האָט ער שטיל, קיינער זאָל ניט הערן, ווי אונטער־געזאָגט רודניצקין:

— אינעם שלום־וואָרט, — אייצעט ער אים, — וואָלט גוט געווען אויס־מײַדן אזעלכע פאָדערונגען, ווי, אשטייגער, טייקעף ארויסטרעטן. פריִער, איידער קומען מיט אזוינס צו דער מאסע, דארף מען זיך צונויפריידן צווישן זיך און ניט ווארפן זיך גלאט מיט ווערטער!

— עפשער... אָבער דיר איז דאָך אויך געווען ניט צום הארצן יענע ערשטע גרויסע פאַרזאמלונג!

— עמעס, טאקע עמעס, — באשטעטיקט אנטאנאס, — איז וואָס פון דעם געדרונגען?

— אז קיין שאָלעם צווישן אונדז וועט שוין מיסטאמע ניט זײַן, — ווערט רודניצקי קאטעגאָרישער, — דארף מען כאפּן א רייד וועגן דעם מיט אונדזערע פרײַנט פון יענער זײַט, זאָלן זיי זאָגן.

— גוט, — האָט דאָס מאָל אנטאנאס געדריס זיך ניט באנוגנט מיט צורירן די טרוקענע ליפּן צו דער וואסער און זי אויסגעטרונקען ביז א לעצט טראָפּעלע. פּאמעלעך, ווי גאָרניט וואָלט ניט געשען, שטעלט ער זיך אוף און גייט אוועק פונעם צעוויגטן, מיט גאָרנישט ניט צוגעדעקטן פּרעזידיום־טישל.

— דו ווייסט, וואָס איך וויל פון דיר, — האָט ער זיך פאַרהאַלטן לעבן יויסעף בערמאנען, — איך האָב דיר, יאָסל, שוין לאנג געוואָלט זאָגן, אז צווישן מיר און רודניצקין איז די כאַווערשאפט גאָרניט אזא גלאַטינקע... אוואדע, — גיט ער אײַליק צו, — איז זײַן מיין א גוטער, ווען ער זאָגט עפּעס, אָבער פּאָרט, זעט מיר אויס, איז ער צו גיך אף א וואָרט... ער איז ניט גענוג דערפאַרן, ער זאָל קענען ארויסטרעטן אין אונדזער אלעמענס נאָמען.

— נו, איז וואָס? — קוקט אים יויסעף בערמאן פרײַנטלעך ארײַן אין די אויגן. — זײַנען מיר דאָך ניט אין קיין מידבער. שטעלט מען די פראגע אף א זיצונג פון פארטיי־קאָמיטעט, וועט מען זען, ווער פון אײַך איז גערעכט. שטעל, אדראבע...

— עמעס, — שטימט אנטאנאס אײַן און ציט יויסעפן אין א פּוסטלעכן ווינקל, — נאָר מיר וואָלט זיך וועלן און אויך רודניצקי וויל עס, דו פאַר־שטייסט, איידער אָנהייבן א דיסקוסיע דאָ, דערוויסן זיך די מיינונג פון צענטער.

— דאָס איז א דערעך.

אלץ נאָך מיט אזא אויסדרוק, ווי עס זאָל אים פרעסן א ניט אויסגעע־לאָדענע זאָרג, האָט זיך אנטאנאס אומגעקוקט, ווי ער וואָלט זיך וועלן

איבערצײַגן, צי הערט ניט ווער אונטער זייער פּאַרטרווילעכן שמועס. באלד אָבער ווענדט ער זיך ווידעראַמאָל צו בערמאַנען און בעט אים, ווי מע בעט וועגן אַ פּערזענלעכער געפעליקייט בא גלאַט אַזוי זיך אַ באַ־קאַנטן מענטשן:

— אויב דו ביסט טאַקע, ווי דו זאָגסט, אײַנשטימיק, טאָ נעם און פיר דאָס דורך. זײַ אַ יאַט, גיי, איך בעט דיך, דערציייל אַלץ וועגן דעם, וואָס בא אונדז קומט פאָר, האַלט זיך אַן אייצע און קום טייקעף צוריק. דער פּראָנט איז שוין איצטער ווי אַ מין שיטערע זיפּ... אַז מע דאַרף, אַז מע מוז, קען זיך אונדזערער אַ מענטש דורכרײַסן!..

אין גרויסן שוסטער־וואַרשטאַט, ווו אַנטאַנאַס געדריס און יויסעף בערמאַן האָבן אַ לאַנגע צײַט צוזאַמען געפּראַצעוועט, פלעגט מען אַמאָל זיך פאַרגינען אַ ביסעלע לוסטיק מאַכן איבער יויסעפן.

— דו זע נאַר, יאָסל, — פלעגט אים איינער זאָגן, — דו ביסט דאָך, ווי אַ טרוקענער לולעוו. ניטאָ בא דיר קיין טראָפּעלע בלוט אין פּאָנעם...

— פון טאָג צו טאָג ווערסטו געלער פונעם וואַקס, וואָס דו נוצסט צו דער דראַטווע, — האָט אויך אַ צווייטער צוגעגעבן.

קיין בייזוויליקייט האָט ניט געשטעקט אין די אַלע באַמערקונגען. דאָך פלעגט זיך יאָסל פון די דאָזיקע רייד (אָדער ווי מע פלעגט דאָס רופן: „יאַדעגישן") פילן געטראָפן.

דער אייגציקער, וואָס האָט קיינמאָל זיך ניט דערלויבט צו שפּאַסן איבער יויסעפס אויסזען, איז געווען אַנטאַנאַס געדריס, און יויסעף איז אים געווען ניט בלויז דאַנקבאַר דערפאַר, נאָר ביז לעצט איבערגעגעבן און קעסיידער גרייט אויסצופילן אַלץ, וואָס אַנטאַנאַס האָט געבעטן בא אים.

אָבער דער וועג, וואָס געדריס האָט איצט פאַרגעלייגט דורכמאַכן בערמאַנען (כאָטש יויסעפן האָט דאָס אויסגעזען גוואַלדיק צוציִענדיק), אָט דער וועג איז געווען ניט בלויז אַ ווײַטער און שווערער, נאָר אויך אַ סאַקאָנעסדיקער. דעריבער איז בערמאַנען ניט גרינג געווען גלײַך זיך באַשליסן אף דעם.

— דו קלער ניט צופיל, — האָט אים אַנטאַנאַס געדריס צוגעײַלט, — זעסט דאָך אַליין, ווי טײַער דאָ ווערט יעדע סעקונדע. גיין מוז מען, און אויב ניט דו, לאָז איך אַלץ איבער אף אײַערע אַלעמענס פּלייצעס און גיי אַליין. טו אַ קלער, אָבער איינס־און־צוויי!

— ניין, — האָט בערמאַן געוואָלט אָפּקילן געדריסעס צעהיצטקייט, — ווער־ווער, נאָר דו מוזט זײַן דאָ. אויך מיט דיר, ברודערל, איז ניט אַזוי גרינג. און אָן דיר קאָן נאָך דאָ אַלץ נעמען גיין כאַדאַראָם...

— טאָ גיי דו. איך וועל דיר נאָר מיטגעבן א קליין צעטעלע. אָדער, ניין, וואַרט. מע דאַרף ניט שרײַבעניש. דו זאָג נאָר דאָרט, אין מײַן נאָמען, דעם כאַווער קאַפּסוקאַס, אַז... אַדרעבאַ, מיר האָבן אַלע ליב רודניצקין ניט ווייניקער, ווי די ברייטע מאַסע, וואָס לויפט אים הערן, ווו נאָר ער טרעט אַרויס. די צאָרע איז בלויז, וואָס איידער בא אונדז איז אַלץ באַקלערט און באַשלאָסן, איז אָדער ער נעמט צופיל אַרויסשטעקן דעם קאָפּ פון אונטערערד, אָדער ער גיט א רוף צו א פריצײַטיקער אַרויסטרעטונג — „טייקעף”... דו פאַרשטייסט מיך?

— נאָך א מין!

אַנטאַנאַס גייט אַוועק אַזוי גיך, אַז טייקעף פאַרלירט ער זיך אין דער אַרומיקער מענטשן־געדיכטעניש. באַלד אָבער גיט ער זיך ווידער א ווײַז און קלעפּט זיך ווידער צו צו בערמאַנען.

— שיר ניט פאַרגעסן דעם איקער, — איבעראַשט אים אַנטאַנאַס מיט נאָך אַן אופגאַבע, — דו זע נאָך דאָרטן דערוויסן זיך, צי קאָנען מיר האָפן אַף הילף פון דער רויטער אַרמיי. זי מוז אונדז העלפן. זי מוז...

די פאַרזאַמלונג האָט אַלץ נאָך געדויערט. געערעדט האָט רודניצקי. בערמאַן האָט ניט געהערט וועגן וואָס, ער איז געווען צערודערט. געדריי־סעס יעדער וואָרט האָט נאָך געקלונגען אין זײַנע אויערן. אים, יויסעף בערמאַנען, שטייט פאָר א שווערער וועג. נאָר ניטאָ אַזאַ וועג, אַזאַ ווײַט, אַזאַ שווערקײַט, וואָס אַן עמעסער מענטש, א באָלשעוויק זאָל ניט קענען בײַקומען...

## 14

לויטן באַשלוס פון פּאַרטיי־קאָמיטעט האָט רודניצקי גיך און ענערגיש, ווי אַלץ, וואָס ער האָט געטאָן, פאַרנומען דעם גרויסן זאַל פונעם באַוווּסטן אין שטאָט אײַזנבאַן־קרײַז, קעדיי דאָרט פאַרברייטערן די אַגיטאַציע־ און פּראָפּאַגאַנדע־טעטיקײַט.

די דאָזיקע געשעעניש האָט אַנטאַנאַס געדריסן גענומען אויסזען נאָך מער באַדײַטנדיק, ווען אויך אהער איז דערגאַנגען די יעדיִע, אַז ערגעץ אין קיל, א שטאָט, וועגן וועלכער קיינער האָט דאָ קיינמאָל עפּשער ביז דאַן ניט געהערט, איז אויסגעבראָכן אַן אופשטאַנד פון די דײַטשישע מאַטראָסן.

כאָטש די צײַט איז געווען אַזאַ הייס־אופגערודערטע און אַרבעט איז געווען איבערן קאָפּ, איז דאָך בא געדריסן ניט פאַרשוווּנדן יענע נײַגערי־קע פאַרוווּנדערונג, וואָס בא אים האָט אַרויסגערופן פראַדל ווײַסמאַנס

קומען אינעם נאָדל־פאַריין און שפּעטער אויך איר אוועקגיין צוזאַמען מיט נאַפטאָליע מערקינען. פאַר פראָדלס האַלטונג האָט ער טייקעף געפונען א פאַרענטפערונג: דאָס האָט געקאָנט זײַן צופעליק... אָבער מערקין?.. נאָך אַף יענער פאַרברייטערטער זיצונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין נאָדל־פאַריין, האָט דאָך צו אים געמוזט דערגיין, וווּהין דער ווינט בלאָזט... און דאָך מאַכט ער זיך טאַמעוואַטע און קלעפּט צו פראָדלען, גלײַך ווי גאָרנישט וואָלט ניט געשען. און עפּשער זעט אים אויס פאַר גלײַכער צו קלאַמערן זיך אָן פרומען און שמייכלען צו פראָדלען?.. איז מיילע, — האָט אַנטאַנאַס געפּויעלט בא זיך, — זאָל ער. אָבער פראָדל... פאַרוואָס גייט זי נאָך מיט אים?

בא אים איז געוואָקסן דער פאַרלאַנג דערוויסן זיך, צי איז פראָדל טאַקע גרייט איבערצורײַסן מיט נאַפטאָליע מערקינען, אָדער עפּשער האָט זי כּאַראָטע באַקומען אַפילע אויך אַף איר פרי־ערדיקער אַרויסטרעטונג?

אַף מאָרגן אין אָוונט האָט אַנטאַנאַס שוין געשפּאַנט איבער דער לאַנגער פאָרשטאָט־גאַס, ווו קיין אייניציקער לאַמטערן האָט ניט געברענט. פון די קליינינקע, ניט באַלויכטענע פענצטער האָט אַרויסגעקוקט א בייזע אָנגעכמורעטע שוואַרצקייט און דערמאָנט אָן פרי־פאַרלאָשענע לעבנס. ערגעץ דאָ האָט זיך אויך אויסבאַהאַלטן דאָס שטיבל, ווו פראָדל האָט געוווינט אינעם געדונגענעם ווינקל. אַף דער גאַס איז קיין לעבעדיקן נפש ניט געווען צו זען. נאָר אומבאַמערקט איז פון ערגעץ־ווו אויסגעוואָקסן א קליין קעצל, וואָס האָט זיך גענומען לאַשטשען צו זײַנע שווערע, האַרטע שיך. ניט געוואָלט בעשום־אויפן פון אים אָפּטרעטן.

קעדיי בא פראָדלס דירע־באַלעבאָס זאָל ניט אויפקומען קיין שום פאַרדאַכט און קיין אייניציק איבעריק וואָרט זאָל ניט דערגיין צו אים, איז אַנטאַנאַס, אָנשטאָט אַרײַנגיין אין שטיבל, צוגעגאַנגען צו איינעם פון די צוויי קוים באַלויכטענע פענצטער.

פראָדל האָט ווי דערפילט, אַז עמעצער שטייט אין הויף. איבערלאָזנדיק די בלוזקע, וואָס זי האָט געהאַלטן אין פרעסן, איז זי צוגעגאַנגען צו דעם נידעריקן פענצטער, וואָס האָט אויסגעזען, ווי עס וואָלט געלעגן אַף דער ערד, און א פרעג געטאָן עטוואָס ווי איבערגעשראָקן, אָבער דאָך ענערגיש:

— ווער איז דאָ?

— איך, — ענטפערט ער קוים צו הערן, — איך דאַרף זיך מיט דיר דורכשמועסן.

— אַדעראַבע, — איז פראָדל אַרויס אין האַלב־פאַרצאַמטן הויף, — וועגן וואָס? זאָג.

— דו ביסט שוין לאנג אין שטוב? — פרעגט ער גאָר ניט וועגן דעם, צוליב וואָס ער איז געקומען.

— ניט לאנג, — קוקט זי אים אָן מיט א פאָרשנדיקן בליק, — אנטקעגן וואָס פרעגסטו דאָס?

— גלאַט אזוי... אין פאריין ביסטו אָפּט?

— אין פאריין? — פרעגט זי אים איבער מיט פארוווּנדערונג. — אין מײַן פאריין?!..

— יאָ.

— ווי דען? אלע טאָג!

— איך ווייס, — זײַט ער ארויס ווי באַרויגעזלעך.

— און פונדעסטוועגן פרעגסטו?

— טאקע דערפאר פרעג איך, — איז אנטאנאס זיך מוידע, — ווײַל איך ווייס!

זי האָט דערפילט אין געדריסעס פראגע עפּעס אזוינס, פון וואָס זי האָט זיך פארויטלט. אָבער געזאָגט האָט זי גאָרניט. איר האָט זיך געוואָלט, אז אויך אָן ווערטער זאָל ער פארשטיין, אז פון איר געוועזענער באַציִונג צו נאפּטאָליע מערקינען איז שוין גאָרניט פארבליבן. אין פאריין איז זי דאן געקומען מיט נאפּטאָליע מערקינען און אויך פון דאָרט אוועק צוזא־מען מיט אים. דאָס איז עמעס. אָבער געטאָן געוואָרן איז עס מיט א געוויסן מיין.

— איך ווייס ניט, — זאָגט זי גאָר ערנסט, — צי מעג אזוי וועלן א באַל־שעוויק, אָבער איך וויל גאָרניט אָן א גרויסן מוז דערווײַטערן אזא נאפּ־טאָליע מערקינען. צו וואָס? — פרעגט זי און ענטפערט זיך אליין: — בע־סער אים פארוואנדלען אין אן אייגענעם, אן אונדזעריקן...

— דו בארעכן נאָר, — גיט זי צו נאָך א קליינער פויזע, — ווער איז דען, אייגנטלעך, אָט דער גאנצער נאפּטאָליע מערקין, ווער, אויב ניט א פּראָסטער טאנדעטנער שנײַדער, וואָס האָט פאר א גראָשענעם לוין געפּראַ־צעוועט בא פארשיידענע באלעבאטים, ווי דו, ווי איך און ווי מיר אלע... איז פארוואָס, זאָג מיר, נעמען אזא איינעם און עפּשער גאָר אָן א גרויסער נויט אים ארויסשטעלן פון יענער זײַט טיר?..

פון פראדלס יעדן וואָרט האָט א הויך געטאָן אף אנטאנאסן מיט עכט מענטשלעכער פרײַנטשאפט. זי איז זייער א גוטע, פראדל, טוט ער א טראכט, א טײַער מיידל אָט די פראדל! אָבער נאָכגעבן, זײַן בא פראד־לען א צוגאָב צו נאפּטאָליע מערקינען האָט ער ניט געוואָלט און ניט געקאָנט.

— זאָג מיר, — שטעלט ער איר אַן אומדערוואַרטע פֿראַגע, — ווער פֿירט דאָ אָן מיט דײַן נאָדל־פֿאַריין?

פּראַדל דערפֿילט זיך פּלוצלינג אַזוי, גלײַך איר וואָלט ענג געוואָרן אין דעם גרויסן פּוסטן הויף.

— ווער? — פֿרעגט זי איבער. — ווער?

— איך פֿרעג, ווער פֿירט אָן, — כאַזערט ער איבער מיט אַזאַ טאָן, אַז פּראַדלען ווערט קלאָר, דאָס גיט ער איר אָנצוהערן אַף נאַפּטאָליע מערקינס צוזאָג צונויפֿרופֿן אַ זיצונג פֿון צענטראַל־ביוראָ, — איך פֿרעג, ווײַל עס באַקומט זיך, אַז דאָס, וואָס מערקינען שמעקט ניט, דאָס קאָכט ער ניט, מעג עס אַפֿילע פֿאַר אַנדערע זײַן אַ היילונג צום האַרצן...

אַ שווײַגנדיקע איז פּראַדל שטיין געבליבן אַנטוואָפֿנט. אַרום איז געווען נאַכטיק־שטיל און פֿינצטער. פֿון ערגעץ נאָענט האָט זיך פּלוצלינג דער־טראָגן צו זיי ביידן אַ פּוסטער, כריפּענדיקער געלעכטער.

— דאָס מוז זײַן וואַצעקס מעלאָכע, — איז אַנטאַנאַסן אײַנגעפֿאַלן, ער האָט זיך אַ ווײַלע אײַנגעהערט און צוגעגעבן שטיל, אָבער פֿעסט, — איך גיב מײַן קאָפּ, אַז פֿון דעם דאָזיקן גיוועניק הירזשעט אַרויס דער פּאַן פּאָניאַטאָווסקי און עפּשער אַפֿילע דער מאַיאָר פּאַן אָקסמאַן. זע נאָר, צי שטייען מיר ניט באַ אַן אָנהייב פֿון אַ נײַער שפּיל? — און אַנטאַנאַס האָט איר פֿאַרטרוילעך געזאָגט, אַז מאָרגן גרייטן זיך די באָלשעוויקעס אַרויס־פֿירן דעם אוילעם אַף אַ דעמאָנסטראַציע.

פּראַדל האָט אײַנעם ווילדן געלעכטער דערפֿילט די סאַקאָנע, וואָס לויערט אַף יעדן פֿון זיי, און באַזונדערס אַף אַנטאַנאַסן. האָט זי שוין דאָ, אין דער פֿרעמדער שטוב, געפֿונען אַן אָרט, ווו ער זאָל קאָנען איבער־נעכטיקן.

פֿון דעם, וואָס אַנטאַנאַס איז דאָ ניט ווײַט, וואָס ער האָט איר אָנגע־טרויט אַזאַ סאָד, האָט זיך איר געוואָלט טאַנצן און זינגען. זי האָט געראַמט און געפּוצט דאָס פֿרעמדע שטיבל, גלײַך ווי זי וואָלט זיך און אַלעמען גע־גרייט ניט צו אַן ערשטער עפּנטלעכער גאַסן־אַרויסטרעטונג, נאָר צו עפּעס אַ גרויסן, שיר ניט אַלמענטשלעכן יאָמטעוו.

## 15

יענעם פֿרימאָרגן האָט אַ קאַלטער ווינט אַזוי אַכזאָריעסדיק געשמיסן, אַז אַפֿילע אַף די בלאַסע, אָן אַ טראָפּן בלוט, פּענעמער פֿון די צוואַנגס־אַרבעטער האָט זיך געגומען ווײַזן אַ ביסל פֿאַרב.

פּראַדל האָט באַם אַרויסבאַגלייטן אַנטאַנאַסן פֿעסט פֿאַרשפּיליעט זײַן

שינעל. ווי נאָר ער איז פאַרשוווּנדן, האָט זי, א מונטערע און אופגעלעבטע, זיך אַרײַנגעכאַפּט צו נאַפּטאַליע מערקינען.

— קום, — רופט זי אים אַזוי, ווי זיי וואָלטן נאָך פריִער געהאַט אָפּגע־רעדט וועגן, וווּהין און צוליב וואָס צו גיין, — קום, אין בערלין איז אַן אַל־געמיינער שטרײַק, און דער קייזער ווילהעלם דער צווייטער האָט שוין, מיט מאַזל, געבראָכן דעם קאָפּ...

— איז וווּהין רופסטו מיך? — באַווײַזט זיך אויף נאַפּטאַליע מערקינס פּאָ־נעם אַ קלוגיטשקער שמייכל. — עפּשער צו זײַן לעווײַע?

— ניין. איך רוף דיך אין גאַס.

— עפּעס אַן אַקציע? — ווערט ער צוריקגעהאַלטן. — אָדער אַזוי עפּעס אַ וויכטיקער איניען?

— נאָך אַ מין! — גיט זי אים אַ גיכן און פריילעכן זאָג. — אפילו אין כאָלעם זעט מען אַזוינס ניט. קום, — לאָזט זי אים צופיל ניט איבער־קלערן, — איך מוז נאָך אַרײַנגיין צו דעם, צו יענעם... מע דאַרף אויך מיטנעמען פרומע מילנער. זאָלן הײַנט אַלע גיין!

וואָלט פּראַדל נאָר אים אַליין גערופן, וואָלט, מיסטאַמע, נאַפּטאַליע מערקין געפילט זיך גרינג און גוט. נאָר וויבאַלד זי קלײַבט זיך נאָך אַנ־דערע מיטנעמען, ווילט זיך אים שטאַרק ניט זײַן צווישן יענע אַלע... אָבער בלײַבן אַליין? אין דעם האָט ער געזען אַ מין דערנידעריקונג פון זײַן מענטשן־ווירדע. איז ער געגאַנגען, און אַ נאָגנדיקער ווייטעק האָט גע־פּרעסט זײַן האַרץ. זיי זײַנען אַרײַן צו פרומען.

— איר רופט מיך? — האָט זי בײַז געפרעגט, ווי אונטערשטרײַכנדיק זייער קלעפּן איינס צום אַנדערן. — איר רופט מיך אויף זײַן אַן איידעס צווישן אײַך? אָדער...

פרומען איז ניט ניכע געווען דאָס גיין מיט נאַפּטאַליען, ווען פון דער צווייטער זײַט גייט מיט זיי פּראַדל ווײַסמאַן.

פּונקט ווי אַנטאַנאַס געדריס האָט ניט געוואָלט טיילן זײַן אָרט, זײַן ווירקונג אויף פּראַדלען מיט נאַפּטאַליע מערקינען, אַזוי האָט אויך פרומע מילנער מיט גאָרנישט ניט געוואָלט זיך טיילן מיט דער לעבנסלוסטיקער פּראַדלען. איר איז שווער געווען צו פאַרגעסן, אַז ווען זיי גייען אַמאָל אינדרײַען, געפינט דער, דוכט זיך, שטענדיק פאַרנומענער נאַפּטאַליע מער־קין געגוג צײַט און אופגעלייגטקײַט צו באַגלייטן פּראַדלען ביז צום סאַמע סאָף פון איר ווײַטער, לאַנגער פאָרשטאָט־גאַס.

און וואָס? — דערוועקט זיך בא פרומען אַ פאַרדראָס קעגן נאַפּטאַליע מערקינען. — וואָס אַזוינס האָט ער אין איר דערזען? די כיין־גריבעלעך אין

די פרישע בעקלעך? די ווײַסע צײַנדלעך? א פריילעכע? אן ענערגישע? גאָט מײַנער, וואָסער מיידל איז בא פינף און צוואנציק יאָר אנדערש?

האָט פרומע זיך אָפּגעזאָגט צו גיין מיט זיי. אליין געבליבן אין קיך־ווינקל. בלײַיִק־שווערע געדאנקען האָבן ניט אופגעהערט פּרעסן איר מויעך. עס האָט זיך איר אפילע געגומען דוכטן, אז ניט בלויז צווישן איר, פרומען, און נאפּטאָליע מערקינען, נאָר צווישן איר און דער וועלט וואקסט אויס א וואנט, וואָס דערלאָזט זי ניט, פרומען, באגלײַך מיט אנדערע, געניסן פונעם לעבן...

צוליב דעם, וואָס פראדל און נאפטאָליע מערקין זײַנען לאנג פון איר ניט אָפּגעטראָטן, האָט פרומע איצט ניט געוווּסט, פאר וואָס פריִער זיך צו כאפּן — צי זאָל זי נעמען דעם עמער שווארצע וויקע און אזוי־אָ, אפילע ניט קיין איבערגעוואשענע, ארײַנפּליוכען אין גרויסן קיך־קעסל, צי זאָל זי צו־לייגן נאָך א שײַטל האָלץ צום פײַער, און זאָל זיך דאָרט, אין קעסל, קאָכן און קאָכן כאָטש א טאָג מיט א נאכט!.. אלץ האָט פרומען געגומען אויסזען גלײַך נייטיק און גלײַך איבעריק. זי האָט געהאלטן דעם קאָפּ נידעריק אראָפּגעלאָזט, די קויל־שווארצע געדיכטע האָר זײַנען געווען צעפּודלט, און אירע גרויסע און מילדע אויגן האָבן ארומגעבלאָנדזשעט פון איין זאך אף דער אנדערער, ניט געפינענדיק, אף וואָס אָפּשטעלן זיך.

אוועקגייענדיק, האָט פראדל געפילט פרומעס ניט ארויסגעשריִענעם ווייַ, נאָר פאר שולדיק אין דעם זיך ניט געהאלטן. „איך האָב קיין זאך ניט געטאָן, — האָט פראדל געטראכט, — קעדיי בא עמעצן דאָ געווינען כיין...”

דאָס זעלבע האָט אויך פרומע געוווּסט, דערפאר איז צווישן זיי ביידן צו קיין אָפענעם און ענדגילטיקן אײַנרײַס ניט געקומען.

## 16

ס'איז געווען א בייזלעך־טונקעלער טאָג. לעם די נאקעטע, ווי שווארץ געוואָרענע ביימער האָבן זיך ארומגעטראָגן אראָפּגעפאלענע, צונויפגעדרייטע, שוין ביז לעצט, קאָנטיק, צעטריקנטע בלעטער. דער ווינט האָט איניינעם מיט די בלעטער און מיט דעם טרוקענעם שטויב געיאָגט פון איין אָרט אפן אנדערן שטיקער פון צעריסענע, פריש באשריבענע פאפּירן, פון וועלכע עמעצן האָט, ווײַזט אויס, געלוינט באצײַטנס פאָטער ווערן. פון דעם אליין האָט ווי געאָטעמט מיט אן אויסבאהאלטענער דײַטשישער מאַ־פאָלע. די אָפּטרעטנדיקע דײַטשישע מיליטער־טיילן, וואָס האָבן פארבײַ־מארשירט דורך דער שטאָט, האָבן שוין ניט געליארעמט: „דויטשלאנד, דויטשלאנד איבער אלעס”. נאָך מער האָבן אלעמען איבערראשט די יעדיִעס,

אז די אָפּיצערן, וואָס האָבן זיך שוין פון לאנג דאָ געפונען, פארלאָזן געהיים און אין גרויס איַלעניש די באקוועמע קאָנפיסקירטע הײַזער און באזעצן זיך צו עטלעכע איניינעם אין ניט קיין גרויסע, אפילע אָפּגעלאָזענע דירעס.

— זעט נאָר, זעט, — האָט מען איינער דעם אנדערן געוויזן, — נעכטן נאָך זײַנען זיי געווען גאנצענע קנאקערס, און איצטער, בימכילע, האָבן זיי מוירע צו בלײַבן אליין אין שטוב!

מע האָט מאמעש בעכויש געפילט די אלץ שטײַגנדיקע צערודערונג פון די אָקופּאנטן.

אין יענעם טאָג האָבן פון גאנצפרי צום גרויסן קאטעדראל־פּלאץ פון אלע גאסן און געסלעך, פון אלע פּאָרשטעט גענומען שטראָמען מענטשן. צווישן דעם האמוין זײַנען געווען אויך איינציקע דײַטשישע זעלנער.

מע האָט פארלאָזט די שמאָלע און לאנג שוין כאָרעוו געוואָרענע טראָטוארן און פארשווענקט די גאנצע ברייט פון די גאסן. דאָס אלץ איז פאר א סאך געווען אזוי איבעראשנדיק־אומדערווארט, אז זיי איז שווער געווארן ניט ארויסזאָגן זייער דערשטוינונג.

— הימל און ערד נעמט זיך דאָ מישן, — זאָגט עמעצער מיט פארוווּנדערונג, — הערט א מײַסע: גאָר בעשוטפעס מיט די יעקעס א דעמאָנסטראציע!

— טאקע גוט אזוי און קלוג, — רופט זיך אָפּ א צווייטער, — א צאָרע נאָר, וואָס דאָס ביסל ברויט, דאָס איז נאָך אלץ באם מאיאָר אין די לאפּעס!

גראָד צווישן דעם אופגעלעבטן אוילעם האָט זיך נאפּטאָליע מערקין דערפילט ניט ווי אן אקטיווער אָנטיילנעמער פון דער דעמאָנסטראציע, נאָר ווי א צופעליק געפאנגענער פון די געשעענישן. טײַנעט ער צו פראדל ווײַסמאן, כאָטש זייער שטיל, אָבער בארויגעז אָנגעכמורעט:

— איך פארשטיי ניט, — קאָן איר נאפּטאָליע ניט מויכל זײַן, — מיילע אנדערע... אָבער מיר האָסטו געמעגט דאָך פריִער זאָגן, וואָס און ווען... און ניט — נא דיר גאָר... אָט איז דיר דאָ אלץ צוגעגרייט, און דו, זײַ מויכל, נעם נאָר און גיי!..

— מע האָט קיינעם פריִער ניט געזאָגט, — האָט פראדל זיך געסטארעט צו לינדערן זײַן פארדראָס, — ניט געזאָגט און ניט באדארפט זאָגן. אנדערש, פארשטייסט דען אליין ניט, וואָלטן זיך דערוווּסט אויך יענע, וואָס דארפן ניט וויסן, און עס וואָלט נאָך געקאָנט קומען צו א פריצײַטיקן צוזאמענשטויס, א געשלעג און עפשער אפילע צו א בלוט־פארגיסונג...

קעדיי זיך אליין צווינגען ניט ארויסברענגען מער קיין איינציקע דער־

ווידערונג, ווײַל דאָס האָט, לויט זײַן מיינונג, שוין גאָרניט געקאָנט ענדערן, האָט נאַפּטאַליע מערקין צונויפגעפּרעסט זײַנע בלוילעך געוואָרענע ליפּן און זיך באַמיט קיינעם מער ניט באַמערקן.

אָבער גראָד דאָס, וואָס ער, נאַפּטאַליע מערקין, וועלכער האָט גיכער געקענט אײַנגעשפּאַרט שווײַגן, איידער נאָכגעבן דאָרט, ווו עס איז גע־גאַנגען אין זײַן אָנזען אָדער אין דער מעגלעכקײַט זיך אָנצוגעבן אלס איינ־ציקער פאָרשטייער פון די יידישע ארבעטער, איז קעגן זײַן ווילן און וויסן געבראַכט געוואָרן צו א לאַגע פון אַן אָנגעפּירטן, האָט ער קיינעם ניט געוואָלט מוחל זײַן. „אייגנטלעך איז דאָס גאָרניט קיין דעמאָנסטראַציע, ווי עס באַדאַרף צו זײַן, — האָט נאַפּטאַליע מערקין געטראַכט וועגן געדריי־סעס אופּטו, — פּאַשעט, אין סאַמע, ווי מע זאָגט, מיטן העלן טאָג א שטיקל רעפּעטיציעלע, ווי צו פארכאַפּן די גאַנצע מאַכט".

נאַפּטאַליע מערקין האָט דאָס ניט ארויסגערעדט, נאָר לויט זײַן פאַר־וואָלקנטן אויסזען איז פּראָדלען ניט שווער געווען זיך אָנשטויסן, וואָס ער טראַכט. אָבער אים נאָכגעבן אָדער אפילע אײַנגיין אַף א שטיקל פּשאָרע מיט אים, ניין, דאָס וועט ער באַ איר ניט פּויעלן. פאַרלאָזט זי מערקינען, און איינייגעם מיט אָלשעווסקין, רייזלען און אנדערע שאַפט זי א פּעסט־געשלאָסענעם מענטשן־רינג, מיט וועלכן זיי גאַרטלען ארום דאָס הײַפל דײַטשישע זעלנער. פּראָדל טוט דאָס מיט אימפּעט. נאָר אויך אין יענער אײַלעניש כאַפּט זי אָפּט אזא קוק אַף אנטאַנאַס געדריסן, גלײַך ווי פאַר־לירן אים פון אויג וואָלט באַטײַט פאַר איר שטעלן אין סאַקאָנע דאָס לעבן.

עס איז קאָנטיק געווען, אז די זעלנער זײַנען א ביסל דערשראָקן סײַ פון זייער אייגענעם געוואַגטן שריט, סײַ פון דעם, וואָס זיי רינגלט ארום אזא גרויסער אומבאַקאַנטער אוילעם, כאָטש געווען איז דער אוילעם כאַ־ווערישע און פרײַנטלעך געשטימט.

פונדעסטוועגן האָבן די זעלנער ניט בלויז באַגלײַך מיט אלעמען מאַר־שירט, נאָר אויך באַגלײַך מיט אלעמען אויסגערופן:

— נידער מיטן קריג!

— זאָל לעבן די אלוועלטלעכע רעוואָליוציע! — האָט אָלשעווסקי ארויסגעשריִען פון אונטער א ברייט־צעוויקלטער רויטער פאָן, וואָס ער, דער סאַמע הויכער, האָט זיך געסטאַרעט האַלטן איבער אלעמענס קעפּ.

— זאָל לעבן די מאַכט פון ארבעטער־ און פּויערים־ראַטן!

— זאָל לעבן לענין און זײַן פּאַרטיי!

פון די איבעראַשנדיק דרייסטע אויסרופן און עפּשער מער נאָך פון די פּעסט־געשלאָסענע רייען, וואָס ארום די זעלנער, האָט רודניצקין זיך אָנ־

געהויבן דוכטן, אז אָט־אָט, בלויז נאָך איין קליינע אָנשטרענגונג, און די שטאָט וועט באהערשט ווערן דורך די נײַע דערוואכטע קויכעס.

דאָס סטודענטישע היטל, וואָס ער טראָגט געוויינלעך, האָט ער הײַנט פארביטן אף א ווייכער הוט, זײַן העל־גראָע וואטאָווע בעקעשע איז פאנאנ־דערגעשפיליעט און די פּאָלעס פּאטשן באם גיין. פון זײַנע גרויסע שווארצע אויגן קוקט ארויס אזא גוטע, קינדערשע היספּײַלעס, אז אנטאנאס גע־דריס האלט ניט אויס און באמערקט מיט א פרײַנטלעכן שמייכל:

— דו זעסט עפּעס הײַנט אויס שטארק צעטראָגן...

— קאָן זײַן... — אמפּערט זיך ניט רודניצקי.

— ניט „קאָן זײַן”, נאָר זיכער!

— פארוואָס איז בערמאן ניטאָ?

— דו ווייסט דען ניט? — האָט אנטאנאסן פארווונדערט די פראגע. — מיר האָבן זיך דאָך מיט דיר געהאט צונויפגערעדט וועגן שיקן א מענטשן אף יענער זײַט!

— נו, מיילע.. וויבאלד דו זאָגסט, — שפּארט זיך ניט רודניצקי, — איז עס, מיסטאמע, אזוי...

— ניט „מיסטאמע”, כאווער רודניצקי, — איז אנטאנאס געדריס פעסט באשטאנען אף זײַנס, — נאָר אזוי איז עס טאקע!

אין דער רעגע דערזעט פאר זיך רודניצקי ניט בלויז אלע טוער פון יענעם פארטיי־צענטער, בעראָש פון וועלכן עס איז געשטאנען דער שווארצבערדיקער מיצקעוויטש־קאפּסוקאס, נאָר אויך זײַן נאָענטע כאווער־טע — דאָס בלאָנדע מיידל, וועמעס פאָטאָ־קארטעלע ער האָט נאָך מיט א צײַט צוריק געהאט באוויזן אנטאנאסן און יויסעפן. זיי אלע דאָרט, האָט זיך רודניצקין פאָרגעשטעלט, האלטן שוין מיסטאמע אין באטראכטן זײַן יעדעס וואָרט דאָ און זײַן יעדן גאנג, ווי געדריס האָט דאָס דורך בערמא־נען איבערגעגעבן. פון אָט דעם געדאנק דערפילט ער אזא אינערלעכע אָנשטרענגונג, ווי גלײַך דאָס לעבן גופא וואָלט אים גענומען אף אן עפנט־לעכן פארהער, צי ער, רודניצקי, האלט טאקע אויס דעם עקזאמען אף אן עכטן באָלשעוויק... מיט א טאָן פון אופריכטיקער אנערקענונג גיט ער שטיל א זאָג:

— אָבער דו, אנטאנאס, ווי איך זע, ביסט ניט קיין פראָמאד! מע קאָן זיך אף דיר פארלאָזן...

פלוצלינג בלײַבט די גאנצע דעמאָנסטראציע שטיין באם סאמע אָנהייב פון דער ברייטער, ליכטיקער געאָרג׳עווסקער גאס. די דאָזיקע פריצישע גאס איז גוט אָפּגעהיט געוואָרן. מענטשן פון די הינטערגעסלעך האָבן זיך דאָ שטענדיק געפילט ווי אומגעבעטענע געסט.

דער פֿאָנענטרעגער זיגמונד אָלשעווסקי, בא וועמען די ברילן אַף דער לענגלעכער נאָז האלטן זיך אָפּטלעך ווי פֿרעמדע, גיט א פֿרעג מיט א קאָל, אין וועלכן עס הערט זיך סײַ א ביסל שרעק, סײַ אויך פֿאראנטוואָרטלעכ־קײַט פֿאר דעם פֿאָרקומענדיקן:

— אנטאנאס, ווו ביסטו? זאָג, צי זאָלן מיר ווײַטער גיין, אָדער... זאָג!

— נאָר ווײַטער! — האָט אנטאנאס געדריס ניט אזוי געענטפֿערט זיג־מונדן, ווי זיך אליין, אַף צולאָכעס יענעם פֿרעסנדיקן ווײ, וואָס ער האָט אזוי אָפֿט געפֿילט אַף זײַן שווערן און דאָך פֿריידיקן וועג. — נאָר ווײַטער, נאָר פֿאָרויס!

ווי אן ענטפֿער אפֿן איבערוף צווישן זיגמונדן און אנטאנאסן פֿארציט עמעצער א דרייסטע, מוטיקע ליד. בא אלע פֿענצטער־שויבן, אַף אלע גאסן־ווינקלען שטייען, ווי צוגעקלעפּטע, נײַגעריקע מענטשן, וואָס קוקן זיך מיט דער נאָך קיינמאָל ניט געזעענער אופֿלעבונג.

פֿון אָנהייב אין די רייען, דערנאָך אַף די טראָטוארן כאַפּן אלע אונטער דאָס געזאנג, און אָט פֿארפֿולט עס שוין דעם גאנצן ארום, דוכט זיך די גאנצע שטאָט...

## 17

אין באלעבאטים־פֿאריין האָט זיך פֿארזאמלט א היפּשער אוילעם.

אַף יורי פֿערעלמאנס צוגעזאָגטער רעדע האָבן אייניקע געוואַרט מיט אומגעדולד, געגלייבט, אז דאָס וועט באַרויִקן די שוין צופֿיל צערודערטע מויכעס. האָט אָבער יורי פֿערעלמאַן באַקומען א מאָדנע טעווע: וואָס מער אומגעדולד ער פֿילט ארום זיך, אלץ מער ווערט ער אויסגערעכנט און צוריקגעהאלטן. ס׳איז פֿאַריבער א שאָ און צוויי. מענטשן זײַנען געקומען, געוואַרט, צוריק אוועק, און ער, יורי פֿערעלמאַן, איז נאָך אלץ ניטאָ. האָט דאָס פּײַווע קליינמאַן אים ניט געקאָנט מויכל זײַן.

— א קאַפּאָרע אַף זײַן קאָפּ, — האָט ער געברומט, — און א קאַפּאָרע אַף זײַן מעשונעדיקער טעווע!

קעדיי מיט עפּעס צו פֿארפֿילן די אומגעדולדיקע וואַרטעניש, פֿארטרויט פּײַווע די עטלעכע מענטשן, וואָס שטייען ארום אים, ווי עפּעס א גרויסע געהיימניש, זײַנע סוואָרעס, וויִאזוי עס האָט געקאָנט פּאַסירן אזא זאך, ווי א דעמאָנסטראציע „אין מיטן העלן טאָג״...

— עס איז א סוואָרע, — זאָגט ער, — אז אנטאנאס געדריס און רודניצ־קי פֿארקישעפֿן דאָ מענטשן מיט אײַנריידענישן וועגן „דײַנס־מײַנס, מײַנס־

דײַנס!״ און מיט באַבעמײַסעס וועגן די ניסים און ניפלאָעס, וואָס קומען, קלוימערשט, פאַר אין רוסלאַנד.

— וואָס הייסט בא אײַך פּאַרקישעפן? — האָט דער אַלטער באַדינער פונעם באַלעבאַטים־פאַריין פּינכעס ניט געקאָנט אײַנהאַלטן זײַן בייזלעכע פאַרוואונדערונג. — ווי, אשטייגער, מיינט איר, טוען זיי דאָס?

— אָט אַזוי, — לאָזט זיך פּײַווע קליינמאַן ניט אַרײַנציִען אין אַן אויס־פּירלעכן שמועס, — וואָס־וואָס, דאַרפט איר וויסן, אָבער די מעלאָכע, ווי יענעם אײַנשמועסן, קענען זיי בעסער, ווי די אונדזעריקע...

— יאָ, — שטימט אײַן פּינכעס, — דערפאַר, מאַשמאָעס, קלעפּן צו זיי מענטשן, ווי בינען צו האָניק. און די זיסע רייד פון עמעצן אַנדערש ווילן זיי ניט הערן.

אין פּינכעסעס יעדן וואָרט פילט זיך א באַהאַלטענער, אָבער שאַרפלע־כער מיין, אף וואָס פּײַווע קליינמאַנען ווילט זיך ניט ציִען די אופמערק־זאַמקײַט. געדענקען דאָך אַלע, וויִאַזוי דער זעלבער פּײַווע פלעגט גאָר ניט אַזוי לאַנג צוריק זיך באַרימען מיט זײַן באַציִונג צו אַזעלכע, ווי פּינכעס.

— איך, — פלעגט זיך פּײַווע אויספּײַנען, — געהער ניט צו די אַמאָליקע פּוסטע גרויסהאַלטער, וואָס ניט ריר זיי אָן און ניט טשעפּע זיי... פאַר מיר, א הײַנטיקן מענטשן, זײַנען אַלע גוט. אַלע! אויב נאָר... איר פאַרשטייט דאָך אַליין!..

אין רויִקע צײַטן, ווען פּײַוועס געשעפטן זײַנען געגאַנגען, ווי געשמירט, פלעגט ער זיך דערלויבן ניט דעריידן, דערפאַר אין די טעג פון שטרײַקן, וואָס פלעגן זיך, ווי א שאַרף פון א מעסער, אַרײַנשנײַדן און פאַרלאַנגזאַ־מערן זײַן קימאַט שווינדלדיקן לויף אַרוף, צו אַשירעס, פלעגט ער קלאָר און אָפן אַרויסזאָגן אַלץ און ביז לעצט, וואָס האָט זיך אים געוויקלט אפן האַרצן.

— איר ווילט ניט? — פלעגט ער פאַרהאַלטן זײַנע שטרײַקנדיקע אַרבע־טער בא דער שוועל פון זײַן בעקערײַ. — איר ווילט ניט מער טאָן פאַר דעם מעקעך, וואָס מע צאָלט אײַך? נו, איז ניט געפידלט... האָבן מיר א גאָט אין הימל און אייגענע פאַריין־מיטגלידער, וואָס וועלן אונדז אַרויסהעלפן!..

פריִער האָט מען געהאַלטן פאַר רעכט, אויב איין מיטגליד פון באַלעבאַ־טים־פאַריין פלעגט העלפן דעם אַנדערן, ווען בא יענעם האָבן געשטרײַקט די אַרבעטער. אָבער ווען אין אַלע ווינקעלעך האָט מען געהאַלטן נאָר אין איין ריידן וועגן נײַעם רוסלאַנד און יעדער געשעעניש דאָרט איז אופגע־נומען געוואָרן, ווי אַן אָנזאָג פון א נײַער גערעכטיקײַט, האָבן פיל דער־שײַנונגען אָנגעהויבן אויסזען גאָר אַנדערש, ווי פריִער. און אפילע דאָ,

אין באלעבאטים־פאריין, האָבן אייניקע מיטגלידער זײַנע גענומען קוקן אַף דער סיסטעם פון שטרײַקברעכער ווי אַף א שרײַענדיקן אומרעכט.

קיין גרויסער כידעש איז עס ניט געווען. צווישן די מיטגלידער פון פאריין איז געווען א היפּש ביסל קוסטארן, וואָס האָבן אין זייער לעבן קיין כײַע־שאָ ניט געזען. דער ווונדער איז געווען, וואָס צו די „בונטארעס" האָט געהערט אויך דער שטענדיק רוזיק באַדאכטער, מעיושעוודיקער יודל גוטמאַן.

— אז וואָס גייט מיר אָן דער פאריין פון די באלעבאטים? וואָס פאר א פערדס־פוס־פּאָדקאָווע בין איך אים? — האָט ער, ווי זײַן טעווע איז געווען, גערעדט צו אלעמען ארום, כאָטש זײַן טײַנע איז געווען מער צו זיך אליין, ווי צו יענעם. — איי וועט איר זאָגן, מע טוט בא זיך אין שטוב? טאקע עמעס, אָבער די באשטעלונג, די סכוירע, דער רעווער, אלץ איז דאָך יענעמס!.. קומט גאָר אזא פּײַווע קליינמאַן, פרעגט ניט בא קיינעם קיין אייצעס, ברענגט נאָך מיט זיך א גאנץ בינטל גווירים, ראָיעט אלץ אוף, און אָנשטאָט אונדזער אלטן נאָמען: „פאריין פון באלמעלאָכעס" רוקט ער אונדז אונטער א שפּאָגל־נײַעם נאָמען, לויט זײַן גוסט: „פאריין פון באלע־באטים".

צוליב דעם, וואָס אין גוטמאַנס רייד דערפילן אלע א ניט געוויינלעכע פאר אים געוואגטקײַט, קוקט מען זיך אזוי פארכידעשט אום, פּונקט ווי די מענטשן און דאָס גאנצע שולכל, ווו עס געפינט זיך דער פאריין פון באלע־באטים, וואָלטן גענומען אויסזען אנדערש. דאָן באמערקט מען שוין, ווי דורך די שמאָלע, לאנגע פענצטער פונעם שולכל קוקט ארײַן א גרויע ליכ־טיקײַט. די שאָטנס פארשווינדן, אלץ ארום ווערט העלער און בוילעטער. אפילע פּײַווע קליינמאַנס געזעלשאפטלעכע טעטיקײַט.

קאָנטיק, אויך פּײַווע דערפילט, אז דאָ הייבט זיך אָן אויסשיילן עפּעס אזוינס, וואָס נעמט שמעקן מיט סאקאָנע, טרעט ער ניט אָפּ פון דער קעסטלדיקער מיזרעך־באנק, בא וועלכער ער איז געשטאנען, און קוקט קלוימערשט ארײַן אין די פּאָר אופגעמישטע צעשמאָדערטע פאריין־ביכער. נאָר דאָס שטערט אים ניט פון צײַט צו צײַט כאַפּן א בייזן קוק צו דער טיר, צו דער האנטפאס, ארום וועלכער עס האָט זיך צונויפגעקליבן דאָס ביסל אָרעמע באלמעלאָכעס, אין וועמעס הערצער, ווי ער, פּײַווע, איז זיכער, „עס קאָכט און בורעט, ווי אין א קעסל". נאָר וואָס צוטראכטן קעגן דעם ווייסט ער ניט. דאָס בעסטע, זעט אים אויס, וואָלט געווען א שארפע מוסער־רעדע. איז אָבער יורי פּערעלמאַן אלץ נאָך ניטאָ. קיילט ער כאָטש אָפּ זײַן פארדראָס דערמיט, וואָס ער גיט אלע ווײַלע א כויזעקדיקן בורטשע אַף די, וואָס קלעפּן צו דער טיר.

— וואָס האלט איר זיך פאר דער קליאמקע? — מאכט ער צו זיי. — מע קאָן דאָך מיינען, אז מיט איין פוס זײַט איר דאָ און מיט דעם צווייטן אף יענער זײַט!

— איר מיינט דאָס אונדז? — מאכט זיך יודל גוטמאן ניט פארשטייענ־דיק.

— אײַך, דיך, אלעמען, — איז פײַוועס יעדער וואָרט אלץ מער אָנגע־פּוישט געוואָרן מיט רוגזע, — פארמאכט, זײַט מויכל, די טיר. עס איז אײַך מער שוין ניט זומער...

פײַוועס קליינמאן קען גוט פינכעסן, אָבער ניט ווייניקער קען ער אויך יודלען, וועלכן ער פלעגט מיט כויזעק רופן „די אָפּגעשמיסענע הוישײַנע". דער דאָזיקער צונאָמען האָט געהאט זײַן געשיכטע.

ביז טויזנט נײַן הונדערט זעקס אָדער זיבן האָט זיך גוטמאן אקטיוו באַ־טייליקט אין שטרײַקן, דעמאָנסטראציעס, געווען טעטיק אין פּאָליטישן לעבן, גאָר פלוצלינג האָט ער זיך פון אלץ דערווײַטערט און גענומען לעבן נאָר מיט אייגענע און דערצו נאָך שטרענג־באגרענעצטע אינטערעסן. דאַן, געדענקען אלע, האָט דאָס גוטמאן כאסענע געהאט מיט א גאָטספּאָרכטיק מיידל, אוועק פון ווארשטאט, ווו ער איז פיל יאָרן געווען א לוין־ארבע־טער, אָנגעהויבן נעמען ארבעט אהיים. ער, דער נידעריקער און ברייטביי־ניקער יודל, מיט די קלוגע, גוטע אויגן, האָט דאָס אלץ אָפּגעטאָן מיט אזא אײַנגעשפּארטער אנטשיידנקײַט, ווי אף צולאָכעס דער וועלט, וואָס האָט אזוי גיך און גרינג ניט געלאָזט זיך איבערבויען...

אזוי האָט דאָס אויסגעזען. געווען איז עס אזוי און ניט אזוי... אין דעם האָט געשטעקט א ביסל צולאָכעס, אָבער אין טאָך גענומען האָט גוטמאנס דעמלטיקע דערווײַטערונג פון אלץ און אלעמען געשטאמט פון דעם גלײַכ־גילט, וואָס האָט אים באהערשט אין די שווערע יאָרן פון רעאקציע, א גלײַכגילט צו אלץ, אין וואָס ער האָט פריִער געגלייבט. די איינציקע באַ־דערפעניש, וואָס האָט איבער אים דאַן געהאט א שליטע, איז געווען: גוט, געוויסנהאפט ארבעטן און מיט אלעמען לעבן אין שאָלעם...

— ניט קריכן פון דער הויט, ניט זײַן קיין אזעספּאָנעם, — פלעגט ער פּאָטערלעך־שטרענג און מיט הארץ אײַנטײַנען מיט זײַן איינציק לערנ־יִינגל, — געדענקען, אז יעדערער וויל לעבן און עטעמען. יעדערער!..

איצט איז נאָך פײַוועס ניט קלאָר געווען, צי טרייסלט טאקע גוטמאן אראָפּ פון זיך דעם הינערפלעט פון די אלע יאָרן אָדער די צונג בלויז האָט זיך אים, ווי קעגן זײַן אייגענעם ווילן, ווידער גענומען באוועגן. דע־ריבער האָט פײַוועס געהאלטן, אז די הויפּט־סאקאָנע אין זײַן פאריין איז ניט יודל גוטמאן, נאָר דער פּאָשעטער, סאמע אָרעמער פינכעס, וואָס האָט

אלע יאָרן געוווסט נאָר פון זײַן נאָדל און פינגערהוט און נאָר פון די היטלען, וואָס ער פלעגט פון פרי ביז שפּעט שטעפּן און נייען פאַר די גרויסע היטל־געשעפטן. פאַר דער געהאָרכזאַמקייט און געפאַלנקייט זײַנער איז פּינכעס זויכע געווען אין די יאָרן פון פולער ארבעטלאָזיקייט צו ווערן א באַדינער אינעם באַלעבאַטים־פאַריין, אין וועלכן ער איז געווען איינער פון יענע דורכשניטלעכע מיטגלידער, אַף וועלכע פּײַווע קליינמאַן האָט זיך געסטאַרעט באַקומען א ווירקונג.

נאָר אויך פון אָט דער נײַער ארבעט, וואָס פּינכעס האָט באַקומען דורך פּײַוועץ, פון שלעפּן האָלץ, הייצן דעם אויוון, לויפן א גאַנג, וואַשן און קערן די דילן אין פאַריין, איז פּינכעסעס לעבן נישט געוואָרן ניט גרינגער און ניט זאַטער. ניט איין מאָל האָט שוין פון אים אַרויסגעשריִען דער טאַ־טשעגדיקער ווייטעק.

— די נויט דריקט מיך אזוי, — פלעגט ער זיך ביטער באַקלאָגן, — כאָטש נעם, כאַסוועשאָלעם, און טו זיך אָן א מײַסע!

קיין אייגן ווינקל האָט פּינכעס ניט פאַרמאָגט. ער האָט זיך געפונען אין א קעלער, ווו עס האָבן, אויסער אים, געוווינט נאָך פינף מישפּאָכעס, וואָס פלעגן זאָגן וועגן זיך, אז זיי „לעבן פון אויוון”. און טאַקע: זיי האָבן גע־צויגן זייער כאַיונע דערפון, וואָס מע האָט פון קאַרטאָפל־שאָלעכץ געבאַקן „באַבקעלעך” און פאַרקויפט אין די אָרעמע גאַסן.

דאָס איז געווען באַטאָג. און אין די נעכט פלעגן צו פּינכעסן דערגיין אזעלכע יאָמערלעכע געשרייען, פון וועלכע אפילע אים, וואָס האָט געטאָגט און גענעכטיקט מיט דער נויט, האָט געגרוילט דאָס ברודיקע, אָפּגעצערטע לײַב. קוים זיך דערוואַרט, ס׳זאָל ווערן טאָג, פלעגט ער זיך גרינגער מאַכן דאָס האַרץ מיט אויסריידן די שכייניִם:

— ווער פון אײַך ליאַרעמט דאָס אזוי פון שלאָף? איר קאָנט דאָך אזוי טאַטע־מאַמע אַף יענער־וועלט אופוועקן!

— דו הערסט נאָר, ווי יענער שרײַט, — דערווידערט אים ביידזלעך א ווייגענדיק פּרויען־קאָל, — אָבער אז דו אליין, בימכילע, כאָרכלסט אין שלאָף, ווי אַן אָקאָרשט געקוילעטע שאָף, דאָס, מאַשמאָעס, הערסטו ניט!

— אלע שרײַען מיר, — פלעגט אַן אַנדערע פון די באַבקעלעך־בעקערנס ווען פאַרווייכערן די אַמפּערניש, — אלע. עס שרײַט, נעבעך, פון אונדז דער ווייטעק!

אויך די דאָזיקע קעלער־מענטשן, דערהויפּט פּינכעס, האָבן צוביסלעך אָנגעהויבן פאַרשטיין, אז אלץ, וואָס די באָלשעוויקעס טוען דאָ, איז אויך זייערע א בלוטיק־אייגענע זאַך. פּינכעסן האָט מאַמעש געוואָרגן דער צאָרן קעגן פּײַוועץ מיט זײַנע פלוידערײַען וועגן פאַרקישעפן מענטשן. נאָר אַף

דערווידערן, זאָגן עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל טרעפן אין פּיִוועס אייניציק אָפענעם אויג, אַף דעם האָט אים נאָך געפעלט דאָס נייטיקע שאַרפע וואָרט. שפּיִערט ער מיט אַ טראַגטע דעם גרויסן הענגלײַכטער פון שולכל, און ס׳שטעלט זיך אים פאָר, אַז ער האַלט זיך ניט פאַרן שווערן קופּערנעם הענגלײַכטער, נאָר זײַנע בײַנערדיקע הענט שטשעמען זיך אײַן אין פּיִוועס האַלדז. דאַן באַמערקן אַלע, ווי פּינכעסעס שוואַרץ, געדיכט־באַוואַקסן פּאָ־נעם באַקומט אַ דראָענדיקן אויסזען.

אָבער פּיִוועז, קאָנטיק, לוינט בעסער צו פאַרשמייכלען די דאָזיקע גע־שעעניש.

— איר כאַפּט נאָר אַ קוק אַף אונדזער באַדינער, — ווײַזט אָן פּיִווע מיט קלוימערשטער פאַרוווּנדערונג אַף פּינכעסן, — זעט נאָר: ער איז דאָך טאַקע אַף אָן עמעס מעובערעס מיט רעוואָליוציע. זעט נאָר, זעט!

אין שולכל, וווּ עס געפינט זיך דער באַלעבאַטים־פאַריין, האָט קיינער מער קיין וואָרט ניט אַרויסגערעדט. קיינער האָט מער ניט געוואַרט אַף יורי פּערעלמאַנען און זײַן צוגעזאָגטער רעדע. אָנגעשטרענגט־שווײַגנדיקע האָבן אַלע זיך אומגעקוקט. פון פּיִוועס האַלב־פאַרמאַכטן לינקן אויג האָט גענו־מען אַרויסקוקן אומבאַהאָלפנקײַט. פּינכעס האָט פאַרלאָזט דאָס הויכע בענקל, פון וועלכן זײַנע לאַנגע הענט פלעגן גרייכן צום הענגלײַכטער, און זײַן פּאָנעם איז געוואָרן אַזוי אויסגעלײַטערט, פּונקט ווי ער וואָלט ענדגיל־טיק באַנומען זײַן אָרט און ראָל אין די אָנוואַקסנדיקע געשעענישן. ער האָט ברייט צעעפנט די טיר פון שולכל און אַרויסבאַגלייט אַלעמען. עס האָט געזאָלט באַטײַטן: מער האָט דאָ קיינער ניט וואָס צו טאָן.

## 18

ניט וואַרטנדיק מער אַף קיינעם און אַף גאָרניט, האָט פּיִווע אַוועק־געײַלט צו יורי פּערעלמאַנען אַהיים, קעדיי אים אויג־אַף־אויג דערציילן, צו וואָס עס האָט געבראַכט זײַן ניט האַלטן וואָרט.

— אַף די ווענט פון אונדזער פאַריין, — דערציילט אים ד׳ער בעקער, — האָבן זיך באַוויזן פּאַסקוויל־מוידאָעס פון יענעם מין, וואָס מע פרעגט זיך אַף זיי נאָך!

פּיִווע האָט געוואַרט אַף אַ פראַגע אָדער כאָטש אַף עפּעס אַ באַמערקונג וועגן דער יעדיע, וואָס ער האָט געבראַכט. יורי פּערעלמאַן איז אָבער אָפּגעקומען בלויז מיט שווײַגעניש און געהאַלטן זיך אַזוי, ווי ניט אים מיינט מען עס. דאָס איז געווען ניט צופעליק. יורי פּערעלמאַן איז געווען זיכער, אַז אויב די פאַרזאַמלונג אין פאַריין פון די באַלעבאַטים איז ניט

פאַרגעקומען, איז אין דעם שולדיק ניט דער באַדינער פּינכעס, ניט יודל גוטמאַן און אוואַדע ניט ער, יורי פּערעלמאַן, נאָר גופא פּײַוועס קלײַנמאַן, וועלכער האָט ניט פאַרשטאַנען און וויל נאָך עפּשער אַדהײַעם ניט פאַר־שטיין, אַז די רעוואָלוציע אין פּעטראָגראַד האָט געביטן דעם גאַנצן פּאָ־ליטישן קלימאַט אין דער וועלט, אַז די צײַט איז איצטער געוואָרן גאָר אַן אַנדערע און מע קאָן ניט מער קומען איצטער צו אַן אוילעם מיט די הוילע קולאַקעס... אַז צו אַלץ פאָדערט זיך צולייגן קאָפּ!..

איז יורי פּערעלמאַנען שווער געווען ניט נאָר ריידן, נאָר אַפילו אָנ־קוקן פּײַוועסן. כאָטש ער האָט זיך גאָרניט געקליבן ערגעץ־ווו גיין, אָבער קעדיי פּאָטער ווערן פון דעם אומגעבעטענעם גאַסט, נעמט פּערעלמאַן זוכן די הוט, דעם שטעקן, האַגאַם אַ בלינדער, דוכט זיך, וואָלט דאָס אַלץ גרינג געקאָנט דערטאַפּן אינעם ציכטיקן פּאָדערצימער. געזוכט גאַנץ לאַנג. מיטן מיין, טאָמער וועט קלײַנמאַנען אײַנפאַלן אוועקגיין. אָבער אַפילו ווען זיי זײַנען אַרויס אין גאַס, איז פּײַוועס ניט נאָר ניט אָפּגעטראָטן פונעם דאָקטער, נאָר געגאַנגען אַזוי נאָענט לעבן אים, אַז די אַרבל פון זייערע מאַנטלען האָבן זיך אײנס אָן אַנדערן געריבן. געגאַנגען און אַלץ געטײַנעט וועגן די אומצופרידענע, וואָס האָבן פּלוצלינג באַקומען לאָשן:

— זיי שרעקן, זיי בילן, מע האָט דאָך דערשמעקט די סלאָבאָדע[1]... שרײַבן זיי, אַז מיר, די עטלעכע קלאַל־טוער, פרעסן אויף דאָס ביסל גרויפּן, וואָס פאַן אָקסמאַן ווארפט אַמאָל צו, און פאַר זיי, די אָרעמעלײַט, נעבעכינ־קע, בלײַבט איבער אין קעסל ניט מער, ווי דאָס ביסל מוטנע וואַ־סער!..

— איך ווייס ניט, צי שרײַבט מען אַזוי, — פילט זיך ביטל אין פּערעל־מאַנס באַמערקונג, — נאָר אויב יאָ, איז אויך אַמאָל גלײַכער ווײַניקער באַל־בען וועגן דעם.

— עפּשער, — איז פּײַוועס שוין גרייט אײַנצושטימען, אָבער טייקעף האָט ער כאַראָטע, — דעם עמעס גערעדט, מוז איך אײַך זאָגן, אַז איצטער איז ניט די צײַט אָפּ צאַצקענען זיך מיט זיי... אַ סאַך ראַיעלער וואָלט גע־ווען, ווען מיר גיבן זיך אַ נעם בעיאַד־כאַזאָקאָ... און אויב איר מיינט, אַז דאָס איז ניט אין אונדזערע קויכעס, אויב... קאָן מען אַ רעד טאָן מיטן פּאַן פּאָניאַטאָווסקי. איר קוקט ניט, וואָס ער איז אַ האָנאַראָווער... נישקאָשע, ס'קאָן זיך טרעפן, אַז מיט אים זאָל מען קאָנען אַמאָל דורכקומען גיכער, ווי מיט אַ גאַש־בראַט!

[1] פאַרקריפּלט פון סוואָבאָדאַ (רוסיש) — פרײַהײַט.

— מײַן טײַערער, — באווײַזט זיך אף יורי פּערעלמאנס פּאָנעם א קלוגיטשקער שמייכל, — דורכקומען צו דורכקומען איז ניט גלײַך. דורכקומען — ווער מיט וועמען?

פּונקט ווי אלע, ווייסט אויך פּערעלמאן, אז די ברוטאלע הערשאפט פון דער אָקופּאציע־מאכט האָט, אויסגלײַכנדיק אין פּראט פון פולער רעכטלאָזיקײַט קימאט אלע טיילן פון דער באפעלקערונג, שוין דערמיט אליין אוועקגעשטעלט אים, יורי פּערעלמאנען, אף „איין ברעטל" מיטן פּאן פּאָניאטאָווסקי. אָבער ווען די מאכט פון די אָקופּאנטן האָט זיך א וואקל געטאָן, זײַנען די באציִונגען צווישן פּערעלמאנען און פּאָניאטאָווסקין ווידער געוואָרן אָנגעצויגענע.

ווי נאָר יורי פּערעלמאן האָט זיך דערוווּסט, אז אף דער שמאָלער שאָטנדיקער אָסטראָבראם־גאס, וואָס פּלעגט אים שטענדיק דערמאָנען אָן א טיפער שווארצער הייל, זײַנען אויסגעשטעלט געוואָרן פיל מער ווי אלע מאָל הייליקע גאָטס מוטערס, פּארפּוצטע אין ווײַסע געפּרעסטע פּארטעכלעך, האָט ער גלײַך א טראכט געטאָן, אז פּאן פּאָניאטאָווסקי גרייט עפּעס א געהיימען פּלאן, וואָס כאָטש ער פּארשלייערט אים, קאָנטיק, מיט גאָטס נאָמען, איז דער מיין א קלאָרער: אלץ דערטרינקען אין בלוט, קעדיי שפּעטער אליין ווערן דאָס „אייבערשטע פון שטייסל". קעדיי פּײַװען געבן אָנצוהערן וועגן אזא מעגלעכקײַט, כאזערט ער איבער:

— דורכקומען — ווער מיט וועמען?

יורי פּערעלמאן פּארטראכט זיך, צי זאָל ער מעגאלע זײַן דעם רײַך־געוואָרענעם בעקער, וועלכער ווערט אים, דעם אינטעליגענט, עפּשער גאָרניט פּארשטיין, דעם גרויסן סאָד — דעם טרוים פון זײַן לעבן, צי ניין.

יורי פּערעלמאנס טאטע איז געווען א פרומער וואלד־סויכער און א גאבע אין דער גרעסטער שטאָטישער שול. אין זײַן גאבאָעס איז ער געווען אזוי ארײַנגעטאָן, מער פון גאָרנישט ניט געוואָלט וויסן, אז לעסאָף איז ער בעדיל־האדאל געוואָרן. און יורי, זײַן יינגערער זון, מיטן שארפן קעפּל, וואָלט געוויס געוואָרן ניט מער ווי א שיק־יינגל בא יענעם, ווען ניט די שטיצע פונעם רײַכן קאָרעוו בערע־לייב קעלים, וועלכער האָט אים געגעבן די מעגלעכקײַט צו באקומען הויכבילדונג.

דער יונגער פּערעלמאן האָט פּאר דעם אָפּגעדאנקט ווי אמשענסטן — ער האָט כאסענע געהאט מיט קעלימס פינף־און־דרײַסיקיאָריקער טאָכטער און געוואָרן זײַן טרײַער איידעם. און אויב מירעלע, בערע־לייבס טאָכטער, האָט ניט געפונען קיין געמיינזאמע שפּראך מיט איר מאן, האָט נאָך דער מאָדע נאָך אלץ געטײַנעט, אז זי איז אנטוישט אין לעבן, און קימאט די גאנצע צײַט פּארבראכט אין אויסלאנד, האָט דאָס יורי פּערעלמאן ניט גע־

האַלטן פאַר זייַן שולד. אַזאַ, לויט זייַן מיינונג, איז זי שוין געווען, די שלאַנקע ברונעטן מירעלע: צו וואָס נאָר זי פלעגט זיך צורירן, האָט דאָס איר באַלד גענומען אויסזען ניט באַדייַטנדיק און זינלאָז.

פריִער פלעגט נאָך יורי פערעלמאַן אייַצען איר צו זייַן כאָטש אַ ביסעלע צוגעלאָזענער צו מענטשן און אופהערן צו טראָגן די לאַנגע שוואַרצע קליידער, וואָס פלעגן זי מאַכן נאָך אומעטיקער, ווי זי איז געווען אין דער ווירקלעכקייַט. זייַנע אייַצעס אָבער האָבן גאָרניט געענדערט.

יורי פערעלמאַן האָט געוווּסט פון קעלימס האַרץ־קרענק און פאַרשטאַנען, ווי געפערלעך פאַר אים איז די קלענסטע אופרעגונג, דאָך האָט ער זיך ניט איין מאָל פאַר אים באַקלאָגט:

— אײַער מירעלע, שווער, דריקט אַף מיר, ווי אַ שווערע וואָגשאָל. אפילע זייַן פון איר ווייַט אַף וויאָרסטן איז אויך ווייניק אַף זיך ניט אָנשטעקן מיט אַנטוישונג אין אַלץ און אַלעמען...

ווי פאַרשיידן עס זייַנען ניט געווען מירעלע און זייַן, יוריס, טאַטע, דאָך האָט ער אין זיי ביידע געזען צוויי זייַטן פון איין מאַטבייע. ביידע האָבן, לויט זייַן טיפסטער איבערצייַגונג, ניט פאַרשטאַנען, אַז מע קאָן און מע דאַרף לעבן אַנדערש — אַליין ווערן באַלעבאָס איבער אַנדערע. אויב ניט, וועסטו פריִער צי שפעטער צעמאָלט ווערן, ווי דורך מעכטיקע מילשטיינער... יורי פערעלמאַן האָט זיך פאַרמאָסטן אריבערשפרייַזן סייַ דעם טאַטנס באַגרענעצטקייַט, סייַ מירעלעס אַנטוישונג. טיף אין האַרצן איז ער געווען איבערצייַגט, אַז ניט אַזוי רייַכקייַט, ווי פּאָליטישע מאַכט, זיכערט דעם מענטשן דאָס עמעסע אָרט אין לעבן. און איצט, טראַכט ער, איז, דוכט זיך, געקומען זייַן, יורי פערעלמאַנס, צייַט.

דעם בעקער קאָן ער, נאַטירלעך, דאָס אַלץ ניט אַרויסזאָגן, פונדעסטוועגן זאָגט ער צו אים מיט ביטל:

— דאָס, וואָס איר האָט מיר דאָ אָקאָרשט דערציילט, ווער וואָס עס טראַכט און שרייַבט וועגן אונדז, גייט מיר אָן ווי דער פאַראיאָריקער שניי. מיך אַרט גאָר עפעס אַנדערש: אויב דער גאַנצער הו־האַ, וואָס דאָ איז געוואָרן, איז טאַקע נאָר צוליב גערעכטיקייַט, פרעג איך אײַך: צי וואָלט ניט געווען קיין יוישער, אַז מיר זאָלן דאָ האָבן די גאַנצענע מאַכט. מיר!..

פייַוועל קליינמאַן איז געבליבן שטיין מיט אַזאַ אופגעלויכטענעם און דאָך אומבאַהאָלפענעם אויסזען, גלייַך ער וואָלט געוואָלט און ניט געקאָנט אַרויסריידן עפעס אַ וויכטיק וואָרט. ער זעט ניט, אַז זיי זייַנען צוגעקומען צו יענעם שולכל, וווּ עס געפינט זיך דער באַלעבאַטים־פאַריין. ער באַמערקט ניט, ווי עס וואַנדערן ערגעץ אוועק די גרויסע געדיכטע שוואַרצע

וואָלקנס, וואָס האָבן געדראָעט מיט א גוסרעגן, און עס גיט זיך א ווײַז די זון. איר וואַרעמע ליכטיקײַט הייבט אָן אַרײַנטריפֿן אין די אַרומיקע הײַז־קעס.

ווי נאָר אין גאס איז געוואָרן א ביסל ליכטיקער און וואַרעמער, האָבן פֿון אַלע ווינקעלעך גענומען ציִען זיך צום פֿאַריין באַלמעלאָכעס.

וואָס האָט די דאָזיקע מענטשן געבראַכט אין דרויסן, איז זיי אַליין מי־נאַסטאַם ניט געווען קלאָר. עפּשער דאָס, וואָס אויף דער גאַס איז געוואָרן וואַרעמער, ווי אין זייערע ניט געהייצטע כאַלופּעס? און עפּשער האָבן זיי באַמערקט, אַז יורי פּערעלמאַן טײַנעט עפּעס אײַן מיט פּײַווע קליינמאַנען, און געוואָלט וויסן, וועגן וואָס עס האַנדלט זיך? אַזוי צי אַזוי, נאָר די צוגעקומענע האָבן גלײַך זיך געווענדט צו פּערעלמאַנען, ווי ער וואָלט גערעדט מיט זיי:

— האַ?

— וואָס?

—עפּעס נײַס?

די נײַגעריקײַט, מיט וועלכער עס זײַנען אַרויסגעזאָגט געוואָרן די קור־צע, קימאַט האַלב־שטומע פֿראַגן, האָט יורי פּערעלמאַנען צוגעגעבן זיכער־קײַט, ער איז נאָך פֿעסטער געוואָרן אין דער דייע.

— איר זעט, — טוט ער א ווײַז פּײַווען אָפֿן טאָוול, וואָס איז געווען אײַנגעפּאַסט אין דער וואַנט פֿון דעם אַלטן שולכל, — גיט, זײַט מויכל, א קוק, וועט איר זיך דערמאָנען: פּערציק יאָר האָט דאָ געלערנט דער גאָען, וועמעס מײַסים־טויווים עס איז אומעגלעך איבערצודערציילן. איז אַדע־ראַבע, זאָלן אַלע זאָגן, צי האָט נאָך ווער אַזויפֿיל רעכט אויף דער מאַכט דאָ, ווי מיר?

— ווער איז דאָס „מיר"? — גיט אים יודל גוטמאַן, טאַקע אייבער פֿון די אָקאָרשט אָנגעקומענע, גאָר ערנסט א פֿרעג.

— מיר איז מיר! — בריט אים פּײַווע קליינמאַן קימאַט ווי אָפּ מיט זײַן ענטפֿער.

— אויב איר זײַט איר, — האָט אויך פּינכעס ניט געקאָנט מער שווײַגן, — טאָ וואָס וועלן אויף דעם זאָגן די אַרבעטער, די פּויערים און טאַקע ווידעראַמאָל די פּויערים און אַרבעטער!..

— גייט אײַך, פּונוואַנען איר זײַט אָקאָרשט געקומען! — האָט אין פּײַ־וועגן אַלץ אופגעזאָגט, און דאָס אַזוי אויך נאָר האַלב־אָפֿענע לינקע אויג האָט זיך אינגאַנצן פֿאַרמאַכט. — גייט!

19

טעג זײַנען געשטאַנען פֿײַכטע און צעשוווּמענע. יעדער טאָג האָט דער־מאָנט אָן אַן אָפֿענער, יאַטערנדיקער וווּנד. נאָר אַף רייזלען האָט דאָס קיין מאָרעשכוירע ניט אַרופֿגעוואָרפֿן. זי האָט ביכלאַל ניט געהאַט ווען אַרומ־קוקן זיך אַפֿן וועטער. פֿאַר איר גאַנץ לעבן איז איר שווער געווען זיך דערמאָנען כאָטש אין איין טאָג, ווען זי זאָל ניט האָבן שווער געפּראַצע־וועט. איצט איז איר אָנגעגאַנגען גאָר עפּעס אַנדערש: אַזויפֿיל צײַט אַרײַ־בער, און איר יאָסל איז נאָך אַלץ ניטאָ, ווי ס'איז ניטאָ אין שטוב קיין ביסן ברויט, קיין שײַטל האָלץ און קיין ביסל נאַפֿט אינעם בלעכענעם לעמפּל.

רייזל האָט ניט געוווּסט און ניט געטאָרט וויסן, וווּהין און צוליב וואָס איר מאַן איז אַוועק. דאָך האָט זי פֿאַרשטאַנען, אַז אַוועק איז ער ניט אַנ־דערש, ווי מיט אַן אויפֿגאַבע פֿון זײַן אָרגאַניזאַציע. האָט זי ניט נאָר קיין טײַנעס צו אים ניט געהאַט, נאָר אָפּטלעך פֿלעגט איר נעמען דוכטן, אַז ער איז אַוועק מיט איר וויסן און האַסקאָמע און צײַטווײַליק זי דאָ איבער־געלאָזט אַף זײַן פּאַרטיי־פּאָסטן.

ווי נאָר זי האָט געעפֿנט די אויגן, נאָך איידער זי האָט באַוויזן ווי געה־עריק זיך אַרומקוקן, האָט זי אַפּגיך אַרופֿגעכאַפּט דאָס ביסל טראַנטעס אַף איר אָפּגעצערט לײַב; קעדיי די „געדראַלעווע" מײַז, וואָס מאַכן זיך לוסטיק אין אַלע ווינקעלעך פֿון איר קעלער־דירע, זאָלן, כאָלילע, ניט צעהרײַזען איר שלאָפֿנדיק אויפֿעלע, גענומען דאָס קינד אַף די הענט און אַוועק־געײַלט אין פּאַרטאָגיקן דרויסן.

געווען איז קאַלט און פֿינצטער. ווי פֿאַרשליומפּערטע, האָבן אויסגעזען ניט בלויז די ברודיק־נאַסע גאַסן, נאָר אויך די הײַזער. געדוכט האָט איר, אַז ניט קיין לעבעדיקע שטאָט, נאָר אַ פֿאַריאָמערטע פּוסטקײַט קוקט צו איר אַרויס. ווו־ניט־ווו נאָר גייט זיך אַ ווײַז אַן אײַנגעשרומפּענער מענטש, וואָס ציט זיך אַוועק צו יענעם ווײַטן ראַנד פֿון סאָסנע־וואַלד, ווו עס געפֿי־נען זיך די גרויסע מיליטערישע בעקערײַען, לעבן וועלכע עס רייכערן און טשאַדען עטלעכע פֿעלד־קיכן. איז אויך רייזל אַוועק צו יענעם זאַטן אָרט.

האַרט בײַ די פֿעלד־קיכן טרעפֿט זי אַ סאַך פֿרויען און מענער, יונגע און אַלטע, און אַלע בעטן בלויז איינס:

— הערעלע טײַערער, שענקען זי אַ קאַפּעלע זופּ.

— הערעלע טײַערער, שענקען זי אײַן שטיקכינע ברויט.

רייזל כאַפּט זיך אָבער באַלד, אַז בײַ די יעקעס, אָדער, ווי מע רופֿט זיי נאָך, „די קאַלטע גאַזלאָנים", האָט נאָך קיינער גאָרניט באַקומען, און דע־

ריקער, ניט צוליב „אויסבעטן א ביסן” איז זי, יאָסל בערמאַנס פרוי, אזוי פרי אופגעשטאַנען. עפנט זיך איר גאָרניט דאָס מויל, און זי אײַלט אוועק אין ארבעטער־קיך.

נאָך איידער זי האָט דערזען, האָט זי דערשפּירט: עפּעס אויסטערלישס קומט פאָר. האָט זי זיך נײַגעריק ארומגעקוקט. הויכע מיליטערישע פורן, געשפּאַנטע מיט גרויסע שווערלײַביקע פערד, זעט זי, יאָגן אין פארשיידענע ריכטונגען...

פון די שפּארונעס אין די פּארקנס פון די הויפן קוקן ארויס פריידיק־איבעראַשטע מענטשן, וואָס האָבן, קאָנטיק, קוים דערוואַרט די רעגע צו קאָנען אָנטרויען זייערע אומגלייבלעכע נײַס:

— מע זאָגט, — קוקט צו איר יודל גוטמאַן ארויס פון א האלב־אָפענער טויער־פאָרטקע, — מע זאָגט, אז די רויטע שפּארן אהער!

— גוטמאַנקע, — זאָגט זי צו אים, ווי צו א ליב קינד, — דאָס קאָן דען געמאָלט זײַן?

פול מיט פרייד, איז רייזל ארײַנגעלאָפן אין גרויסן קיך־צימער. דאָ האָט, לאָזט זיך אויס, שוין באַצײַטנס זיך צונויפגענומען א גרויסער סוידעסדיק־אײַנגעהאלטענער אוילעם. בלויז דאָס קליינע צימערל איז אזוי פעסט פארמאַכט, ווי קיינער וואָלט נאָך ניט געהאַט דאָרט אריבערגעטראָטן די שוועל. אָבער דעם בלעכער בעלקינען און זוסיע דעם שנײַדער, וואָס זײַנען ארײַן גלײַך נאָך רייזלען, ווילט זיך ניט גלייבן, אז אין אזא פרימאָרגן זאָל דאָרט קיינער ניט זײַן. לייגן זיי ביידע, זוסיע און בעלקין, צו אן אויער צו דעם פארמאַכטן טירל, טאָמער ווערלן זיי פאָרט עפּעס דערהערן.

— קוקט ניט און שמעקט ניט, — וואָרנט זיי עמעצער פון די פרי:ער געקומענע, — לאָזט דאָרט מענטשן אלץ באַקלערן. אנטאַנאַס געדריס מיט זײַנע כאַווײרים איז דאָרטן.

— אויב אזוי, איז אנדערע רייד! — טרעט אָפּ בעלקין פון דעם טירל.

גראָד אין דער רעגע, ווען בעלקין איז, דוכט זיך, גרייט געווען אראָפּשלינגען דעם אייגענעם אָטעם, אבי ניט שטערן אנטאַנאַסן, איז מיט א ווירדיק־שטרענגלעכן אויסזען ארײַנגעקומען נאַפּטאָליע מערקין. זײַן אומדערוואַרט קומען האָט ארויסגערופן א שטיקל אופרודערונג.

— זעט נאָר, — האָט רייזל אופמערקזאַם געמאַכט, און עס איז שווער געווען באַשטימען, צי זאָגט זי דאָס מיט מיטגעפיל אָדער מיט איראָניע, — זעט נאָר, אים, נעבעך, נעמט שוין אויך ניט קיין שלאָף...

שוין לאַנג, ווי בא נאַפּטאָליע מערקינען איז געווען א פארלאַנג: קומען אהער, אין קיך, אין אזא צײַט, ווען אנטאַנאַס געדריס איז נאָך דאָ ניטאָ,

און אָן וועלכע־ניט־איז שטערונגען זיך פאַרטרווילעך דורכשמועסן מיט אַזעלכע פּאָשעטע קיך־באַזוכער, ווי בעלקין, זוסיע און אַנדערע. ער, נאַפּטאַליע, איז גרייט געווען ניט בלויז אויסהערן זיי, נאָר אַפילע ווי ווײַט מעגלעך אַנטקעגנקומען זייערע פאַרלאַנגען.

כאַטש אינעם קליינעם צימערל איז געגאַנגען אַ זיצונג, דאָך האָט מערקין זיך ניט אָפּגעזאָגט פון זײַן פּלאַן. אָבער ביז יענע געהיימע זיצונג וועט זיך ענדיקן און אַנטאַנאַס געדריס וועט אַוועקגיין, איז נאַפּטאַליע מערקין, ניט וועלנדיק פאַרלירן קיין צײַט, צוגעגאַנגען צו פרומען, קעדיי כאָטש דערווײַל מיט איר זיך פאַרשטענדיקן וועגן אייניקע קיך־איניאַנים. פרומע איז אָבער געווען צופיל דערצאָרנט, זי זאָל קענען ריידן מיט מערקינען, וועלכער איז, לויט איר מיינונג, געווען שולדיק אין דעם, וואָס די פאָרמעל אומפאַרטײַישע, אָבער אין עצעם בונדישע קיך איז געוואָרן, ווי „אַ טיר אָן אַ קליאַמקע״ — ווער עס וויל, יענער קומט אַהין!

פרומע מילנער האָט ניט געקאָנט פאַרגעסן, אַז נעכטן, שוין גאָר שפּעט אין אָוונט, איז אין קיך געקומען די שיינע און שטאָלצע וואַנדע באָגושעוויטש. אַז זי איז, פּונקט ווי זוסיע און בעלקין, אַנטלאָפן פון אַ צוואַנגסלאַגער, וואָס האָט זיך געפונען אין טיף־דײַטשלאַנד, האָט פרומע שוין לאַנג געוווּסט. אָבער צו וואָס האָט אַזאַ וואַנדע באַדאַרפט קומען אין אַרבעטער־קיך, ווו מע קען זי פאַר אַדאַם קעלבאַשינסקיס פרוי? אָט דאָס האָט פרומען אויסגעזען ניט ווייניקער פאַרדעכטיק, ווי זוסיעס און בעלקינס ריירנדיק־אויפמערקזאַמע באַציִונג צו דער זיצונג, וואָס קומט פאָר אין יענעם פאַרמאַכטן קיך־צימערל. פרומע מילנער האָט אָנגעהויבן כוישעד זײַן, אַז נאַפּטאַליעס ווירקונג און אויטאָריטעט זײַנען, ווײַזט אויס, שטענדיק געווען גאַנץ באַדינגלעך... האָט זי אַקשאָנעסדיק אויסגעמיטן אַ שמועס מיט מערקינען און זיך פאַרנומען מיטן אָקאָרשט אַרײַנגעקומענעם יודל גוטמאַן.

אלעמען איז געווען טשיקאַווע אָנצוקוקן, וויאַזוי די דאָזיקע פרומע מילנער, וואָס האָט קימאַט דאָס גאַנצע לעבן אָפּגעגעבן נאַפּטאַליע מערקינען און זײַנע אינטערעסן, האַוועט אַרום יודלען. אָט, זעט מען, דערלאַנגט זי אים אַ פול שיסעלע מיט בריִענדיק־הייסן וויקע־זופּ, און אָט טראָגט זי אים אונטער אַזאַ רייניעם הילצערנעם לעפל, וואָס כאָטש נעם און שלינג אים אַראָפּ אָנשטאָט אַ ביסן ברויט, און אָט אַפילע ברענגט זי אים אַ רעכט ביסל גראָבע, פּײַכטע זאַלץ, וואָס דאָס איז קיינער פון די קיך־באַזוכער שוין לאַנג ניט זוכע געווען אַפילע אָנצוקוקן. און וואָס מער פרומע מילנער האָט דאָס אַלץ געטאָן, אַלץ מער האָט זיך איר געוואָלט כאָטש מיט עפּעס זיך קעגנשטעלן נאַפּטאַליע מערקינען.

די באַציִונגען צווישן פרומע מילנער און יודל גוטמאַנען זײַנען ניט געווען אַזעלכע פּאַשעטע, ווי אייניקע האָט זיך געקאָנט אויסדוכטן.

יודל פלעגט זעלטן זיך ווײַזן אין קיך, און האָט ער זיך אַמאָל באַוויזן, איז דאָס געווען ניט צוליב דעם שיסעלע זופּ, נאָר דערפאַר, וואָס עפּשער קעגן זײַן ווילן און וויסן האָבן די אופּרודערנדיקע געשעענישן אין רוס־לאַנד דערוועקט אין אים אַ פרישן אינטערעס צו דעם, מיט וואָס עס האָט גענומען לעבן די גאַנצע געגנט. אָבער אַרײַנקומענדיק אין קיך, האָט ער נישט געקאָנט ניט באַמערקן די באַציִונגען, וואָס האָבן זיך צונױפגעלייגט צווישן נאַפּטאָליע מערקינען און זײַן, יודלס, אַמאָליקער כאַווערטע פרומע מילנער, וועמעס לעבן אים האָט גענומען אויסזען שטאַרק פאַרפּלאָנטערט און אַמאָל אַפילע פאַרשפּילט.

פרומע האָט געפילט גוטמאַנס כאַווערישע זאָרג, און איר איז גוט גע־ווען קילן לעבן אים איר זודיק־הייסע אומצופרידנקײַט מיט נאַפּטאָליע מערקינען.

אָבער רייזלען איז דאָס אַלץ ניט אָנגעגאַנגען. זי האָט זיך געוואָלט דערגרונטעווען גאָר צו עפּעס אַנדערש. אָנשטאָט צו וואַרטן, ביז נאַפּטאָליע מערקין וועט דאָ וועמען וואָס זאָגן, גיט זי אים ראַפּטום אַליין אַ פרעג:

— איך וואָלט װעלן וויסן, וואָס וועט דאָ זײַן?

— וואָס דאָ וועט זײַן? — כאַזערט ער איבער רייזלס פראַגע מיט אַזאַ טאָן, ווי ער וואָלט וועלן געבן אָנצוהערן, אַז ער שטויסט זיך אָן, וואָס רייזל מיינט מיט אָט דער פּראַגע. אָבער קעדיי ניט לאָזן זיך אַרײַנצִיען אין אַ שמועס, וואָס לוינט אים ניט, צײַלט ער איר אָפּ ניט מער, ווי עטלעכע ווערטער. — עס וועלן זײַן פרעסט און זאַווערוכעס. אַלץ וועט נאָך זײַן!

— כאַוויירים, — האָט רייזל ווי אַפּעלירט צו אַלעמען, — איך פאַרשטיי ניט, צו וואָס קלעפּט דאָ דער מאָשל וועגן פרעסט און זאַווערוכעס! אָדער עפּשער, — כאַפּט זי זיך, — ריידן מיר מיטן כאַווער מערקינען אָף פאַר־שיידענע לעשוינעס? אַדעראַבע, זאָלן קליגערע זאָגן!..

דערפון, וואָס נאַפּטאָליע מערקינען איז קלאָר געוואָרן, אַז אַפילע אין דער פּאַשעטער רייזל בושעווען שוין בייזע ווינטן, ווערן זײַנע מויל־ווינק־לען אויסגעקרימט פון אַ געצוווּנגענעם שמייכל. אָנשטאָט איר עפּעס צו ענטפערן האָט ער זיך נאָר אומגעקוקט שטאַרק פאַרזאָרגט, גלײַך אָקאָרשט וואָלט געשען עפּעס אַזוינס, וואָס ער האָט נאָך ניט געהאַט באַמערקט.

אין די פאַרשוויצטע, ניט גרויסע קיך־פענצטער האָט שוין גענומען אַרײַנקוקן אַ גראָ־פײַכטער טאָג. רייזל נעמט גיך, ענערגיש שפּאַנען פון איין אָרט אָפּן אַנדערן, און קיינער ווייסט ניט: צי וויל זי מיט דעם ווידער אײַנ־שלעפערן דאָס קינד אָף די הענט, וואָס האָט זיך אופגעכאַפּט און אָנגע־

הויבן וויינען, אָדער עפּשער מיינט זי מיט דעם זיך גאָר אײַנהאַלטן פון א ניט געוווינטן שריט.

דערפּילט די סאַקאָנע, וואָס שטעקט אין זײַן אײַנרײַס ניט בלויז מיט די קיך־באַזוכער, נאָר אויך מיט פרומען, באַשליסט זיך נאַפּאַליע מערקין אָפּ א זאַך, וואָס וואָלט, לויט זײַן מיינונג, עפּשער געקאָנט ווידער אַלץ ברענגען צום פריִערדיקן צושטאַנד.

— מע דאַרף שרײַבן אין צעקאַ, — רעדט ער צו פרומען, ווי צו זײַן סאַמע פּאַרטרוילעכן פּאַרטיי־כאַווער, — און זאָלן זיי שיקן אַהער א דער־פאַרענעם מענטשן. צו א פרישן טוער און דערצו נאָך פון צענטער וועלן ניט אַזוי קלעפּן פאַרשיידענע ריין־אָרטיקע נאַכווייעניש. דעמלט וואָלט דאָ געוואָרן גאָר אן אַנדער לופט... איך מיין, מע מוז דאָס טאָן!

— פּרוּוו, — זײַט זי אַרויס מיט א קאָנטיקער צוריקגעהאַלטנקײַט. באַלד אָבער איז איר פריצײַטיק פאַרעלטערט פּאָנעם אופגעלעבט געוואָרן. זי טוט א טראַכט, עפּשער איז עס טאַקע א פּלאַן. עס וועט קומען אן אָנגע־זעענער מענטש, וועט אים געוויס געלינגען צעשטרייען די אַלע פּלאָגנדיקע ווידערשפּרוכן, גיט זי גלײַך צו: — גערעכט! זאָלן לײַטן וויסן, אַז ניט אין צולאָכעס גייט דאָ, נאָר אין איקערדיקע לעבנס־זאַכן!

## 20

די טעג האָבן גענומען ווערן קלענער, די נעכט גרעסער, און די דער־וואַרטונג אויף אויסערגעוויינלעכע געשעענישן — אַלץ אָנגעשטרענגטער.

דער מאַיאָר פאָן אָקסמאַן האָט זיך געגרייט פאַרלאָזן די שטאָט. גרינג איז עס אים ניט אָנגעקומען. ס'האָט זיך געהאַנדלט ניט בלויז אין דעם, וואָס עס האָט געדראָעט א סאַקאָנע, אַז ער וועט ניט קאָנען אַרויספירן די גרויסע פולע קופערטעס מיטן אָנגעראַבעוועטן גוטס, נאָר אויך אין דעם, וואָס אים איז ביז גאָר שווער געווען זיך שיידן מיט די זוניק־ליכטיקע צי־מערן פון פּאָניאַטאָווסקיס הויז, ווו ער האָט געלעבט אַזא לעבן, וואָס האָט זיך אים אין די שענסטע כאַלוימעס ניט געכאָלעמט.

אין יענע לאַנגע ווינטער־נעכט, ווען די דײַטשישע און עסטרײַך־אונגאַ־רישע זעלנער זײַנען אָפּגעגאַנגען מיט בלוט אויף פרעמדער ערד, פאַר פרעמדע אינטערעסן, האָבן „מעדכענס" אין פאַרשיידענעם אָנטאָן און אַפילו הויל־נאַקעטע געטאַנצט פאַרן דײַטשישן מאַיאָר פאָן אָקסמאַן, א שיקערן מער פון אויסגעלאַסנקײַט, איידער פון אויסגעטרונקענעם ווײַן. ווער עס האָט געטאַנצט צוליב אויסקויפן זיך פון צוואַנגס־אַרבעט און ווער — צוליב פויעלן פאַר א טאַטן א סויכער דאָס רעכט צו שמוגלען.

ס'איז אים גוט, ליב און זיכער געווען אין פּאָניאַטאָווסקיס הויז, גוט פון קאָנען אָנטאָן אַף זיך עפּעס אַזוינס, וואָס איז געווען סײַ לײַכט, סײַ וואַרעם, און א זאַטער, אַן אויסגערוטער אַרויסגיין מיט זײַנע צוויי הויכע פלינקע הינט אינעם אופגעראַמטן פריצישן סאָד, ווו יעדער אופגעשאַרטע קופּע שניי איז געווען ווי פאַרקעמט, און יאָגן דאָרט די הינט אין טיפן לויטערן און פּראָסטיק־פינקלענדיקן שניי, צוקוקנדיק, ווי אָט זינקען זיי, די הינט, אָט ראַטעווען זיי זיך אַרויס, און אָט פאַלן זיי נאָך טיפער אין די הויכע הורבעס.

אין אַלע צימערן איז געשטאַנען אַזאַ וואַרעמע, געמיטלעכע רוּיִקײַט, אַז מע האָט געקאָנט מיינען, — די פאַרשיידענע מינים האַנט־געוועבער העגגען גלאַט אַזוי זיך אַף די ווענט.

אַזוי איז געווען. איצט ליגט אפן גרויסן גלאַנציק־העלן שרײַבטיש א באַפעל: „אין פולער אָרדענונג פאַרלאָזן די שטאָט". פון דעם, וואָס אין זײַן רעכט אויג איז גראָד ניטאָ דער געווינטער מאָנאָקל, האָט דעם מאַיאָרס פּאָנעם נאָך מער דערמאָנט אין א בלוטדאָרשטיקן פויגל. ניט ער האָט גערעדט, נאָר אַרויסגעברומט אין פוסטן אַרום:

— דאָנערוועטער!

גאָר פלוצלינג גיט זיך אַן עפן די טיר, און עס געשעט אַזוינס, וואָס איז קיינמאָל ביז איצט ניט געשען. אַף דער שוועל באַווײַזט זיך דער מאָגערער, אויסגעטריקנטער פּאַן פּאָניאַטאָווסקי. קוים אָנרירנדיק דעם דיל, לאָזט ער זיך אַוועק פון איין צימער אין צווייטן, קוקט, שמעקט, ווי ער וואָלט געצילט זיך דאָ אָנשטויסן אַף געהיימע שפּורן פון זײַן טאָכטער מאַטילדע.

ווײַט ניט וועגן אַלץ, וואָס איז אין יענע רעקוויזירטע צימערן פאָרגעקומען מיט זײַן מאַטילדען, האָט פּאַן פּאָניאַטאָווסקי געוווּסט, דאָך איז ער פולקאָם זיכער געווען, אַז אָט דער לאַנגער מאַיאָר פאָן אָקסמאַן, וואָס שטייט איצט פאַר אים אין א ווײַס געפּרעסט אויבערהעמד, איז א מִיִעסע, א פּאַסקודנע באַשעפעניש, וואָס האָט זיך עפּשער דערלויבט מיט זײַן טאָכטער מאַטילדען אַזוינס, פון וואָס א טאַטע מוז זיך פילן בלוטיק באַליידיקט. פּאָניאַטאָווסקי האָט ניט געוואַגט אַרויסריידן וועגן דעם קיין איינציק וואָרט, אָבער פון זײַנע עטוואָס אַראָפּגעלאָזענע, שטאַרק בייזע אויגן איז ניט שווער געווען זיך אָנשטויסן, וועגן וואָס ער טראַכט. קעדיי א ווענד טאָן דעם פּאַנס אופמערקזאַמקײַט אַף עפּעס אַנדערש, גיט אים דער מאַיאָר א רייץ.

— פּאַסן זי מאַל אוף, — וואָרנט ער אים קימאַט פרײַנטלעך, — זי ווערדן באַלד אינהאַבער פאָן איר ווירטשאַפט!

— יא, — האָט פּאָניאַטאָווסקי ניט טייקעף געלאָזט זיך צעשטרייען, — פּילײַכט!

— זיכער, — איז דער מאַיאָר באַשטאַנען אף דאָס זײַניקע, — זי מיסן בלויז פאַרשטאַנד און מוט האָבן. נור, פּאַניע, מוט!..

געווען א צײַט, ווען פּאָניאַטאָווסקי האָט געגלייבט, אז צווישן דעם מאַ־יאָר און זײַן טאָכטער קאָן קומען צו עפּעס ערנסטס. האָבן דאָך עפּעס א ווערט זײַנע מילן, הײַזער און מאַיאָנטקעס. עפּשער האָט דערוף אויסגע־רעכנט אויך דעם פּאַנס טאָכטער. געשען איז אַנדערש... זעט פּאָניאַטאָוו־סקין אויס עקלדיק־אומריין יעדע זאַך דאָ, אינעם הויז, צו וועלכער דער מאַיאָר האָט זיך צוגערירט.

— אבער זיען זי דאָך ליבערסט דאָס, — גיט אים דער מאַיאָר ווי א מינטער, אָנווײַזנדיק אף דעם הענגענדיקן געווער, — וויר האָבן זאָלכעס פּיל... נור געלט, פּאַניע, נור געלט!

אין פּאָניאַטאָווסקיס העל־גרויע, ווי וואסערדיקע אויגן, וואָס זײַנען פאַר זעכציק יאָר לעבן געווינט געוואָרן אַרײַנקוקן אין יעדן שפּעלטעלע, פונ־וואנען עס האָט געריצט מיט רײַכקײַט און מאַכט, באַווײַזט זיך א גיריק פײַערל. ער פאַרגעסט גלײַך אין זײַנע פּאָטערלעכע זאָרגן און דערמאָנט זיך, אז, אייגנטלעך, נאָך דעם טאָקע איז ער געקומען צום מאַיאָר. פּונקט ווי יורי פּערעלמאַנען, כאַלעמט זיך שוין פּאָניאַטאָווסקין, אז די מאַכט אין שטאָט געהערט צו אים. עמעצער דאַרף זי דאָך אונטערכאַפּן, די מאַכט, וואָס די אָקופּאַנטן לאָזן אַרויס פון די הענט. מיט די זײַניקע האָט ער זיך שוין צונויפגערעדט. אזעלכע, וואָס ווילן פאַר אַן איבעריקן ביסן און א טרונק בראַנפן איבערשנײַדן וועמען איר ווילט דעם גאַרגל, פעלן ניט. נאָר געווער אף אַרײַנלייגן זיי אין די הענט — דאָס איז ניטאָ...

— געלט? — פרעגט איבער פּאָניאַטאָווסקי, שוין ניט אַראָפּלאָזנדיק די אויגן פונעם געווער. — יאַוואָל, הער מאַיאָר, געלט וועט זײַן. זיכער!

ווען פּאָניאַטאָווסקי איז אַרויס פונעם מאַיאָר, איז ער געווען אזוי צערו־דערט, אז ער איז שיר ניט אַרוף אף יורי פּערעלמאַנען און פּײַוועַ קלייב־מאַנען, וועלכע זײַנען אים אַנטקעגנגעקומען.

— איר גייט דאָס צו מיר? — איז פּאָניאַטאָווסקי געווען איבעראַשט פון דער ניט געוואונטשענער באַגעגעניש. — אָדער?..

— מיר וואָלטן וועלן, — הייבט אָן פּערעלמאַן געלאַסן, — זיך פאַרשטענ־דיקן מיט אײַך וועגן אייגיקע איניאַנים...

— מיט מיר? — האָט פּאַניאַטאָווסקי איבערגעפּרעגט אַזוי, ווי דאָס וואָלט געווען אַ ווילדע מיספאַרשטייעניש, — ווען וואָס אָן ערעך?

פּײַווען איז פאַרדעכטיק געוואָרן דעם פּאַנס מאַכן זיך ניט פאַרשטייענדיק, נעמט ער צו אים ריידן אָפן און אַפילע פּרעך:

— שוין צײַט, מיר זאָלן אויפהערן אָט אַזוי־אָ אַרומשליאָנדערן איינער אַהער און דער אַנדערער אַהין. מע דאַרף עפּעס־וואָס טאָן אינאיינעם, וועלן די שלעפּער ניט אַזוי קריכן פון דער הויט!

אָנשטאָט עפּעס צו ענטפערן האָט פּאַניאַטאָווסקי אַרויסבאַקומען פון זײַן וועסטל־קעשענע דעם פלאַכן זייגער און געכאַפּט אויף אים אַ קוק מיט אַזאַ אומצופרידנקייט, פּונקט ווי איבער זיי, פערעלמאַנען און קליינמאַנען, קען ער פאַרשפּעטיקן צו גאָר אַ וויכטיקן איניען. שטרעקט ער זיי אויס זײַן טויט־קאַלטע האַנט און גייט אַוועק מיט אַזאַ אויסזען, ווי גאָר ניט צו אים וואָלט מען דאָ געקומען. ביידע, פּײַוועס קליינמאַן און יורי פערעלמאַן, האָבן לאַנג נאָך געפילט די קימאַט בריִענדיקע קעלט פון פּאַניאַטאָווסקיס קוים אויסגעשטרעקטער האַנט.

— נו, — מאָנט יורי פערעלמאַן בײַ פּײַוועסן, — אַדרבה, זאָגט שוין אַליין, איז נייטיק געווען קריכן צום האַנאַראָוון פּאַן?

— וואַרט נאָר, וואַרט, — טרייסט אים פּײַוועס קליינמאַן, — אויך בײַ אים קען זיך אַלץ נאָך איבערדרייען!...

## 21

דאָס ביסל שיטערע זופּ איז שוין געווען אויסגעזופּט, נאָר מע איז נאָך אַלץ געזעסן בײַ די טישן.

— מיר וועלן הײַנט האָבן אַ גאַסט, — גיט רייזל צו וויסן, — דער באַוווסטער אָראַטאָר מיכל לאַפּידוס איז שוין מיט מאָזל אַראָפּגעקומען צו אונדז.

אָבער שיפּרע, רייזלס שכיינע, האָט אַרויסגעוויזן מער נײַגעריקייט צו דער שיינער וואַנדען, וואָס איז דאָ געוואָרן אַזאַ אָפּטע אַרײַנגייערן, ווי צו רייזלס נײַעס.

— קוקט זי נאָר אָן, — האָט שיפּרע אַ ווונק געטאָן אין איר זײַט, — ווי אַ נײַע הויט וואָלט אויף איר אָנגעוואַקסן!

און טאַקע: וואַנדע איז שוין מער ניט געווען אַזאַ שוויַיגנדיקע און שטרענג־ערנסטע, ווי פריִער. זי האָט זיך געהאַלטן אַזוי, פּונקט ווי נאָך לאַנגע מאַטערנישן איז איר פּאָרט געלונגען דערזען עפּעס אַזוינס, וואָס

פריִער איז עס געווען פון איר פארשטעלט. פון דעם האָבן אייניקע געדרונגען, אז וואנדע וועט זיך, מיסטאמע, מער ניט אומקערן צו איר פארמילכאָמעדיק לעבן, אז איר איז ליבער געוואָרן צו זײַן א געוויינלעכע פוצנמאכערקע און לעבן מיט די אייגענע אינטערעסן.

בױץ דעם, איז אין איר אָנגעוואקסן נאָך א געפיל, אין וועלכן זי האָט אפילע זיך אליין מוירע געהאט מודע זײַן. ס'איז איר ליב געווען זיגמונד אָלשעווסקי, זײַן איידלקײַט און באשיידנקײַט, וואָס האָבן ארויסגעקוקט פון זײַן יעדן קער און ווענד.

עפשער ניט מער ווי א צוויי־דרײַ מאָל האָט זיך וואנדע געטראָפן מיט זיגמונד אָלשעווסקין, אָבער דעם ערשטן שמועס מיט אים האָט זי אָנגעהויבן אזוי, פונקט ווי זי וואָלט אים שוין לאנג געקענט, א סאך שוין גערעדט מיט אים און געבליבן איז איר דערוויסן זיך בלויז א קליינקײַט.

— וואָס מאכט דאָרט בא אײַך מײַן געלינקער? — פרעגט אים וואנדע מיט א שטיפעריש־גוטמוטיקן שמייכל.

— אײַער געלינקער? — איז זיגמונד פארכידעשט געווען. — וועמען, אן ערעך, מיינט איר דאָס?

— אדאם קעלבאשינסקין, — ענטפערט זי ווי שעמעוודיק, — מײַן מאן.

— דאָס זײַט איר זײַן פרוי? — איז זיגמונד סײַ פארוווּנדערט, סײַ אויך צופרידן געווען פון דער באגעגעניש. — אויב אזוי, קענען מיר זיך, נאָך איידער מיר האָבן זיך געטראָפן...

— עפשער, — זאָגט וואנדע אזוי, ווי זי וואָלט נאָך אליין ניט געקאָנט ענדגילטיק באשטימען, צי איז דאָס ערגער אָדער בעסער, — קאָן זײַן...

ס'איז אוועק א שטיקל צײַט, און איצט זײַנען זיי שוין איינס פון אנדערן ניט אָפּגעטראָטן.

— הערט, הערט, אונדז גייט דאָך דורך טיר און טויער, — וויצלט זיך רייזל, — וויינ׳ק, וואָס מיר האָבן אזעלכע טײַערע געסט, ווי מיכל לאפידוס, טיילט נאָך נאפּטאָליע מערקין טאלאָנען אף ברוטשקע.

אָבער בא יענע, וואָס האָבן די דאָזיקע גאָב שוין באקומען, זײַנען די פענעמער געווען פארוואָלקנט.

— קינדערלעך, טײַערע, — בעט זיך שיפרע, — האָט ראכמאָנעס, נעמט פון מיר צו דאָס ביסל ברוטשקע. עס הערט זיך דאָך פון דעם אזא מין רייעך, אז מע קאָן כאלעשן.

— שאַט, כאַווײרים, — רופט מיכל לאַפּידוס צו אָרדענונג, — וואָס איז דאָס פאַר אַ הודזשעריַי? איר פאַרשטייט דען אַליין ניט, אַז מיט דעם שטערט איר אונדז אַרבעטן?

— יאָ, — האָט רייזל איַינגעשטימט, — טאַקע קאַנטיק, אַז מיר שטערן איַיך...

מיכל לאַפּידוסן, וועלכער האָט צו זײַנע פופציק יאָר אָפּגעשפּאָרט אַ גראַװו געוואָרענעם קאָפּ און פאַרמאָגט היפּשע פאַרטייִיש־פּאָליטישע דער־פאַרונג, איז ניט שווער געווען צו פאַרשטיין, אַז בײַקומען די דאָזיקע „הודזשעריַי", ווי ער האָט אָנגערופן די אָפענע אומצופרידנקײַט, איז וויַיט ניט אַזוי פּאָשעט. איז ער בייז געוואָרן אױף נאַפּטאַליע מערקינען פאַר זײַן איַינפאַל צו נעמען טיילן טאַלאָנען אױף ברוטשקע, נאָך איידער וועגן דעם איז דורכגעפירט געוואָרן אַ גְעהעריקע אופקלערונג... אָבער נאַפּטאַליע מערקין, וועלכער האָט גוט געוווּסט אַלע אָרטיקע אָנגעלעגנהײַטן, איז געווען איבערצײַגט, אַז ניט אין גוטן אָדער שלעכטן רייעך פון דער ברו־טשקע גייט דאָ, אַז מיכל לאַפּידוס דערשאַצט ניט סײַ דאָס, וואָס אַהער איז געקומען אַזויפיל אוילעם, סײַ אַזאַ, ווי עס קאָן זיך דוכטן, קליינִיקײַט, ווי די פּרײַנטשאַפט, וואָס נעמט זיך דאָ אופלייגן צווישן זיגמונד אָלשעווסקין און וואַנדע באַגושעוויטש.

— אַזוי־אָ, — פאַרזיכערט ער מיכל לאַפּידוסן ניט אָן לײַכטן כויזעק, — ווערט דאָ, פון איין זײַט, געטאָן אַלץ, קעדיי שליסן אַ גוטברודערשאַפט צווישן דעם ליטווישן אַרבעטער דעם קאָמוניסט אַנטאַנאַס געדריס און דער ייִדישער נייטערן פּראַדל ווײַסמאַן און, פון דער צווייטער זײַט, צווישן דעם פּוילישן אינטעליגענט זיגמונד אָלשעווסקי און דער אַרבעטערן וואַנדע באַגושעוויטש. אָ־אָ, — גיט ער צו קאַטעגאָריש, — אַלץ, וואָס איר זעט דאָ, האָט אַ זין, אַ ציל און ווערט נאָך צוגעפּעפערט אַזוי, אַז מענטשן זאָלן דאָס גרינג פאַרדייען... און עפּשער צוליב דעם טאַקע, כאַווער, האָט דאָס די ברוטשקע אופגעהערט שמעקן!

— דאָס איז עמעס, — האָט מיכל לאַפּידוס איַינגעשטימט, — דערפאַר טאַקע וואָלט ניט געשאַט, איר זאָלט זײַן אַ ביסל פאָרזיכטיקער...

אַ רעגעלע האָבן זיי איינער דעם אַנדערן אָנגעקוקט מיט וואַרעמען מיט־געפיל.

דורך דער ברייט־צעעפנטער קיך־טיר רײַסט זיך אַלע ווײַלע אַרײַן אַ פרישע גאַסיקע קעלט און ראַנגלט זיך מיט דער געדיכט־קלעפּיקער פּאַרע, וואָס שפּאַרט פונעם גרויסן איַינגעמויערטן קיך־קעסל. אין דעם דאָזיקן געמיש פון קאַלט און וואַרעם זײַנען מענטשן אַרײַן און אַרויס, וועגן עפּעס זיך געסוידעט, עפּעס דערציילט, אױף עפּעס זיך נאָכגעפרעגט.

לאפּידוסן האָט זיך געוואָלט דערוויַיל כאַטש מיט וואָס־ניט־איז פאַר־טושן דעם אָפענעם איַינריַיס, וואָס האָט זיך געשאַפן צווישן נאַפּטאָליע מערקינען און די קיך־באַזוכער.

— ווייסטו וואָס? — אײַיצעט כאַוועריש לאַפּידוס מערקינען. — גיב בעסער מיר דיַינע טיַיערע ברוטשקע־טאַלאַנען, און דו גיי זיך אַ ביסל דורך אין גאַס. אמאָל איז געזינטער, אז מע קילט זיך אליין אָפּ און מע לאָזט אויך דעם אנדערן אַ קאַפּ זיך באַקלערן!..

— אויב אַזוי, — דערקלערט מערקין הויך אַף אַ קאָל, — גיי איך.

אָן אופגעלעבטער פאַרלאָזט ער די קיך. נישקאָשע, איז ער זיכער, ער, נאַפּטאָליע מערקין, און דער אַנגעזעענער טוער און באַוווסטער רעדנער מיכל לאַפּידוס וועלן שוין בײַקומען אַלע סאַקאָנעס.

## 22

צו פּאַניאַטאָווסקיס לאַנגע מעל־שפּיַיכלערס האָבן אַלץ אָפטער געגומען אָנקומען הויכע, גרויסע מיליטערישע פורן, וואָס פלעגן טייקעף ווערן אָנ־געלאָדן און זאַרגזאַם איַינגעדעקט מיט גראָבע, טונקעלע און שווערע ברעזענטן. דערנאָך פלעגן די דאָזיקע פורן צוריק זיך אוועקציִען מיט דער גאַס, וואָס האָט געפירט צו דער באַן־סטאַנציע. בא די שפּיַיכלערס פלעגט גאָר בלײַבן דער באַוואָפנטער, קימאַט שטענדיק צעפאַרעטער וואַכמײַ־סטער. קיינער האָט באַשטימט ניט געוווסט, צי היט ער דאָ די אָנקומענ־דיקע און צוריק אוועקפאָרנדיקע פורן, אָדער דעם מאַיאָרס הויז, וואָס האָט אַזוי קענטיק געגומען אַרויסקוקן פונעם גרויסן, נאַקעט־געוואָרענעם פּריצישן סאָד.

פריִער וואָלט עפּשער קיינער אַף דעם זיך אפילע ניט אומגעקוקט. אָבער ווען איין שטאָט האָט מען זיך דערוווסט וועגן דער באַגעגעניש פון פאַן פּאָניאַטאָווסקי מיטן מאַיאָר און שפּעטער אויך מיט יורי פּערעל־מאַנען און פיַיווע קליינמאַנען, זיַינען אייניקע, ניט אָן אַ גרונט, געוואָרן אומרויִק:

— זעט נאָר, — האָט אפילע אַזאַ רויִקער מענטש, ווי דער שניַידער זוסיע, געוואָרנט, — צי פאַרמישט דאָ ניט ווער אַ ביטערע פּאַטראַווע!

אַנטאַנאַס געדריס פלעגט ניט אָפּטרעטן פון די גרויסע פול־געפּאַקטע מעל־שפּיַיכלערס, ביז עמעצער פון זיַינע פאַרטרויטע כאַווייריִם פלעגט אים ניט קומען פאַרבײַטן. דאָס האָט קיינעם ניט געווונדערט, ביפראַט נאָך, אַז אַלע זיַינען געווען זיכער: די אויסערלעכע רויִקיַיט אין שטאָט איז ניט מער, ווי אַ וואָפנשטילשטאַנד, און יעדע רעגע קאָן זיך צעפּלאַ־

קערן א בירגערקריג אָדער א צוזאמענשטויס מיט די רעשטן פונעם דײַ־טשישן גארניזאָן. סײַ דאָס, סיי יענץ האָט אנטאנאס געדריסן אויסגעזען אומפארמײַדלעך, אָבער דערווײַל נאָך פריצײַטיק.

ווער־ווער, נאָך אנטאנאס געדריס, זיגמונד אָלשעווסקי, רודניצקי האָבן גוט געוווּסט, אז כאָטש זייער פארטיי־אָרגאניזאציע מאכט די ערשטע געוואגטע שריט, דארף זי זיך באצײַטנס פארמעסטן אפן איקער־דיקן ציל: גרייטן די ארבעטנדיקע צו פארכאפן די מאכט.

פאָניאטאָווסקי און יורי פערעלמאַן האָבן אויך גוט פארשטאנען, וועגן וואָס עס האנדלט זיך. זיי האָבן זיך אויך געגרייט. דער דראנג צו ווערן די פולע דייעזאָגער איז בא זיי דערגאנגען ביז קאָפּשווינדל.

דער דאָזיקער געפלעכט פון ווידערשפּרעכלעכע אינטערעסן האָט נאָך שווערער געמאכט די אזוי אויך שטארק קאָמפּליצירטע לאגע און איז פול געווען מיט פארשיידענע סאקאָנעס, די גרעסטע פון וועלכע, אזוי האָט געהאלטן אנטאנאס געדריס, איז געווען — לאָזן זיך פּראָוואָצירן פון פארשיידענע שווארצע קויכעס, וואָס דער מיין זייערער איז געווען א קלאָרער: אָפּשוואכן די ארבעטער, קעדיי פארכאפּן די מאכט.

אָבער וואָס פאָרנעמען, האָט אנטאנאס געדריס נאָך געגוג קלאָר ניט געוווּסט. דאָס האָט אים געפלאָגט. אָט שפּאנט ער פּאמעלעך, פארטראכט צום אײַזנבאַן־קרײַז. אין די קליינע שוואך־באלויכטענע צימערן גייט דאָ אָן אן אינטענסיווע טעטיקײַט: ווער עס איז פארנומען מיט צוגרייטן די וואלן צום ארבעטער־, פויערים־ און סאָלדאטן־ראַט, ווער עס זאָרגט וועגן באקומען געווער און טאקע וואָס מער און וואָס גיכער. ווי נאָר עס דערהערן זיך געדריסעס טריט, לאָזן זיך אים אנטקעגן רודניצקי און אָלשעווסקי. זיי באגלייט, ווי א טרײַער, זאָרגזאמער היטער, דער קרעפּטי־קער קאצעוו יאנאס מארטיקײַטיס.

— ווי גייט דאָ בא אײַך די ארבעט? — פרעגט זיי אנטאנאס. ער איז צופרידן שוין פון דעם אליין, וואָס ער האָט יעדערן געטראָפן אויספילן די אופגאבע, וואָס איז אים אָנגעטרויט.

— בא אונדז איז אלץ אין אָרדענונג. אײַ, וואָס בא לײַטן קומט פאָר, — גיט רודניצקי אָנצוהערן, אז אויך אהער זײַנען דערגאנגען אייניקע אומ־רויקע יעדיעס, — איז קומסטו דאָך פון גאס, ווייסטו, מיסטאמע, בעסער פון אונדז, אז די דײַטשן טרעטן צוביסלעך אָפּ און גאָרניט צוביסלעך פירן זיי אלץ ארויס!

— יאָ, — באקומט אנטאנאס געדריס אן ערנסט־שטרענגלעכן און זייער פארזאָרגטן אויסזען.

— מיר קאָנען דאָ בלײַבן,— גיט נאָך צו יאַנאַס מאַרטיקײַטיס, — בלויז בא דער קאַלטער וואַסער פון דער ווילייע.

— קעגן דעם איז דאָ א רעפּוע...

— און ערעך?

— דערקלערן אין אלגעמײנעם שטרײַק. ניט לאָזן גאָרניט ארויספירן! — אין געדריסעס שטים פילט זיך א קוים אײַנגעהאַלטענע אופרודערונג. ער זאָגט ארויס א געדאַנק, וואָס האָט אים שוין לאַנג ניט געלאָזט צורו: גאָר־נישט לאָזן ארויספירן. גאָרנישט! פאַר אַזאַ גערעכטער פאָדערונג וועט יעדערער אײַנשטימען צו שטרײַקן.

— ריכטיק! — האָט יאַנאַס מאַרטיקײַטיס קימאַט ווי אויסגעשריִען. — דער כאַווער געדריס איז גערעכט!..

אף דעם זעלבן טאָג, שפּעט אין אָוונט, איז באַשטימט געוואָרן א באַראַ־טונג מיט די פאָרשטייער פון אלע פּראָפעסיאָנעלע פאַרייַנען.

נאָך מיט א שטיק צײַט פאַר דער שאָ, אף וועלכער עס איז באַשטימט געוועזן דער אָנהייב פון דער באַראַטונג, האָט זיך שוין געלאָזט הערן דער טריפּ־טראָפּ פון הילצערנע שיך — א באַווייַז, אז דער אוילעם איז אומגעדול־דיק.

— איר פאַרשטייט, — האָט יאַנאַס מאַרטיקײַטיס א ביסל עפּשער האַ־מעטנע, אָבער דערפאַר טרעפלעך אָפּגעשאַצט די באַדײַטונג פון קומען מיט א וויכטיקן פאָרשלאָג צו די פאָרשטייער פון די אַרבעטער, — איך האָב ליב, אז מע רופט א גרויסן אוילעם און דערצו נאָך צוליב א גרויסן איניִען...

אין ענגן קיך־הויף איז געשטאַנען א גרופּע אַרבעטער, וואָס האָבן איי־נער באַם אַנדערן זיך געסטאַרעט דערוויסן, צי איז טאַקע עמעס, אז די באָלשעוויקעס קלײַבן זיך רופן צו אן אלגעמײנעם שטרײַק. נאָר דאָבל די פּאַפּיראָסן־מאַכערקע האָט ניט בלויז שוין געוווּסט וועגן דעם, נאָר אַזוי געוועזן פאַרכאַפּט פונעם דאָזיקן באַשלוס, אז זי האָט, דוכט זיך, פאַרגעסן, אז די קיך איז פאַרמאַכט און די מענטשן געפינען זיך אין קאַלטן דרויסן. ווי נאָר זי האָט באַמערקט דעם צוקומענדיקן געדריסן, האָט זי זיך גלײַך גע־לאָזט אים אַנטקעגן, קעדיי אָנזאָגן, אז אלע וואַרטן שוין אף דער שאָ פון שטרײַק. באַלד אָבער האָט זי זיך געכאַפּט, אז אַנטאַנאַס ווייסט דאָס, מיס־טאַמע, פריִער פון איר. זאָגט זי אים אָן גאָר עפּעס אַנדערש:

— אָקאָרשט איז דײַן יויסעף בערמאַן דאָ געוועזן, ער האָט עמעצן ווי געזוכט און ווידער ניט געוואָרן.

— בערמאַן?! — האָט זי געדריס איבערגעפרעגט.

— יאָ, — באַשטעטיקט זי אַזוי ערנסט, פּונקט זי וואָלט דערפילט, אַז זי האָט זיך דאָ אָנגעשטויסן אויף עפּעס וויכטיקס.

ניט אויסריידנדיק מער קיין וואָרט, אײַלט אַנטאַנאַס אוועק אין איינעם, אַ צווייטן און דריטן פאַריין, זוכט, פרעגט זיך נאָך אויף בערמאַנען. אויב בערמאַן איז ניט געקומען דירעקט צו אים, טראַכט אַנטאַנאַס, האָט ער, ווײַזט אויס, געבראַכט ניט קיין פריילעכע נײַס.

ערשט ווען אַנטאַנאַס קערט זיך ווידער אום אין קינד־הויף, טרעפט ער ענדלעך יויסעפן. ביידע זײַנען זיי אַזוי אויפגערודערט, אַז זיי קאָנען קוים אַרויסריידן איינציקע ווערטער:

— אַנטאַנאַס!

— יויסעף, — פרעגט אַנטאַנאַס איבער, ווי ער וואָלט זײַנע אייגענע אויגן ניט געגלייבט, — דו?!

צוליב דעם, מיסטאָמע, וואָס אַלעמענס בליקן זײַנען געווענדט נאָר אויף זיי ביידן, הייבט בערמאַן אָן דעם שמועס גאָר ניט פון דעם, פון וואָס אים ווילט זיך.

— איך האָב שוין דאָ גערעדט מיט אייניקע כאַווײרים, פאַרשטיי איך, אַז דער שטרײַק וועט פאָרקומען, אויב אפילע עמעצער וועט ניט וועלן צו דעם צולייגן אַ האַנט!.. אַנטאַנאַס! — גיט אים יויסעף אַ פעסטן טרייסל. — באַ אונדז נעמט דאָך גיין אַלץ אויף אַ לאַד!..

— דו פאַרעד מיר ניט די ציין, — ווילט זיך כאַוועריש אַנטאַנאַס, — דערצייל בעסער, ווי באַציט זיך דער צענטער צו אונדזער קינדער־ווידער?

בערמאַן האָט ליב געהאַט אַנטאַנאַסן פון גאַנצן האַרצן. ער האָט גע־פילט זײַן אומרו און גרייט געווען אים אַרומנעמען, ווי אַן אייגן קינד, אָבער אין דער זעלבער צײַט איז אים שווער געווען, קימאַט אומעגלעך אַרויסריידן אפילע אַן איינציק וואָרט, וואָס זאָל פאַרמינערן די ווערט פון רודניצקין און דערמיט פאַרשאַרפן די באַציִונגען צווישן זיי ביידן, געדריסן און רודניצקין, וועלכער האָט, ווי יויסעף איז געווען איבערצײַגט, שטענ־דיק און אומעטום געהאַט דעם בעסטן מיין. אָבער אַנטאַנאַס געדריס איז געווען איבערצײַגט, אַז ניט דער מיין, נאָר דער רעזולטאַט איז דער איי־קער.

— דו פאַרהאַלט מיך ניט, — וואָרנט ער בערמאַנען, — גוטע צי שלעכטע ידיִעס, אָבער דערלאַנג זיי מיר אַהער...

— לעכאַטכילע, — הייבט אָן יויסעף, — איז כאַוועער קאַפּסוקאַס געווען ניט צופרידן מיטן גאַנצן אייסעק. „צו איבערנעמען די מאַכט, — האָט ער געזאָגט, — גרייט איר זיך, ווי מע דאַרף. אָבער...‟

— גוט, — לאָזט אים אנטאנאס ניט דערריידן, — און וועגן עצעם, וועגן עצעם האָט ער דיר גאָרניט געזאָגט?

— ער האלט, — גיט יויסעף איבער קאפסוקאסעס מיינונג, — אז פאר דער צײַט זיך ארויסרוקן פון אונטערערד איז טאקע א סאקאָנע, וואָס מע מוז, ווי ווײַט עס לאָזט זיך, אויסמײַדן. יאָ, — כאפט ער זיך, — און וואָס שײַעך הילף פון דער רויטער ארמיי, אייצעט ער בעסער ווייניקער אויס־רעכענען אף אנדערע און מערער אף זיך אליין...

פון בערמאנס, כאָטש זייער אײַנגעהאלטענעם באריכט מאכט אנטאנאס געדריס אן אויספיר, אז די טעטיקײַט פונעם פארטיי־קאָמיטעט איז אין צענטער באוויליקט געוואָרן. דאָס האָט אים אויסגעזען אזוי וויכטיק, אָנ־געפילט אים מיט אזא פרייד, אז דערווײַל האָט ער מער וועגן גאָרנישט ניט געוואָלט פרעגן.

## 23

פארוואָס די וואָלוועלע קיך האָט מען אָנגעהויבן עפענען נאָר אין באַ־שטימטע שאָען, איז באוווסט געוואָרן בעהאדראָגעדיק. שוין א צײַט, ווי פרומע, שיפרע און באזונדערס דער ניט לאנג געקומענער איציק דער סטאָליער האָבן אײַנגעטײַנעט מיט נאפטאָליע מערקינען, אז מע דארף זיך „ארויסרײַסן פון די שמאָלע ברודיקע געסלעך”. זיי האָבן געהאלטן, אז איצט, ווען אף די אָקופאנטן איז אָנגעפאלן א פּאכעד, איז די בעסטע צײַט צו פארלאָזן די שטענדיקע ענגעניש און שטיקעניש און געניסן פון די ברייטע ציכטיקע גאסן.

— גאָט אין הימל, — האָט שיפרע געמאָנט, — נו שוין זשע קומט אונדז ניט אף דײַן ערד א שטיקל לײַטיש אָרט?

דער דאָזיקער פארלאנג איז געוואָרן נאָך גרעסער, ווען געדריס, אָל־שעווסקי און רודניצקי האָבן פארכאפּט די גרויסע געבײַדע פון דעם אײַזנ־באָן־קרײַז און דאָרט פאנאנדערגעוויקלט א ברייטע טעטיקײַט.

אָבער אזויווי קיין פרײַע גוטע געבײַדעס זײַנען אין שטאָט שוין מער ניט פארבליבן, איז נאפטאָליע מערקין געצווונגען געווען אײַנגיין אף עפּעס אזוינס, וואָס איז עפשער געווען ווײַט ניט אזוי גוט, ווי דער מויער פון די אײַזנבאנער, אָבער אויך ניט אזוי ביטער שלעכט, ווי די פארשליומ־פערטע קיך.

נאָך אין יענע כאדאָשים, ווען ווילהעלמס ארמיי האָט געהאט פאָרגענו־מען אן אנטשיידענעם אָנגריף אף דער גאנצער ליטווישער ערד, איז אין סאמע צענטער שטאָט געפאלן א באָמבע, וואָס האָט פארניכטעט א העלפט

פון דער ווירקלעך באקוועמער געבײַדע, ווו עס האָט זיך נאָך פאר דער מילכאָ־מע און אָקופּאציע געפונען די פּריוואטע יידישע מענער־גימנאזיע. נאפטאָ־ליע מערקינען איז געלונגען ארויסבאקומען א דערלויבעניש צו עפענען אין דעם גאנץ געבליבענעם טייל פון דער געבײַדע א קלוב פאר זײַן לע־גאלער אָרגאניזאציע. ווי נאָר אָבער ער האָט דערשפּירט די צעוויגטקײַט פון די טרעפּ און דערזען די נאָך אלץ ניט אופגעראמטע בערג צעבראָקטע ציגל, האָט ער זיך גלײַך אנטוישט אין דעם גאנצן אופּטו.

— זיי, — האָט זיך נאפטאָליע מערקין דערלויבט דאן א שארף וואָרט, — זיי, ווילהעלם און זײַנע מישפּאָכע־לײַט, זאָלן דאָס פארמאָגן, וואָס זיי גיבן אנדערע!..

פון דעמלט אָן האָט אף נאפטאָליע מערקינס דיסקאָנט זיך געפונען א כאָרעווע דירע, וועלכע ער האָט זיך נישט געקליבן ניט אויסנוצן און ניט זיך פון איר אָפּזאָגן. „אָט, — פלעגט ער אמאָל וועגן דעם טראכטן, ווי א געניטער באלעבאָס, — זאָל דאָס אזוי הענגען אף מײַן רעכענונג"...

ווען ס'איז אָבער אראָפּגעקומען מיכל לאפּידוס, וואָס איז דאָס מאָל גע־שיקט געוואָרן אהער ניט צוליב האלטן א רעדע, נאָר צוליב ראטעווען נאפטאָליע מערקינען פון איבעריקע צינגער און איבעריקע אויגן, האָט ער דעם גאנצן איניען „דירע", קאָנטיק, דערזען פון גאָר אן אנדער זײַט:

— איין זאך, — נעמט לאפּידוס ריידן צו נאפטאָליע מערקינען אזוי הויך, אז אויך פּרומע, שיפרע און איציק זאָלן דאָס הערן, — איין זאך איז א פאריין, א קיך אָדער אזוי זיך א נייטראלער אנשטאלט. אהין, אויב עס קומט אמאָל ארײַן א זײַטיקער, ועסטו אים דאָך אזוי פּאָשעט ניט זאָגן: „דו, אזעלכער און אזעלכער, פארנעם זיך פונדאנען"... אָבער אין א ריין פּארטייִיש אָרט איז אנדערע דיבורים. אהין וועט א זײַטיקער אליין ניט קריכן, און אויב עס וועט זיך שוין יאָ געפינען א באַל־האָזעניק, גיט מען אזא איינעם קלאָר צו פארשטיין, אז דאָ איז ניט פאר אים דאָס אָרט...

פריִער וואָלט עפּשער אזא אויסגערעכנטער נאפטאָליע מערקין אזוי גיך און גרינג ניט געלאָזט זיך באווירקן אפילע פון אזא אָנגעזעענעם טוער, ווי מיכל לאפּידוס. אָבער איצט, ווען מיט יעדער שאָ האָט די לאגע אָנ־געהויבן ווערן אלץ אָנגעשטרענגטער, איז ער גרייט געווען זען אין לאפּי־דוסעס אײַנפאל א מין אומדערווארטע רעטונג.

— אדעראבע, — האָט נאפטאָליע מערקין מיט צופרידנקײַט אײַנגע־שטימט, — טוט אזוי, אבי נאָר, ווי מע זאָגט, עס זאָל זײַן צו געזונט...

אין דער מעלדונג, וואָס איז געהאנגען אף איינער פון די האלב־כאָרע־ווע ווענט, איז געשטאנען געשריבן, אז „דער כאָשעווער גאסט מיכל לאַ־

פידוס וועט האָבן אַ ברייטערן שמועס וועגן דעם, וויאַזוי, ווען און צוליב וואָס פאַר אַ ציל קאָן מען און מע דאַרף אָנווענדן דאָס מיטל פון אַלגע־מיינעם שטרײַק". די טעמע פון דעם שמועס איז געווען זייער אַקטועל, באַזונדערס אין צוזאַמענהאַנג מיטן פּלאַן פון די באָלשעוויקעס, וויאַזוי ניט צו דערלאָזן דערשטיקן אַ געגנט דורך הונגער.

אָבער ביז אַלע וועלן זיך צונויפקומען, ביז לאַפּידוס וועט זיך צוגרייטן צום אָנגעמערקטן שמועס, איז יעדערער פאַרנומען געווען מיט עפּעס אַזוינס, וואָס האָט באַדאַרפט באַקוועמער און היימישער מאַכן די געבײַדע.

איציק דער סטאָליער, וועלכער האָט באַצײַטנס אַרײַנגעשלעפּט אַהין שווערע, נאַסע ברעטער, האָט צונויפגעשלאָגן לאַנגע בענק. שיפרע, די באַלעבאָסטע פונעם קלוב־בופעטל, איז געווען שטאַרק פאַרטאָן מיט אָנ־שנײַדן דינינקע פּענעצלעך ברויט. זי האָט אַפילו צעלייגט אויף אַ שעלכל אַ ביסל פײַכטע גלאַנציק־קלעפּיקע מאָנפּאַסיע, רייצנדיק דערמיט יעדן איינעם, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ פּרוטע אין קעשענע. פון דעם, און באַזונ־דערס פון איציקס זעגן און האַמערן, איז באַ נאַפּטאַליע מערקינען און מיכל לאַפּידוסן די שטימונג געוואָרן ביז גאָר געהויבן.

פּולקאָם זיכער, אַז דער אָנגעפּאָרענער רעדנער מיכל לאַפּידוס וועט שוין אַלץ און ווי געהעריק דערליידיקן, איז נאַפּטאַליע מערקין אַוועק אין נאָדל־פאַריין, קעדיי אויך דאָרט, כאַלילע, גאָרניט פאַרזאַמען.

אין דרויסן איז שוין געווען גוט טונקל. אָבער נאָך פינצטערער איז געווען אינעם גרויסן האַלב־רויִנירטן צימער, וואָס האָט געדינט אַלס קאָ־רידאָר פונעם נײַ־געשאַפענעם קלוב. איז קיין וווּנדער ניט, וואָס דורך אָט דעם פּוסטן, שטאַרק אָפּגעלאָזטן צימער איז שווער געווען זיך דערקלײַבן צו דער פאַרמאַכטער קלוב־טיר. דערפאַר טאַקע האָט אַנטאַנאַס געדריס, איידער ער האָט אָנגעטאַפּט די קליאַמקע פון טיר, דערהערט פון הינטער איר יודל גוטמאַנס קימאַט ווי וויינענדיק קאָל:

— אָט דאָס טאַקע הייסט אויף אַן עמעס בײַטן אַ שוך אויף אַ לאַפּטשע...

דעם גוטמוטיקן יודלען איז עפּשער אַפילו אפן זינען ניט געקומען צו זאָגן וועגן נאַפּטאַליע מערקינען אַ שאַרף וואָרט, אָבער די לעצטע צײַט, ווי קעגן זײַן אייגענעם ווילן, האָט פון יודלען אָפטלעך געגומען אַרויס־ריידן אַזוינס, וואָס פלעגט אויפרודערן פרומע מילנער.

— איר מיינט עפּשער, — האָט פרומע פאָרגעזעצט, ווײַזט אויס, אַ לאַנג שוין אָנגעהויבענעם געשפּרעך, — אַז מיך קימערט, וואָס נאַפּטאַליע מער־קין איז אַוועק אין נאָדל־פאַריין? זאָל ער גיין... איך זע אָבער ניט, אַז פון אַלע

זײַנע גײַעכצן זאָל אונדז צוקומען כאָטש איין מענטש, וואָס זאָל, פּונקט ווי ער, זײַן קעגן די באָלשעוויסטישע אופּטועך און אין דער אייגענער צײַט פּאַרט זיך מישן אין די וואלן פון ארבעטער־ראַט. עפּעס טרעפן זיך מיר ניט אזעלכע כאַכאָמים!..

— מײַן טײַערע, — וואָרנט זי מיכל לאַפּידוס ערנסט און שטרענגלעך, — נאַפּטאָליע מערקין פירט דאָ א שווערן קאַמף פאַר ניט לאָזן זיך איזאָלירן פון דער מאַסע... אויב ער טוט אפילע אמאָל ניט אזוי, ווי עמעצן פון אונדז געפעלט, איז עס אויך ניט קיין גרויסער אומגליק... ביפּראַט נאָך, — גיט ער באַלערעוודיק צו, — אז פון אָנטײלנעמען אין וואלן ווערט נאָך ניט קיין ארבעטער־דיקטאַטור... דער איקער איז, ווער עס וועט אין ראַט אַרײַנפאלן... דאָס איז דער איקער!

פון אײַנהאלטן זיך מיט אלע קויכעס שאַרף צו דערווידערן מיכל לאַפּידוסן האָבן פרומעס עטוואָס קורצזיכטיקע אויגן געגומען ווי אַרויסשפּאַרן, זי האָט מער ניט געוואָלט גלייבן, אז א באַזונדערער קלוב קאָן ברענגען צו א פאַרבעסערונג פון דער קימאַט טראַגישער לאַגע. „אויב די עצעם טעטיקײַט איז ניט ווי עס באַדאַרף צו זײַן, — האָט זי געוואַגט טראַכטן, — קאָן שוין דאָ גאָרניט העלפן!..” אין יענער רעגע איז פרומע מילנער קימאַט גרייט געווען זיך א קער טאָן אין אַנטאַנאַס געדריסעס זײַט, האָט איר אָבער אויסגעפעלט דערצו סײַ מוט און סײַ פעסטע איבערצײַגונג. איז איר פאַרבליבן ניט מער, ווי זיך קילן דאָס האַרץ מיט עפּעס א צולאָכעס: נעמט זי פון שיפרעס בופעטל א קריגעלע שוואַרצע, ביטערע ציקאָריע און א פענעצל ברויט, וואָס אָט־אָט צעברעקלט זיך עס פון דינקײַט, און טראָגט דאָס צו יודלען.

— דו ביסט דאָך אוואַדע הונגעריק, — רעדט זי צו אים, ווי א שוועסטער, — טאָ נעם און בײַס צו...

קיינעם האָט ניט געוווּנדערט פרומעס זאָרג וועגן יודלען. זײַן פרוי און איינציק קינד האָט נאָך מיט א צײַט צוריק דער הונגער אופגעפרעסן, און איצט טאָגט און נעכטיקט אין זײַן אָפּגעלאָזן דירעלע א נאָגנדיקע פוסטקײַט. זי, פרומע, וואָלט דאָ עפּשער געקאָנט לעשן איר שטײַגנדיקע אנטוישונג אין יענעם, ווען זי האָט לאַנג געגלייבט און טרײַ געדינט.

פלוצעם גיט זיך בריים אן עפן די טיר, און טייקעף דערזעט מען אַנטאַנאַס געדריסן.

— נאַט, — דערקלערט איציק מיט אזא טאָן, גלײַך ער וואָלט דאָ אָקאָרשט מיט עמעצן גערעדט, אפילע זיך געאַמפּערט וועגן אָט דעם ליטווישן באָלשעוויק אַנטאַנאַס געדריס, וואָס האָט אריבערגעשפּרײַזט אלע נאַציאָנאַלע פאָרורטיילן און איז געוואָרן אן אייגענער מענטש סײַ אין

נאָדל־פאַריין און סײַ אין דער קיך, ווו די גרעסטע מערהײַט באַזוכער איז באַשטאַנען פון יידישע אַרבעטער. — אָט איז ער, — האָט ער נאָך צוגע־געבן מיט צופרידנקײַט, גלײַך פון ערגעץ ווײַט וואָלט צו אים אַראָפּגעקו־מען אַ באַקאַנטער קאָרעוו, — אַבי מע האָט געמיינט: אַנטאַנאַס געדריס וועט אַהער ניט טרעפן דעם וועג!

— פאַרוואָס זאָל ער ניט קומען? — פרעגט שיפרע ביייזלעך. — אַז ווי נאָר ער גייט זיך אַ ווײַז, איז טייקעף ציט מען צו אים, ווי די געגנדז, אויס די העלדזער, גלײַך ער וואָלט געבראַכט אַ געשמאַקן ביסן!

מיכל לאַפּידוסן איז שטאַרק ניט געווען צום האַרצן דער וואַרעמער אינטערעס, וואָס געדריסעס קומען האָט אַרויסגערופן, נאָר אָפן אַרויס־ווײַזן עס האָט אים ניט געלוינט. קעדיי כאָטש גופא אַנטאַנאַסן געבן צו דערפילן, אַז דאָ איז ניט קיין אָרט, ווו יעדערער קאָן קומען, פרעגט ער אים, ווי גאָר אַן אומבאַקאַנטן מענטשן:

— איר זײַט געקומען צו מיר? אָדער... מערקין איז אַוועק און וועט אַזוי גיך ניט קומען.

— פאַרוואָס מיינט איר, אַז איך דאַרף נאָר אײַך אָדער מערקינען? — פרעגט אַנטאַנאַס מיט פאַרוווּנדערונג, — איך וויל נאָר, אַלע זאָלן באַ־צײַטנס וויסן, אַז ניט שפּעטער ווי מאָרגן הייבט זיך אָן דער אַלגעמיינער שטרײַק.

— מאָרגן? — פרעגט אים שיפרע איבער און קוקט זיך אַרום אַזוי, ווי זי וואָלט ניט וויסן, וואָס צו טאָן מיט איר בופעטל. — טאַקע מאָרגן?

— אויב אַזוי... — וואַרט ניט איציק, ביז שיפרע וועט באַקומען אַן ענט־פער אויף איר פראַגע, און נעמט אײַנפּאַקן זײַן ביסל געצײַג אין אַ טאָר־בעלע. איציק טוט דאָס ניט נאָר גיך, נאָר מיט אַזאַ קאָנטיקער צופרידנ־קײַט, פּונקט אים וואָלט פאָרגעשטאַנען אַ שווער צופוס גיין און איצט האָט זיך אים געמאַכט אַ פור, וועלכע אים ווילט זיך ניט פאַרזאַמען. ער גיט נאָך צו, פּונקט אַזוי גיך, ווי גיך ער פּאַקט אײַן דאָס געצײַג, — אויב מאָרגן, טאָ לאָמיר גיכער גיין אַהיים און עפּעס צוגרייטן צו אונדזער פריילעכן מאָרגן!

איציק, וואָס העכער אַ העלפט פון זײַן יונג לעבן איז אַוועק אויף פּראַ־צעווען באַ פאַרשיידענע אונטערנעמער און אַרומוואַלגערן זיך אין דײַטשי־שע צוואַנגס־לאַגערן, האָט אַלץ נאָך פאַרמאָגט אַ פריש, ליכטיק פּאָנעם מיט זייער אַ כיינעוודיק געזיל און שטענדיק שמייכלענדיקע ליפּן. אַלע האָבן אים ליב געהאַט פאַר זײַן מונטערקײַט. „מיט אים, — פלעגן מענטשן זאָגן, — ווערט פריילעכער, אויב אפילו ס'איז שווער אויפן האַרצן...” דער־

פאַר איז פרומען נאָך מער ווייטעקדיק געווען איציקס פאַרלאָזן דעם קלוב.

— דו גייסט אויך? — פרעגט זי גוטמאַנען מיט אַזאַ אַנטשיידנקייט, ווי זי וואָלט גרייט געווען כאָטש טייקעף רײַסן ניט נאָר מיט מערקינען, נאָר אויך מיט איר גאַנצער פאַרגאַנגענהייט. — קום. מיר ווילט זיך הײַנט דיך באַגלייטן ביז דײַן שטוב...

זײַנען אַוועק פרומע און יודל, שיפרע און איציק, אַנטאָנאַס געדריס און אַנדערע. און וואָס מער מענטשן עס זײַנען אַוועק, אַלץ גרויליקער איז געוואָרן אין יענעם האַלב־רויִנירטן הויז.

## 24

פון אַלע גאַסן און געסלעך האָבן צום גרויסן קאַטעדראַל־פּלאַץ זיך גע־צויגן מענטשן.

— דו גיב נאָר אַ קוק, — ווײַזט זיגמונד אָלשעווסקי, — אָט גייען די אַרבעטער פון דער וואַסערלייטונג. אהא, דער אינזשעניער דער פּעפּעע־סאָוועץ[1] וולאַדעק איז אויך דאָ.

— יאָ, — באַמערקט אויך בערמאַן, — און פון יענער זײַט בריק מאַר־שירן אַהער, זע איך, די אַרבעטער פון דער עלעקטראָסטאַנציע. זיי גייען, דוכט זיך, מיט זייער יורגיסן.

— יאַטן, — גיט איציק צו וויסן, — אַנטאָניק שפּאַנט אַהער מיט זײַנע אײַזנבאַנער.

— אַלע וועלן קומען, — פאַרזיכערט זיגמונד אָלשעווסקי, — אַלע, אַזוי איז אָפּגערעדט!

באַ יוסעפֿן בערמאַנען איז געווען אַ געהויבענע שטימונג סײַ פון דעם, וואָס פון אַלע זײַטן זײַנען געפלאָסן שטראָמען מענטשן, און סײַ פון דעם, וואָס זיגמונד אָלשעווסקין, וועלכער איז באַשטימט געוואָרן אַלס מיט־גליד פונעם שטרײַק־קאָמיטעט, איז געלונגען איבערצײַגן אַפילו די מער אָפּגעשטאַנענע אַרבעטער, זיי זאָלן צושטיין צום שטרײַק.

— דו זע נאָר, — האָט יוסעף אָנגעוויזן זיגמונדן אויף די אָנגעקומענע שטרײַקער, — דו האָסט דאָך אויף אין עמעס דאָ אַנטדעקט אין אויצער מיט נײַע מענטשן!

— פאַרוואָס נאָר איך? — האָט זיך זיגמונד אופריכטיק פאַרוווּנדערט.

---

[1] מיטגליד פון דער פּוילישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי (פּאָלסקאַ פּאַר־טיאַ סאָציאַליסטיטשנאַ — פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי).

וואַנדען, וועלכע איז אויך דאָ געווען, איז באַזונדערס ליב זיגמונדס באַשיידנקייט. זי האָט דאָך גוט געוווּסט, אַז דאָס איז אײן אַ גרויסער מאָס אָלשעווסקיס פאַרדינסט, וואָס דער פּעפּעסאָוועץ וולאַדעק, דער ליטווישער סאָציִאַל־דעמאָקראַט יורגיס, דער ווײַסרוסישער לערער אַנטאָניק גייען צוזאַמען מיט די באָלשעוויקעס.

דוכט זיך, נאָר איין וואַנדעס מאַן אַדאַם קעלבאַשינסקי האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין, אַז וואַנדע איז שוין ווײַט אַוועק פון זײַנע קליינלעכע אינטערעסן, אַז זי לעבט שוין אינגאַנצן מיט די שטורמישע געשעענישן פון דער צײַט. איז ער איר איבעריק געוואָרן, אַדאַם קעלבאַשינסקי, וואָס פּילט זיך דאָ ווי אַף אַ פרעמדער כאַסענע און איז, קאָנטיק, געקומען אַהער נאָר צוליב איינס — טאָמער וועט אים געלינגען אָפּרײַסן זײַן וואַנדען פון די שטרײַקנדיקע.

— קום, — ציט ער זי פאַרזיכטיק, אָבער פעסט פאַר דער האַנט, — דאָ איז דאָך גאָר ניטאָ וואָס צו זען... נאָר מע גייט אַהער און אַהין.

אָבער וואַנדען האָט דאָס גיין אַהער און אַהין דערמאָנט אָן אַ האַסטיקן אײַזגאַנג. זי איז אַלץ מער פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער מענטשן־באַוועגונג, האָט זי אַליין ניט געפילט, מיט וואָס פאַר אַ קאַס זי האָט אָפּגעשטויסן פון זיך קעלבאַשינסקיס האַנט:

— דו גיי דיר דערווײַל, און איך וועל דאָ זײַן!
און מענטשן זײַנען אַלץ געגאַנגען און געגאַנגען...
אַזוי האָט זיך געקײַקלט אַ שאָ נאָך אַ שאָ.

און אָט נעמט שוין פרעסן אַ טונקעלער, פײַכטער און ווי צעשוווּמענער אָוונט. אַלע גאַסן און פּלעצער ווערן ווידער ווי אויסגעקערט. ניט מער, בא דער טיר פונעם שולכל, ווו עס האָט זיך געפונען דער באַלעבאַטים־פאַריין, זײַנען אַלץ נאָך געשטאַנען עטלעכע דערשראָקן־צעטומלטע מענטשן און שטיל גערעדט צווישן זיך.

— אַ סוואָרע, — זאָגט באָרעך־שאָלעם, — אַז די יעקעס ווילן שוין דורכקומען מיטן שטרײַק־קאָמיטעט...

— ווען־וואָס! — וויל פּינכעס אפילע ניט הערן דערפון. — אַז די שטרײַקער קלערן גאָרניט אָפּטרעטן פון זייעריקן!..

ענדלעך פאַרלאָזן אויך די לעצטע עטלעכע מענטשן די פּוסט־געוואָרענע גאַס.

אַן אומעטיקע שטילקײַט באַהערשט אַלץ אַרום. ווען־ניט־ווען נאָר דערגייט אַהער אַן אָפּקלאַנג פון אַ געלאָף, אַ געשריי, אַן אָפּהילך פון אַ ווײַטער שיסערײַ...

## 25

אין שטאָט האָבן גענומען ארומגיין קלאנגען, אז דער מאיאָר פאָן אָקס־מאַן לויפט אלע ווײַלע צו פּאָניאַטאָווסקין און אז זיי ביידע זאָל מען האָבן געזען צופאָרן צום קאָסטיאָל, ווו עס קומען פאָר ניט קיין גאָטעסדינסטן, נאָר געהיימע פארזאמלונגען פון שטארק פארדעכטיקע פארשוינען.

מע האָט אויך גערעדט, אז פאָן פּאָניאַטאָווסקי קוקט ארויס אף די לע־גיאָנערן פון ווארשע און זאָגט זיך דערווײַל ניט אָפּ פון די דאָלארן, פונטן און פראנקן, וואָס שיטן זיך אף אים, אבי ער זאָל זיך שלאָגן מיט די באָל־שעוויקעס.

די אלע קלאנגען האָבן געוועקט א שווערע דריקנדיקע זאָרג. און דאָס איז אויך געווען איינע פון די סיבעס, פארוואָס די ארבעטער זײַנען ניט אָפּגעטראָטן פונעם פעסט געבויטן מויער, ווו עס האָט זיך געפונען דער אײַזנבאן־קרײַז, און מיט אומגעדולד געווארט אף א יעדיִע פון יענעם פארמאכטן צימער, ווו עס זײַנען פאָרגעקומען די אונטערהאנדלונגען צווישן דעם שטרײַק־קאָמיטעט און די פאָרשטייער פון דער מיליטער־מאכט, געווארט, טאָמער וועט פון דאָרט דערגיין עפּעס אזוינס, וואָס וועט באשטעטיקן אָדער עפּשער אָפּלייקענען די אלע אומרויִקע קלאנגען.

כאָטש אנטאנאס געדריס האָט ניט געהערט צום שטרײַק־קאָמיטעט, דאָך האָבן אלע געוווּסט, אז זײַן ווירקונג דאָרט פילט זיך אין אָלשעוור־סקיס יעדער ארויסטרעטונג, אין יעדער פראדלס באמערקונג.

עטוואָס אײַנגעהויקערט, עפּשער פון דער לאסט פון פאראנטוואָרטלעכ־קײַט און עפּשער פון מידקײַט, דאָס פּאָנעם אײַנגעצויגן, איז אנטאנאס געזעסן און אויך געווארט אף א יעדיִע, וואָס פראדל ווײַסמאן האָט אים באדארפט ברענגען פון דער דאָזיקער פארמאכטער זיצונג.

געדריס איז געווען זיכער, אז פּאָניאַטאָווסקי און פאָן אָקסמאן גרייטן דאָ עפּעס... די דאָזיקע סאקאָנע האָט אנטאנאסן אויסגעזען אזוי רעאל, אז אים באהערשט א פארלאנג אָנשטעקן אלעמען מיט זײַן אומרו.

קוים זיך דערווארט אף פראדלען, איז ער טייקעף אוועק מיט איר צו די הויכע שטאָטישע בערג, ווו ס'איז איצט קיין לעבעדיקער נעפעש ניטאָ, וואָס זאָל זיי קאָנען שטערן.

מיט א פארכאפּטן אָטעם הערט ער, וואָס פראדל ווײַסמאן דערציילט אים: די אונטערהאנדלונגען האלטן שוין באם סאָף, און פארבליבן איז ניט מער ווי דערליידן זיך, וויפל און וואָס ווערט דערלויבט א זעלנער מיטנע־מען.

— טאָ זאָג, — פֿאַרענדיקט פֿראַדל איר קורצן באַריכט, — ווי מײַנסטו, וואָס און וויפֿל מעג א זעלנער פֿונדאַנען מיטנעמען?

— וואָס? — איז אַנטאַנאַס פֿאַרוווּנדערט. — אָלשעווסקי האָט שוין פֿאַרגעסן די באַשטימונג פֿון פּאַרטיי־קאָמיטעט?

— ער געדענקט, נאָר...

פֿראַדל דערפֿילט מיטאַמאָל א פֿאַרלאַנג אַרומנעמען אָט דעם ליבן מענטשן, אַנטאַנאַסן, וואָס טראַכט, דוכט זיך, מער וועגן גאָרנישט ניט, כּוץ זײַנע פּאַרטיי־אינטערעסן, און זאָל ער וויסן, אַז פֿון הײַנט אָן איז איר לעבן פֿאַרבונדן נאָר מיט אים... דאָך וואַגט זי עס ניט צו טאָן, וואַגט ניט מיט א וואָרט דערמאָנען וועגן דעם. איר דוכט: טאַמער איז זי פֿון עפּעס פֿאַרבלענדט? טאַמער... אַזאַ, קאָנטיק, איז זי שוין, די דאָזיקע פֿראַדל ווײַסמאַן, וואָס ניט געקוקט אַף איר אָנפֿירנדיקער ראָל אינעם גרעסטן פֿון די שטאָטישע פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראיינען, איז זי דאָך אַלץ ניט פֿרײַ פֿון דעם אייביקן „טאַמער”, וואָס האָט זיך טיף אײַנגעגעסן אין איר פֿון קינדווײַז אָן און פֿון וועלכן זי האָט ניט געקאָנט און עפּשער אַפֿילע זיך ניט געוואָלט באַפֿרײַען.

אין יענער אָרעמער שטוב, ווו פֿראַדל איז געוואָקסן, האָט שטענדיק געלעבט א געפֿיל פֿון מוירע: א מוירע, טאַמער טרעפֿט אַן אומגליק, א מוירע, טאַמער וועט מאָרגן ניט זײַן מיט וואָס דעם טאָג איבערקומען. די דאָזיקע שרעק איז געוואָרן נאָך גרעסער, ווען ס'איז געשטאָרבן פֿראַדלס טאַטע. פֿון וואָס צו לעבן איז ניט געווען, איז איר מאַמע געצוווּנגען געווען זיך צופֿרידן מיט דער פֿולבלעכער שטעטלדיקער בעקערקע, אַז די דאָן נאָך צעניאָריקע פֿראַדל זאָל פֿאַר עטלעכע גראָשנס פֿאַנאַנדערטראָגן די פֿריש אויסגעבאַקענע בייגל צו פֿאַרמעגלעכע קוינים.

נאָך א שטיק פֿאַר טאָג, ווען א שנײַדנדיקע קעלט האָט זיך געקלעפּט צו די קליינע פֿאַרפֿראָרענע שטוב־פֿענצטער, פֿלעגט דאָס מיידעלע זיך אוועקלאָזן איבער יענע אומבאַקאַנטע גאַסן, ווו עס האָבן געוווינט די שטעטלדיקע גווירים. אין יענע גאַסן וואָלט פֿראַדל גרייט געווען גיין באַטאָג און באַנאַכט, ווינטער און זומער, גאַסן, ווו פֿאַר יעדער שטוב זײַנען געוואַקסן ביימער, און בא יעדער שטוב — א סאָד, און בא יעדער שטוב — א הייםיש־געמיטלעכער גאַנעק, אַף וועלכן איר, פֿראַדלען, פֿלעגט זיך גלוסטן שפּרינגען און טאַנצן. די צאָרע נאָר, וואָס אין יענע רײַכע גאַסן זײַנען געווען א סאַך בייזע הינט, וועלכע פֿלעגן גאָר פּלוצלינג זיך אַרויסרײַסן פֿון אונטער א גאַנעק, א טויער אָדער פֿון אונטער א שיטערער סאָד־פֿאַרצאַמונג. אָט דאַן פֿלעגט פֿראַדל שיר ניט אַרויסלאָזן פֿון האַנט דאָס קערבל

מיט די איַינגעדעקטע, נאָך וואַרעמע בייגל און שרײַען פון שרעק, טאָמער וועט, כאָלילע, איר ניט געלינגען אויסהיטן פון הינטישע ציין דאָס ביסל אַנגעטרויטע געבעקס, וואָס קאָסט אוואַדע בא א פערטל רובל. נאָר קיי־נעם איז איר געשריי ניט אָנגעגאַנגען. דער איינציקער מענטש, צו וועמען עס פלעגט דערגיין, איז געווען די הויכע בלאָנדע לערערן נאַטאַליע איוואַ־נאָוונע. אָט דער לערערן איז געװען דערהערן א סקריפּ אַפן פאַר־פראָרענעם גאַנעק, ווי זי פלעגט טייקעף ארויס פון שטוב און צולייגן פּראַדלס פאַרפראָרענע הענטלעך צו איר וואַרעמער ברוסט.

— גאָט מײַנער, — פלעגט זי זאָגן, — ווי שיקט מען עס א קינד אין אַזא קעלט און נאָך פאַרטאָג? וואָס טוט זיך אַזוינס אַף דער ווײַסער וועלט?..

כאָטש דאָס אַלץ איז געווען א סאַך פריִער, דאָך איז פּראַדלען ביז איצט שווער געווען זיך באַפרײַען פון דעם געפיל, אַז ערגעץ־ווו נאָענט ליגן אויסבאַהאַלטן פלינקע בייזע הינט, פּונקט ווי ערגעץ־ווו זײַנען דאָ אויך אַזעלכע טײַערע מענטשן, ווי יענע נאַטאַליע איוואַנאָוונע. איז אָפט נייטיק געווען פיל צײַט, פּראַדל זאָל ענדגילטיק באַשליסן, וועמען זי מעג און וועמען זי טאָר זיך ניט אָנטרויען. דערפאַר איז אין אירע לעבעדיקע אויגן קימאַט שטענדיק געווען צו באַמערקן אָט צוטרוי און פרײַנטשאַפט און אָט — וואַכזאַם־אָנגעשטרענגטע צוריקגעהאַלטנקײַט.

אַנטאַנאַס געדריס האָט פאַרשטאַנען, אַז דער נעכטן קלאַמערט זיך נאָך אַלץ אָן פּראַדלס הײַנט. פאַרשטאַנען און מויכל געווען איר שווערע, פאַ־מעלעכע דערנעענטערונג צו זײַנע איבערצײַגונגען, אָבער אײַנגיין אַף א פשאָרע האָט ער ניט געקאָנט. ער האָט פאַרלאַנגט, אַז מיט אַלע אירע געדאַנקען זאָל זי זײַן צוזאַמען מיט אים. נאָר זאָגן דאָס האָט ער ניט געפונען פאַר נייטיק. זי דאַרף אַליין קומען דערצו.

...אַזוי שווײַגנדיק א ווײַלע, זײַנען זיי ביידע געשטאַנען און מיט האַ־נאָע אַרײַנגעטעמט אין זיך די שטילקײַט און פרישקײַט פון די הויכע שטאָטישע בערג.

— אוי, — כאַפּט זיך פּראַדל, — איך מאַרודיע דאָ צופיל. כ׳מוז גיין. אַלע וואַרטן נאָר אַף דעם, וואָס אונדזערע וועלן זאָגן.

— גיי, — נעמט ער איר האַנט אַף געזעגענען זיך און וויל זי אַלץ ניט אַרויסלאָזן, — גיי און זאָג: גאָרנישט ניט נאָכגעבן. גאָרנישט!

זי האָט אַרופגעלייגט אירע פולע גוטע הענט אַף זײַנע אַקסל און אים מער גאָרניט געזאָגט. א פרישע, פײַכטע שטילקײַט האָט פאַרפולט אַלץ אַרום, די בערג, די לופט, און אַפילע, דוכט איר, די גאַנצע וועלט... אײַלט

זי צו אירע כאווירים מיט אזא פריידיקער זיכערקייט, ווי ניט קיין אָנ־ווייזונג וואָלט זי געהאט דאָ באקומען, נאָר א געבאָט וועגן א נייער שטרענגער גערעכטיקייט.

## 26

א זומער האָט פארביטן דעם פרילינג און א ווינטער דעם הארבסט, ביז דער אָבער־ראבינער גליקפעלד האָט זיך געכאפּט, אז אין די וואָכע־דיקע טעג האָט מען אופגעהערט צו קומען אין דער גרויסער קאָרשול, ווו ער פארנעמט אן אָרט סאמע אויבנאָן. טאָמער אמאָל קומט שוין יאָ ווער אריין אהין, איז בא דעם געקומענעם אזא כוישעכדיק פּאָנעם, ווי עפּעס א גרויסער אומגליק וואָלט מיט אים געטראָפן.

— וואָס איז? — פלעגט דער ראבינער צושטיין צו אזא מענטשן. — כאָלילע, וואָס געשען? זאָגט, לאָמיך אויך וויסן.

ערשט דאן איז אויך צום ראבינער דערגאנגען, אז די שטאָטישע אָקו־פּאציע־מאכט איז שוין לאנג קיין מאכט ניט, אז דער שטרייק האָט, ווי א ווארעמער פרילינג־רעגן, א סאך ברוד דאָ אראָפּגעשווענקט. כידושים, און גאָר... קעדיי א דייטשישער זעלנער זאָל באקומען א דערלויבעניש עפּעס מיטנעמען באם פארלאָזן די געגנט, דארף מען זיך ווענדן צום שטרייק־קאָמיטעט און אמאָל אויך דירעקט צו זיגמונד אָלשעווסקין.

פארוקט דער ראבינער אין א באנק־קעסטל זיין אויסגעבייט סאמעטן טאלעס־זעקל, און אפילע ניט א קוש געבנדיק די מעזוזע, שפּאנט ער אוועק אין באלעבאטים־פארייין, טאָמער וועט ער דאָרט זיך דערוויסן עפּעס נייס. ער טרעפט דאָרטן דעם שטענדיק פארהאווען בערעך־שאָלעמען.

— נו, — הייבט דער ראבינער אָן זיין שמועס מיט אים אזוי, גלייך ווי ער איז אָקאָרשט אף א ווײַלע געווען פון דאָרטן ארויסגעגאנגען און איצט, צוריק קומענדיק, געדענקט ער ניט, אף וואָס זייער שמועס האָט זיך געהאט איבערגעריסן, — נו, איז בא וואָס האלטן מיר?

— אָט, — זאָגט בערעך־שאָלעם ניט צופרידן, — מיר האלטן בא דעם, וואָס איר זעט!..

— אויב בא דעם, וואָס איך זע, — ענטפערט אים גליקפעלד פאר־צאָרנט, — דעמלט איז ביטער!..

— עמעס, — שטימט איין בערעך־שאָלעם, — טאקע ביטער, נאָר ניט אלעמען... וועמען — ביטער און וועמען — זיס...

זיי גייען ביידע ארויס פון שולכל. די גאס איז פול מיט מענטשן. ניט מע הערט, נאָר, דוכט זיך, מע שלינגט איטלעכע יעדיע. נאָר בערעך־שאָלע־

מען גייט דאָס קנאָפּ אָן. נאָך איידער ער איז ארויס אין קאַלטן דרויסן, איז אים קלאָר געווען, אז קיין העזעק פון אָט דעם אופּברויז שטייט אים ניט פאָר. „מײַנע גיטער און קראָמען, — האָט ער גערעדט צו זיך אף א קאָל, — וועלן פון דעם קיין פארלוסטן ניט האָבן!"

דערפאר אָבער איז פּײַווע קליינמאַן אלץ פולער געוואָרן מיט סינע צו די אלע, וואָס טוען גאָרניט, קעדיי די געשעענישן זאָלן זיך ניט פאנאנ־דערוואקסן. באזונדערס האָט אים געברענט דאָס הארץ אף דעם יאָמטעוו־דיק־אויסגעפּוצטן ראבינער, וואָס איז געשטאנען לעבן באָרעך־שאָלעמען, ווי א צוגעבונדענע קאלב לעם א פּויערישן וואָגן, און מער ווי אומבאַ־האָלפנקייט האָט פון אים ניט ארויסגעקוקט.

— מע וואָלט באדארפט עפּעס טאָן, — מאָנט בא אים פּײַווע קליינ־מאַן, — איר זעט דאָך, אז אָט־אָט נעמען שוין ברענען די האָר אפן קאָפּ!..

— ווײַ־ווײ, — זיפצט דער ראבינער מיט אזא פארלאָרנקייט, ווי ער וואָלט געשטאנען אף אן אָפּגעריסענער אײַז־קריִע און דער שטראָם טראָגט אים אין א סאקאָנעסדיקער ווײַט, — ווײַ־ווײ!..

## 27

נאָך אין די טעג פון שטרײַק איז אנטאנאס געדריסן קלאָר געוואָרן, אז קעדיי צו באקומען א גענויערע פאָרשטעלונג וועגן די נײַע מענטשן, מיט וועלכע די באָלשעוויסטישע אָרגאניזאציע איז באזונדערס פאר די לעצטע כאדאָשים ארומגעוואקסן, איז נייטיק דורכצופירן א פולע איבערע־גיסטראציע. איינצײַטיק, האָט אים אויסגעזען, וואָלט אזא מאָסמיטל פאר־לײַכטערט פאר א סאך אומפּארטייִשע מיטקעמפער די מעגלעכקײַט זיך אָנשליסן אין די פּארטיי־רייען.

אָנשטאָט צו ווארטן אף א דערלויבעניש פון צענטער פאָרצונעמען אזא שריט, האָט ער זיך באנוגנט מיט א באשלוס פונעם אָרטיקן פּארטיי־קאָמי־טעט. און אָט שטייען שוין אין דער געבײַדע פון אײַזנבאן־קרײַז טישלעך, בא וועלכע עס זיצן צו צוויי און צו דרײַ מיטגלידער פון דער אָרגאניזא־ציע און פירן ניט בלויז דורך די גאנצע צוגרייטונג־ארבעט, נאָר נעמען אויך גלײַכצײַטיק אָן מעלדונגען פון די, וואָס גאָרן ארײַנצוטרעטן אין דער באָלשעוויסטישער פּארטיי. אין דער אופלעבונג, וואָס הערשט דאָ, רײַסט זיך נאָך ארײַן א באפליגלענדיקע ידיִעה, אז די סאָוועטישע רעגי־רונג האָט אנולירט דעם בריסקער אָפּמאך און אז די אופגעשטאנענע אונ־גארישע סאָלדאטן האָבן אראָפּגעוואָרפן דעם פּרעמיער־מיניסטער טיסאָ.

— הוראַ! — שרײַט אויס דער ערשטער רודניצקי. — אין רוסלאַנד איז אופגעגאַנגען די זון, און אומעטום הייבט אָן אונטערטײַען די אַלטע וועלט! עס ווערט אַלץ מער און מער אוילעם אינעם אײַזנבאַן־קרײַז.

די אַקטיווקײַט פון די באָלשעוויקעס האָט נאַפּטאָליע מערקינען אונטערגעזאָגט, אַז אויך ער וואָלט באַדאַרפט עפּעס פאָרנעמען. פון יענער שאָ אָן, ווען איציק דער סטאָליער איז צוגעשטאַנען צום אַלגעמיינעם שטרײַק און איז אַפילע געוואָרן אַ טעטיקער מיטגליד פונעם שטרײַקקאָמיטעט, האָט זיך אין מערקינען דערוועקט אַ צווייפל אין דער פעסטקײַט פון די אייגענע פּאַרטיי־רייען. ווײַטער באַגרענעצן די טעטיקײַט בלויז מיט דער קיך איז געוואָרן אַ סאַקאָנע פאַר דער עצעם עקזיסטענץ פון זײַן אָרגאַניזאַציע.

באַם וויקע־קעסל האָט זיך געפּאָרעט נאָר איין פרומע מילנער. איז מערקין געוועזן צופרידן אומגעשטערט זיך דורכריידן מיט איר און פאַרטרויען, וואָס ער האַלט פאַר נייטיק צו טאָן קעגן אַזעלכע, ווי איציקל דער סטאָליער.

— אייגנטלעך, — הייבט ער אָן, ווי ער וואָלט גערעדט סטאַם אַזוי זיך, אין דער וועלט אַרײַן, — וואָלט עפּשער ניט געשאַט, אַז אויך מיר זאָלן מאַכן אַ שטיקל איבערעגיסטראַציע...

נאָר פרומע מילנער איז שוין לאַנג געווען איבערצײַגט, אַז די סאַקאָנע שטעקט ניט נאָר אין אַזעלכע, ווי איציק, אַז גופע נאַפּטאָליע מערקין מיט זײַן גאַנצער פּירעכץ, מיט זײַן כיינדלען זיך צו פּראַדל ווײַסמאַן איז שולדיק אין דעם, וואָס עס קומט פאָר אין זייערע רייען.

— אַדעראַבע, זאָג דו אַליין, — נעמט זי אים זאָגן מוסער, — וויפל מאָל האָב איך גערעדט, געטײַנעט, אַז דײַן קלוימערשט אומפּאַרטייִשע פּראַדל נוצט אויס די קיך, קעדיי ווערבירן פאַר די באָלשעוויקעס נײַע אָנהענגער! דו ווייסט דען ניט, אַוואַדע, אַז ניט בלויז איציק, נאָר אויך דאָבל, שיפרע און אַנדערע אונדזערע אַלטע מיטגלידער לויפן מיט אַ פּאַריסענעם עק אין אײַזנבאַן־קרײַז, קעדיי זיך קוויקן מיט אַלע נײַס און אַלע רעדעס, וואָס מע קאָן דאָרטן הערן טאָג ווי נאַכט. ווער, זאָג מיר, זעט דאָס ניט, ווער?

— אויב דאָס איז טאַקע אַזוי, — האָט שוין נאַפּטאָליע מערקין קוים געקאָנט באַהערשן זײַן אומצופרידנקײַט סײַ מיט דעם עגבערנדיקן טאָן פון איר ריידן און סײַ מיט דעם ווידער־ און אָבעראַמאָל דערמאָנען פּראַדלען, — אויב דאָס איז טאַקע אַזוי, איז דאָך אַדעראַבע, לאָמיר מאַכן אַן איבערעגיסטראַציע, וועט נעמען אַ סאָף צו די פלינקע יאָגער און לויפער!

— קעגן דעם, מײַן טײַערער, קאָן מען שוין גאָרנישט ניט פּאַרנע־מען, — דערווידערט זי מיט הארצווייטעק, — די עמעסע יאָגער און לויפער, ווי דו זאָגסט, וועלן שוין אלציינס צו אונדז זיך ניט אומקערן!

— פרומע, — וואָרנט זי מערקין, — דו ביסט דאָך פול מיט גאליקער אנטוישונג!

פרומען איז ליב געווען ניט נאָר נאפּטאַליע מערקין, נאָר אויך די גאנ־צע מישפּאָכע זײַנע. נאפּטאַליעס טאטע, מענדל דער שנײַדער, און צו־גלײַך מיט אים אלע זײַנע קינדער האָבן געהאָרעוועט א סאך און מיט טאָלק. צוליב דעם, וואָס מענדלס פּאָנעם איז קימאט שטענדיק געווען פארייכערט פון די גרויסע קוילן־אײַזנס, פלעגן אים שכיינים רופן: „די האָלעוועשקע". דער איינציקער, וואָס איז באפרײַט געווען פון שטוביקער האָרעוואניע, איז געווען מענדלס יינגסטער זון, דער פלײַסיקער עקסטערן צאלע, וועמען אלע אין שטוב האָבן גערופן צאלעל אויס אכטונג צו אָט דעם נײַנצניאָריקן באָכערל, וואָס דורך אים האָט מען אלע געהאָפּט דער־הויבן צו ווערן. מענדלען איז געווען צום הארצן נאפּטאַליעס באקאנט־שאפט מיט פרומע מילנער, און אויך פרומע האָט זיך געפילט ווי אן איי־גענע אין דער דאָזיקער גרויסער באלמעלאָכישער מישפּאָכע, ווו אלץ איז געווען: ניט צופיל רעכט און ניט, כאָלילע, צופיל לינק... „באלעבאטיש", — פלעגט זי מיט צופרידנקײַט טראכטן. די העכער צוויי הונגעריקע אָקופּאַ־ציע־יאָרן האָט פרומע אָפּגעשפּאָרט יעדן טאָג א קליין עמערל וויקע־זופּ און אמאָל אויך א קאפּ קוקורוזע־קאשע, קעדיי דאָס אוועקטראָגן פאר נאפּטאַ־ליע מערקינס הויזגעזינד.

אזוי איז געווען. איצט אָבער זעט פרומען אויס, אז זי איז נאפּטאַליען נייטיק ניט מער ווי א קאָרט אין זײַן אײַנגעשפּארטער שפּיל מיט אנטא־נאס געדריסן. איז זי גרייט אפילע דאָס ביסל צוגעגרייטע זופּ פאר נאפּ־טאַליעס מישפּאָכע אויסגיסן צוריק אין קיך־קעסל און דאָס שטארק גע־שטוקעוועטע בלעכענע עמערל צעברעכן. „ניין, — רעדט זי צו זיך אליין, — פונדאנעט וויל איך מער גאָרניט נעמען און גאָרניט האָבן. אפילע ניט וואָס א האָר איז ווערט!.."

ווען נאפּטאַליע מערקין איז א שווײַגנדיק־אָנגעכמורעטער ארויס פון קיך, האָט זיך פרומע אומגעקוקט מיט אזא בליק, ווי עפּעס וואָלט זי פלו־צעם איבערגעשראָקן. געווען איז דאָ אלץ, ווי שטענדיק. אף די שמאָלע, לאנגע טישן זײַנען געלעגן, ווי צעשלײַדערטע, הילצערנע צעביסענע לעפל און א פּאָר צענדליק ליימענע שיסעלעך, איבערגעקערטע מיטן דעק ארויף, נאָר איר האָט דאָס אויסגעזען, ווי א פאָרוווּרף פון די הונגעריקע קיך־באזוכער.

— קיינער ניטאָ, — רעדט זי ארויס מיט שרעק, — קיינער!..
מאַכטלאָז שפּאַרט זי אָן דעם קאָפּ אָן דעם לאַנג שוין אָפּגעקילטן קיך־קעסל, און אירע גרויסע אויגן ווערן פאַרלאָפן מיט טרערן. „אַ לאַנגן און שווערן לעבנסוועג דורכגעמאַכט, — פּירט זי אונטער אַ סאַכאַקל, — און ארויסגעוויזן האָט זיך, אַז ניט דאָס איז געווען דער עמעסער וועג און ניט אַזאַ האָט באַדאַרפט זײַן דער גאַנג. ניט אַזאַ!..״

## 28

זיגמונד אָלשעווסקי, וואָס איז געקומען אין פּאַריין פון די האַנדלס־אָנגעשטעלטע אַף דער פאַרזאַמלונג, ווו מע האָט באַדאַרפט אויסוויילן דעם־פּוטאַטן אין אַרבעטער־ראַט, האָט זייער געוואָלט קלאָר מאַכן, פאַרוואָס נאַפּטאָליע מערקין האָט ארויסגעשטעלט זײַן קאַנדידאַטור אין ראַט ניט אין פּאַריין פון די גאָדל־אַרבעטער, ווו מע קען אים שוין לאַנג, נאָר גראָד דאָ.

בײַ מערקינען איז אַלץ געווען פּאָרויסגעזען, אַפילע אויך דאָס, אַז דער פּאָרזיצער פון דער וואַל־פּאַרזאַמלונג מוז זײַן דער דערפאַרענער רעדנער מיכל לאַפּידוס. די שטימונג בײַ מערקינען איז געווען אַ געהויבענע. קאָנ־טיק, דערפאַר נאָך, וואָס צו דער פאַרזאַמלונג איז געקומען ניט געדריס, נאָר אָלשעווסקי, וועלכער האָט אים אויסגעזען צו זײַן ווייניקער געפער־לעך. ווי נאָר אָבער ער האָט דערזען פּרומען, איז זײַן אופגעלייגטקייט באַלד פאַרשוווּנדן.

— זי קאָן דאָ נאָך אַ זאַג טאָן איך ווייס וואָס, און דערנאָך שטיי און קראַץ זיך, — פאַרטרויט ער שטיל מיכל לאַפּידוסן, — מע וואָלט איר באַ־דאַרפט זאָגן, זאָל זי בעסער גיין צו איר אויסגעוועפּטן יודלען...

מיכל לאַפּידוסן איז אויך קלאָר געווען, אַז דעריקער דאַרפן זיי ביידע, ער און מערקין, זיך היטן טאָקע פאַר אַזעלכע אַנטוישטע, ווי פּרומע, וואָס קענען און ווייסן זיי אַמבעסטן. איז איידער ער עפנט די פאַרזאַמלונג, שאַרט ער זיך צו צו פּרומען.

— איר זײַט אויך געקומען? — פרעגט ער זי מיט אַזאַ געמאַכטער פאַר־וווּנדערונג, ווי ער וואָלט זיך גאָרניט געריכט זי דאָ צו טרעפן. — בעסער וואָלט זײַן, ווען מע קלײַבט זיך ניט אַהער. ווי מיינט איר?

— איך האָב שוין מײַנס אָפּגעמיינט, — ענטפערט זי שאַרף, — איך בין געקומען, קעדיי מיט די אייגענע אויגן זען, צי ווייסט כאָטש דער עוילעם, אַז איר קלײַבט זיך גיין אין ראַט, קעדיי געווינען אַ טריבונע קעגן די באָלשעוויקעס...

— מיילע, — זאָגט מיכל לאַפּידוס צוריקגעהאַלטן, — וועגן דעם לאָמיר זיך בעסער ניט אַמפּערן!

און שוין גאָר שטאַרק אַ פאַרטראַגענער, גיט ער זיך אַ ווענד צו אַלע־מען:

— כאַווײרים, מיר הייבן אָן אונדזער וואַל־פאַרזאַמלונג. דאָס ערשטע וואָרט גיבן מיר דעם פאַרשטייער פון דער רויטער פראַקציע.

פון אונטער אַלשעווסקיס ברילן־גלעזלעך שטראַלט אַרויס אַ פרײַנטלע־כער שמייכל, און כאָטש זײַן קאָל קלינגט ווייך, נאָר עס פילט זיך אין דעם פעסטקײַט און אנטשלאָסנקײַט.

— עס איז געקומען דער מאָמענט, — פאַרענדיקט זיגמונד זײַן קורצע רעדע, — ווען דער רעוואָליוציאָנערער לאָזונג „די גאַנצע מאַכט די ראַטן!" מוז פאַרווירקלעכט ווערן...

— כאַווײרים, — שלאָגט אים לאַפּידוס איבער, — זאָל זײַן שטילער!

— וואָס איז דאָס פאַר אַ מין קונץ? — נעמט בא איציקן גלאַנצן דאָס פּײַן געטאָקטע בעזל. — נאָך ווייניק, וואָס ער אַליין שלאָגט איבער דעם אָראַטאָר, וויל ער נאָך אונדז אײַנריידן, אַז ניט ער טוט דאָס, נאָר מיר. הייסט עס, די מאַסע!..

אַ וואָרט נעמט אַליין מיכל לאַפּידוס. דער טאָג האָט שוין געהאַלטן באַם אויסגיין, די גרויסע פאַרשטויבטע שויבן זײַנען פאַרצויגן געוואָרן מיט אַ טונקעלער גראָקײַט, און מיכל האַלט נאָך אין איין ריידן. איז דער אוילעם געוואָרן אומגעדולדיק.

— צו וואָס נאָך די ציִעניש? — הערט מען אַ קאָל פון אַ ווײַטן ווינקל. — זאָל מען שטימען!

— כאַווײרים, — באַקומט מיכל לאַפּידוס אַזאַ צופרידענעם אויסזען, ווי ער וואָלט נאָר געוואָרט אַפן דאָזיקן פאָרשלאָג, — ווער איז פאַרן כאַווער נאַפּטאַליע מערקין, בעט איך אופהייבן די האַנט.

פון דעם, וואָס קיינער איז שוין מער ניט אײַנגעוזעסן אַף אַן אָרט, האָט די ענגשאַפט געוומען אויסזען גרעסער, ווי אין דער ווירקלעכקײַט. נאָר מיכל און נאַפּטאַליע האָבן זיך געפילט דאָ בעסער און זיכערער, ווי אין זייער נײַעם קלוב. דערפאַר, מיסטאַמע, האָט מיכלס קאָל אָפּגעקלונגען אַזוי האַפּערדיק, ווען ער האָט געגעבן צו וויסן, אַז „כאַווער נאַפּטאַליע מערקין איז אויסגעוויילט אַלס דעפּוטאַט".

אין גאַס איז שוין געווען גוט טונקל, ווען די מענטשן זײַנען אַרויס פון פאַריין. אייניקע פון זיי האָבן אָנגעקוקט זיגמונדן מיט אַזעלכע באַ־דײַטפולע בליקן, ווי זיי וואָלטן אים וועלן געבן אָנצוהערן, אַז ער איז דאָ אַרײַנגעפאַלן אין אַ גוט צוגעגרייטער פאַסטקע.

## 29

די מעגלעכקייט פון אן ארבעטער־אופשטאנד איז געוואָרן אזוי רעאל, אז באם פאָן פאָניאטאָווסקי איז שוין געוועזן רעכט זיך אָפּזאָגן פון אלע זיינע געהיימע פּלענער און, ווי אייניקע אנדערע, אויך מאכן פּלייטע. אָבער גלייך האָט ער כאראָטע: „ניט די מויערן, ניט דעם מאיאָנטעק און ניט די מילן וועסטו אין טשעמאָדאנעס ניט איינפּאקן, — האָט ער געטייַנעט צו זיך אליין, — איז וואָס לוינט דיר לויפן, אז אלץ בלייבט דאָ? און וווהין לויפן, אז אומעטום נעמט ברענען די ערד אונטער די פיס? פּסיא קרעוו!"

נעמט ער זיך ווידער, נאָך מער ווי פריִער, קלאמערן אָן יענעם פּלאַן, וואָס אים האָט אונטערגעזאָגט פאָן אָקסמאַן. ער פארשליסט אף אלע מעגלעכע שלעסער זיינע פּילצאָליקע טירן און טויערן. איצט, פארשטייט ער, דארף ער אומבאמערקט ארויסבאגלייטן דעם מאיאָר, קעדיי קיינער און קיין זאך זאָל אים ניט שטערן צו טאָן דאָס, וואָס ער האָט פארטראכט. פון יענער זייט טויער באמערקט ער אָבער זיגמונדן, בערמאנען און מיט זיי נאָך א דריי־פיר מענטשן.

פאָניאטאָווסקי פארשטייט, אז זיי זיינען דאָ ניט צופעליק. ער ווייסט אָבער ניט, אז זיי האָבן אן אופגאבע ניט בלויז אָפּהיטן די פארבליבענע מעל, נאָר אויך ניט ארויסלאָזן פון אויג דעם מאיאָר פאָן אָקסמאן אייניינעם מיט זיין היגטיש איבערגעגעבענעם וואכמייסטער. דאָך איז אף אים אָנגעפאלן א טויט־שרעק.

אָבער זיגמונדן גייט איצט ניט אָן, וואָס עס פילט און טראכט פאָניאטאָווסקי. נאָך יענער פארזאמלונג, ווו נאפּטאָליע מערקין איז אויסגעוויילט געוואָרן אין ראט, האָט אפילע דער שטענדיק גוטמוטיקער זיגמונד פארשטאנען, אז די צייט פאָדערט איצט פון אים הארטנעקיקייט און קריגערישקייט. אין אָוונט דארף ער זיין אף א זיצונג פון דער אלשטאָטישער צענטראל־ביוראָ פון די פראָפאריינען. איצט וועט ער שוין וויסן, ווי צו העלפן פראדל ווייסמאן צו באפרייען די צענטראל־ביוראָ פון נאפּטאָליע מערקינען. נאָר דערווייל, איז אים אייַנגעפאלן, וואָלט ניט שלעכט געוועזן אריינשלייכן זיך צו פאָניאטאָווסקין אין הויף, קעדיי א קוק טאָן, וואָס קומט דאָרט פאָר. ס'איז גענוג געווען, אז ער זאָל כאפּן א קוק, א האָרך אין די טונקעלע ווינקעלעך, ווי ער באמערקט, אז דער הויף איז פול מיט פארדעכטיקע פארשויגען, צווישן זיי אויך דער שטענדיק פארסלינעטער וואצעק.

די פרייַנטלעכקייט, וואָס פלעגט שטענדיק ארויסקוקן פון אונטער זיגמונדס ברילן־גלעזער, איז פלוצלינג ווי פארשאָטנט געוואָרן.

ער באַוויַיזט נאָר אויסריידן מיט עמעצן אַ וואָרט, ווי צו אים גייט באַלד צו פּאָניאַטאָווסקי מיט אַזאַ אויסזען, ווי ער זאָל וועלן אין אים זיך אײַנעסן. שוויַיגנדיקע, אָבער מיט שאַרף פאַרשנדיקע בליקן זײַנען זיי שטיין געבליבן איינער קעגן אַנדערן. די דאָזיקע רעגע איז געגנוג געוועזן, זיגמונד זאָל זיך פעסט נעמען אין די הענט און זיך ניט לאָזן פאַר דער צײַט אַרײַנציִען אין אַ צוזאַמענשטויס.

— וואָס? — פרעגט ער פּאָניאַטאָווסקין. — איר ווילט מיר עפּעס זאָגן?

— ניין, — ענטפערט פּאָניאַטאָווסקי אַזוי צוריקגעהאַלטן, ווי ער וואָלט ניט טייקעף געפונען דאָס נייטיקע וואָרט. — דער פאַן זוכט דאָ עפּעס?..

— עפּשער, — קלינגט זיגמונדס ענטפער דראָענדיק און שטרענג, — עפּשער!

די לאָדן פונעם הויז, וווּ פאַן אָקסמאַן האָט געוווינט, זײַנען געווען ניט פאַרמאַכט, בלויז די גרויסע פענצטער זאָרגזאַם פאַרהאַנגען. איז ניט שווער געווען זען, אַז אַלע צימערן פונעם דאָזיקן פּרעכטיקן באַזונדערן הויז זײַנען נאָך העלער, ווי שטענדיק, באַלויכטן. דאָס האָט דערוועקט בײַ אַלֿ־שעווסקין אַ פאַרדאַכט: עפּעס גרייט זיך דאָ. האָט ער געגעבן אַן אָנווײַזונג פאַרשטאַרקן די אַרבעטער־וואַך.

גראָד דאַן, ווען דעם פוללײַביקן און שטענדיק צעפּאַרעטן וואַכמײַס־טער איז פאַרבליבן ניט מער ווי אַרויסשלעפּן די גרויסע, שווער־געפּאַקטע קאַסטנס און אַרופוואַרפן זיי אויף די פורן, האָט דעם מאַיאָר זיך געגנומען דוכטן, אַז עמעצער סטאַרעט זיך ניט בלויז אַרײַנקוקן אין די פאַרהאַנגענע פענצטער, נאָר שפּירט נאָך נאָך יעדן טראָט זײַנעם. איז אים ניט אָנגעגאַנגען, וואָס דער אָקאָרשט אַרײַנגעקומענער פּאָניאַטאָווסקי זעט אויס בלאַסער, ווי שטענדיק, וואָס פון זײַנע אײַנגעפאַלענע באַקן איז פאַרשוווּנדן אפילע יענץ ביסל פאַרב, וואָס האָט אויסגעזען ווי נאָר פון אויבן אָנגעשמירט. גראָבלעך און מיט אָפענעם ביטל וויַיזט אים אָן דער מאַיאָר אויף דער אומ־פאָרזיכטיקײַט, וואָס האָט געבראַכט דערצו, אַז זיגמונד האָט באַקומען אַ מעגלעכקײַט אַרײַנקוקן אין אַלע ווינקעלעך פונעם גרויסן מיל־הויף.

— פּאַניע, — גיט אַ ביל דער מאַיאָר, — איר זײַט אַ טויגעניכטס... יאַ, יאַ!..

פּאָניאַטאָווסקי, פאַרקערט, איז שוין איצט ניט אַזוי געפאַלן בײַ זיך. אין הויף בײַ אים, ווייסט ער, דרייט זיך אַרום די באַנדע, וואָס ער האָט צונויפגענומען. פאַרשוויַינען אַזעלכע, וואָס גיב זיי נאָר פּרעסן און זויפן, זײַנען זיי גרייט צו טאָן אַלץ, וואָס מע וועט זיי הייסן. דערצו האָט מען

אים געזאָגט, אז אָלשעווסקי איז אוועק. „פאָרט, — האָט ער געטראַכט מיט צופרידנקייט, — איז אים נימעס געוואָרן שטיין אין דרויסן!..“

דער מאיאָר פאָן אָקסמאַן קאָן אָבער ניט פארגעסן, אז בא אים איז ניט פארבליבן דאָ קיין איינציקער מענטש, אף וועמעס הילף ער זאָל קאָנען אויסרעכענען; אז דאָס הויז געפינט זיך אונטער אן אופזיכט פון פײַנטלעכע מענטשן, וואָס פאָרשן נאָך זײַן יעדן קער און ריר, און די סאקאָנע וועט מיט יעדער שאָ גרעסער און גרעסער. איז ער גרייט כאָטש דורך א האָגל פון קוילן זיך דורכרײַסן, אבי זיך ראטעווען פון דער סאקאָנע, וואָס קוקט צו אים ארײַן דורך די פארהאנגענע פענצטער. ער האָט אפגיך ארופגעצויגן אף זיך זײַן העל־גרויע שינעל, אופגעשטעלט דעם קאָלנער און זיך אוועקגעלאָזט נאָך די פורן.

דער אָוונט איז געווען א טונקעלער און קלעפּיק־פײַכטער. און דאָך האָבן צום אָסטראָבראַם־דורכגאנג ניט אופגעהערט זיך ציִען פרויען און מענער. איידער נאָך זיי כאפּן א קוק אף די אויסגעשטעלטע און זאָרגזאַם־אויסגעפּוצטע הייליקע מוטערס, לאָזן זיי זיך שוין אראָפּ אף די קני און בוקן זיך אזוי נידעריק, אז זיי רירן קימאַט אָן מיט זייערע ווארעמע שטערנס די קאלטע קלעצלעך, מיט וועלכע עס איז אויסגעפּלאסטערט די שאָטנדיקע אָסטראָבראַמער גאַס.

בלויז דער פאָן פּאָניאטאָווסקי, וואָס איז א מידער געקומען אהער נאָך דעם, ווי ער האָט ארויסבאגלייט דעם מאיאָר, האָט ניט געײַלט אונטערגעלייגט א ציכטיק־ווײַס טיכעלע, און ערשט דאן זיך אראָפּגעלאָזט אף די קני פאר די הייליקע מוטערס. זײַנע בלאסע ליפּן האָבן געפּרעפּלט א געבעט.

פונקט דאן, ווען דער פאָן פּאָניאטאָווסקי האָט געהאלטן אין בוקן זיך און ציילעמען, האָבן זיך פּלוצלינג אזוי צעקלונגען די שטאָטישע קאָסטיאָל־גלעקער, אז די יידישע באפעלקערונג האָט אופגעציטערט פון א גרויליקן פארדאכט.

— זעט נאָר, זעט, — האָט מען איינער דעם אנדערן געשעפּטשעט, — צי גרייט דאָ ניט עמעצער א פּאָגראָם?!..

זיגמונד אָלשעווסקי, וואָס איז גראָד פארבײַגעגאנגען ניט ווײַט פון דער אָסטראָבראַמע, איז א רעגע שטיין געבליבן אין סאמע מיטן גאַס. געדוכט האָט זיך אים, אז ניט קיין גלעקער־געקלאנג, נאָר א גרויליקעקלדיקע ברודיקײַט רירט אָן זײַן ווארעם לײַב.

נאָענט לעבן אים האָבן א הילך געטאָן עמעצנס הארטע, שווערע טריט. ער האָט זיי גלײַך דערקענט.

— בערמאַן? — גיט ער זיך א האסטיקן צי צום אָנקומענדיקן. — פאַר־וואָס ביסטו דאָ? האָט עפּעס פּאַסירט?

— יאָ, — האָט אים יויסעף בערמאַן ווי ראַפּאָרטירט, — אָקאָרשט איז דער וואַכמײַסטער אוועקגעפאָרן מיט צוויי אָנגעפּאַקטע פורן, און דער מאַיאָר איז אויך מיט אים. די יאַטן זײַנען גרייט אַף אַלץ, אבי זיי פאַר־האַלטן. וואָס טאָן?

פאַר זיגמונדן איז די דאָזיקע יעדיע געוועזן אַזוי אומדערוואַרט, אַז ער האָט ניט טייקעף געקאָנט באַשליסן וואָס צו טאָן.

— עס קאָן זײַן, — גיט אים בערמאַן א מינטער, — אַז זיי פירן געווער!

— אויב אַזוי, — באַקומט זיגמונד לאָשן, — מוז מען זיי פאַרהאַלטן! לויפט און פאַרהאַלט זיי!

זיגמונדס פיס האָבן קוים געהאַט אָנגעטאַפּט אין דער פינצטער די האַלב־צעבראָכענע הילצערנע טרעפּ, וואָס האָבן געפירט צו דעם בוידעם־שטיבל, ווו עס האָט באַדאַרפט פאַרקומען די געהיימע שפּעט־אָוונטיקע זיצונג, ווי עמעצער האָט אים א צי געטאָן אַף צוריק.

— בערמאַן! — איז זיגמונד געבליבן שטיין, ווי א געפּלעפטער. — וואָס ווידער?!

— קום מיט אונדז!

אַלץ איז פאַרהילט געווען אין כוישעך, נאָר די טרוקענע קעלט האָט צוביסלעך גענומען לינדער ווערן. עס האָט גענומען מאַראַקען א צעקראָכן, בייז רעגנדל. קיינער פון זיי האָט אַף דעם קיין אַכט ניט געלייגט. פון ערגעץ נאָענט האָט זיך דערטראָגן אַן אָפּקלאַנג פון א האסטיקער לויפע־רײַ, וואָס האָט זיגמונדן דערמאָנט אַן מאַכנעס פליִענדיקע פויגלען, וועלכע פאַרפּולן מיטן גערויש פון זייערע פליגל די לופט. א קאַלטער גרויל איז אים דורכגעלאָפן איבערן לײַב.

— ווו זײַט איר? — פרעגט זיגמונד, ווי בא דער פינצטערניש גופע, — וואָס קומט דאָ פאָר?

אָנשטאָט אַן ענטפער דערהערט ער אַן אָנוואַקסנדיקע שיסערײַ און בערמאַנס גוט באַקאַנטע שטים:

— אַזוי־אָ! אַזוי־אָ!

— אָט! — ווײַזט אים אָן יאַניס מאַרטיקײַטיס אַף די פאַרהאַלטענע פורן און אַף פאָן אָקסמאַנען און דעם וואַכמײַסטער, וואָס ליגן דערשאָסע־נע ניט ווײַט פון די פורן. — אָט!

די פינצטערניש איז געוואָרן שווערער, דער רעגן — געדיכטער. נאָר זיגמונד אָלשעווסקין האָט זיך געדוכט, אז ניט קיין רעגן, נאָר טראָפּנס שווייס רינען איבער די פּענעמער פון זײַנע כאווײרים.

## 30

די גאַסן זײַנען געווען פּוסט און פארלאָזט. נאָר בא דער פּארקלאַפּטער טיר פון דעם ליקווידירטן אָפיצערישן „קאזינאָ" האָבן זיך ארומגעדרייט צוויי הויכע פארוואָרלאָזטע הינט מיט שטארק אײַנגעפאלענע בײַכער. מיט בלאָנדזשענדיקע, צעטומלטע אויגן האָבן די הינט, קאָנטיק, געזוכט דאָ זייער פארשווונדענעם באלעבאָס, דעם מאיאָר פּאָן אָקסמאַן, מיט וועמען זיי פלעגן אמאָל קומען אהער.

ניט געבליבן מער אין די גאַסן קיין איין שוצמאַן. איניינעם מיטן דײַטשישן מיליטער זײַנען אנטלאָפן זייערע פארשיידענע באאמטע. פּוסטע זײַנען געשטאַנען די רעגירונגס־געבײַדעס, וואָס מיט זייערע ברייט פּאַנאַנדערגעעפנטע טירן און פענצטער, מיטן איבערגעלאָזענעם ברוד האָבן זיי דערמאָנט אָן ניט געררייניקטע שטאלן, פון וועלכע מע האָט אָקאָרשט ארויסגעפירט די פערד.

אויך די פאָרשטעטט זײַנען געווען ווי אויסגעקערט. ווען־ניט־ווען נאָר פלעגט זיך עמעצער באווײַזן אף דער שוועל פון א טיף אין דער ערד אײַנגעזונקען שטיבל און שווערלעך אוועקשפּאנען צום אײַזנבאַן־קרײַז.

פון אנטאַנאַס געדריסעס אויגן האָט געגומען ארויסקוקן א שטרענגקײַט. אים האָט זיך געוואָלט, אז קיינער און קיין זאך זאָל אים ניט שטערן זען, הערן און דיסקאָנטירן אלץ, וואָס ארום אים קומט פאָר.

א שאָ דרײַ פאר דער פײַערלעכער עפענונג פון ראט איז ער באשטאַנען אף א קורצער זיצונג פון דער באָלשעוויסטישער פראקציע, קעדייפריער צווישן די אייגענע פארטיי־כאווײרים אויסארבעטן אן אייגהײַטלעכע מיינונג וועגן די פראגן, וואָס דער פארטיי־קאָמיטעט האָט געהאלטן פאר נייטיק צו רעקאָמענדירן דער ערשטער זיצונג פון ראט. דאָס הארץ האָט בא אים גענומען שטארקער קלאפן, ווען ער האָט ארויסגעצויגן פון קעשענע די עטלעכע געדיכט־פארשריבענע פאפּירלעך און אָנגעהויבן לייענען אזוי, פונקט ווי עס וואָלטן ארום אים געווען ניט בלויז די נאָענטסטע כאווײרים, נאָר אויך אלע דעפּוטאטן פון ראט.

— אויסהערנדיק דעם פאָרטראָג וועגן דער לאגע איך שטאָט, — לייענט ער דעם פּראָיעקט פון א רעזאָליוציע, מיט וועלכן ער האָט זיך געקליבן פארענדיקן זײַן רעדע אף דער ערשטער זיצונג פון ראט, — און נעמענדיק

אין אכט, אז אדאנק דער זיגרײַכער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע אין רוסלאנד, דער איבערקערעניש אין דײַטשלאנד און אונדזער אומופּהער־לעכן קאמף גופא דאָ איז די אָקופּאציע־מאכט געצוווּנגען געווען פארלאָזן די שטאָט, ארויסגייענדיק אויך פון דעם, וואָס נאָר דער פּראָלעטאריאט און דאָס פויערטום אינײנעם מיט אלע האָרעפּאשניקעס קאָנען באפרײַען די וועלט פון עקספּלואטאציע און מילכאָמעס, דערקלערט דער ראט פון ארבעטער־, פויערים־ און סאָלדאטן־דעפּוטאטן, אז פון הײַנט אָן און ווײַ־טער גייט די גאנצע מאכט אריבער צו אלע ארבעטנדיקע פון שטאָט און דאָרף.

ער האָט איבערגעכאפּט דעם אָטעם און צוגעגעבן:

— דער ראט שיקט א פלאמיקן, א הארציקן גרוס דער ברידערלעכער רויטער ארמיי און דריקט אויס די פולע איבערצײַגונג, אז די רויטע אר־מיי וועט העלפן באשיצן אונדזערע גרענעצן פון די אויסערלעכע און אינערלעכע סאָנים.

אנטאנאס האָט נאָך ניט באוויזן איבערצולייענען די רעזאָליוציע ביזן סאָף, ווי זיגמונד אָלשעווסקי האָט שוין געמאכט אן אויספיר:

— גוט. אלץ איז קלאָר. קלאָר, וואָס מיר קלײַבן זיך טאָן!

נאפּטאָליע מערקינען איז שוין מער גאָרנישט ניט ניכע. אים דוכט זיך אפילע, אז דאָס, וואָס ער האָט זיך דורכגעשמוגלט אין ראט, איז גאָר ניט קיין ניצאָכן זײַנער, נאָר, פארקערט, עס קאָן ברענגען דערצו, אז געדריס, אָלשעווסקי, רודניצקי, בערמאן און אלע ווייערע וועלן דאָס אויסנוצן אף צו דערווײַזן, אז פאר די ארבעטנדיקע מאסן איז ניט פארבליבן קיין אנ־דער וועג, ווי נאָר צו א פּראָלעטארישער דיקטאטור.

נאפּטאָליע מערקין ווארט אף קיינעם ניט. אפילע פרומע, וואָס אמאָל איז זי געווען בא אים אן אָפּטער גאסט, האָט אויך שוין גענומען אויסמײַדן זײַן שטוב. אים איז שוין אזוי ווײַט קיינער און קיין זאך ניט ליב, אז איידער ער פארשפּארט זיך אין זײַן שמאָל־לאנגן צימערל, פארזאָגט ער דעם טאטן, אז טאָמער וועט עמעצער פרעגן אף אים, זאָל ער ענטפערן, אז נאפּטאָליע איז ניטאָ.

אין יענעם אָוונט, ווען אלע האָבן מיט אומגעדולד געווארט אף דער עפענונג פון ראט, האָט מענדל דער שנײַדער ניט אויסגעהאלטן און גע־זאָגט דעם זון:

— סײַווי, זון מײַנער, קאָן מען דאָ אָפּזיצן א טאָג מיט א נאכט און

קיינער וועט אהער ניט אריַינשטעקן זײַן פאַרפראַרענע נאָז. איז צו וואָס נאָך די נאַרעריַי, אז דו ביסט אין שטוב נישטאָ?

— איז וואָס זשע ווילסטו? — גיט אים נאפּטאָליע ווי א ברי אָפּ מיט א פראגע. — אויב דיר איז אומעטיק, טאָ גיי אין אײַזנבאַן־קרײַז, דאָרטן, זאָגט מען, איז ליכטיק און פריילעך.

— שאַ, — שטילט אים מענדל אײַן, — נאָר טרײַב מיך ניט. האלעוויַי נאָר וואָלטן זיי מיך גערופן, ווי איך וואָלט טייקעף געגאַנגען.

אין גאַס, הערט מען, אײַלן ערגעץ מענטשן. נאפּטאָליע קאָן שוין מער ניט אײַנליגן אף זײַן שמאָלער און הארטער קושעטקע. „דאָס גייט מען, מיסטאמע, צו דער עפענונג פונעם ראט, — פּרוּווט ער טרעפן, — מע דארף כאָטש א קוק טאָן!”

געווען איז אין דרויסן אזא פינצטערניש, אז מע האָט ניט געזען, ווער ווו עס גייט. איז ער שטיין געבליבן הארט לעבן דעם שטארק צעטרייסלטן הויף־טויער און ניט אזוי דערזען, ווי דערפילט, אז עמעצער גייט אים אנטקעגן.

— פראדל, — האָט נאפטאָליע מערקין זיך דערפרייט פון דער אומ־דערוווארטער באגעגעניש, — דאָס ביסטו?

— וואָס שטייסטו אין דרויסן? — לאכט פראדל, ווי זי וואָלט זיך אָנגע־שטויסן, פארוואָס ער קוקט באהאלטענערהייט ארויס אין גאַס.

— איך שטיי ניט, — פארענטפערט ער זיך, — דאָס קום איך פון גאַס אהיים.

— וואָס הייסט אהיים? — איז פראדל פריילעך אופגערודערט. — אלע גייען דאָך צו דער עפענונג פון ראט! קום!

דאָס הויז פונעם אײַזנבאַן־קרײַז איז געווען פארפוצט מיט א סאך עלעקטרישע לעמפּלעך, וואָס אלע איניינעם האָבן זיי אָנגעשריבן אפן פינצטערן הימל א בלענדנדיק־ליכטיקן לאָזונג: „די גאנצע מאכט — די ארבעטנדיקע!”

בא נאפטאָליע מערקינען זײַנען די פיס שווער געוואָרן, ווי נאסע קלע־צער.

„ניין, — באהערשט אים א פעסטער באשלוס, — ווײַטער אזוי לאָזן זיך טרײַבן מיטן שטראָם וויל איך ניט און טאָר ניט, אזוי אויך שוין זיך דער־קײַקלט ביז א לעצט פּינטעלע...”

נאפטאָליע מערקין האָט דאָס ניט געוואגט ארויסצוזאָגן, אָבער דער אויסדרוק פון זײַן פּאָנעם איז געווען אזא, ווי אָט־אָט וועט ער צעשפּארט ווערן פון קוים אײַנגעהאלטענער אופרעגונג. גראָד אין יענער רעגע האָט

זיך ערגעץ נאָענט לעם זיי צעשאָטן, ווי שרויט, עפּעס א נארישער, פּוס־טער געלעכטער.

— דו הערסט? — האָט פראדל א זאָג געטאָן דערשראָקן. — ווידעראַ־מאָל... דאָס הירזשעט, ווײַזט אויס, וואצעק. ווידער!

נאָר איידער נאַפּטאַליע מערקין באַווײַזט איר ענטפערן, דערהערן זיי ביידע א פרעכן געשריי:

— סטאָי! רענצע דאָ גורי![1]

די גאס ווערט פול מיט ווילד־צעיושעטע פארשוינען. שיסערײַען און געשרייען. איצט איז שוין שווער צו באַשטימען: צי לײַכט זיך דאָס הויז פון אײַזנבאַן־קרײַז פון די עלעקטרישע לעמפּלעך, מיט וועלכע עס זײַנען אָנגעפּיקעוועט אלע טירן, פענצטער און באַלקאָנען, אָדער פון די קוילן און גראַנאַטעס, וואָס לעכערן די ווענט. איין רעגע איז פראדל ווײַסמאַן געבליבן אָן א ברעקל באַוועגונג, און אין די אויגן איז איר געוואָרן פינצ־טערער, ווי אין דרויסן. דאָך האָט זי באַמערקט, ווי נאַפּטאַליע מערקין קוקט פאַרגאַפט אויף דעם, וואָס ס'קומט דאָ פאָר, קאָן זיך אלץ מיט דעם ניט אָנזעטיקן.

— מערקין! — גיט פראדל א זאָג מיט א וואָרענענדיק קאָל, קעדיי ער זאָל פארשטיין, אז אויך פאר אים איז געקומען יענע אַנטשיידנדיקע שאָ, ווען ער מוז ענדגילטיק באַשטימען: מיט וועמען און פאַרוואָס ער גייט, — מערקין!..

נאַפּטאַליע מערקינען איז אָבער ניט בלויז שווער געוואָרן אויסריידן א וואָרט, נאָר אפילו א קוק טאָן אויף פראַדלען, וואָס איז אָקאָרשט אזוי פריידיק אופגעלעבט געווען. ווען ער איז געלאָפן א פאַרסאָפּעטער פון דער ווילד־צעהוליעטער נאַכט, האָט זיך אים געוואָלט גלייבן, אז אָט איצט וועט עס ווערן אויס מיט אַנטאָנאָס געדריסן, אַלשעווסקין, בערמאַנען, און ער, נאַפּטאַליע מערקין, וועט ווידער ווערן דער אייגענער, וואָס געווען...

ערגעץ־ווו זײַנען מענטשן געלעגן אין זייערע פארשפּארטע דירעס, און מיט ווילד איבערגעשראָקענע קוילעס האָט מען פון איין דירע זיך איבערגעשריִען מיט די אײַנוווינער פון א צווייטער. דאָן איז פאר מענד־לען געווען א טרייסט, וואָס זײַן עלטערער זון נאַפּטאַליע איז לעבן אים, און ניט אין סאַמע העלישן פײַער. נאָר זײַן יינגערער זון צאַלעל האָט זיך געהאַלטן בא גאָר אן אַנדער מיינונג.

---

[1] שטיי! אופהייבן די הענט! (פּויליש).

— איך בין דאָך ניט קיין פּאַרטייִשער, — האָט ער געזאָגט, קוקנדיק אַף זײַן עלטערן ברודער נאַפּטאָליען, — איז עפּשער פאַרשטיי איך ניט אַזעלכע טיפע איניאָנים, נאָר באַ מיר קומט אויס, אַז אין אַזאַ צײַט, ווען אַזויפיל אַרבעטער־לעבנס הענגען אַף אַן איבערגעבערענטער שטרוי, זיצן אין שטוב לעבן טאַטן איז עפּעס ניט מײַסע רעוואָליוציאָנער!

א בייז אָנגעבלאָזענער האָט נאַפּטאָליע מערקין געזופּט די הייסע טיי פון קריגעלע און ניט געלאָזט זיך אַרײַנציִען אין אַ שמועס וועגן דעם, וואָס עס איז עמעסע און וואָס קלוימערשטע רעוואָליוציאָנערישקײַט.

פּלוצעם האָט מענדל, וועלכער איז געשטאַנען באַם פענצטער, געגעבן זיך אַ דריי אויס און אַ זאָג געטאָן מיט אַזאַ פריידיק קאָל, גלײַך עפּעס אַ גליק האָט אים געטראָפן:

— זי גייט! פראַדל ווײַסמאַן גייט. אָט!..

— איך דאַרף זי דאָ ניט האָבן, — איז נאַפּטאָליע געוואָרן אַזוי אופּ־געבראַכט, פּונקט ווי זײַן טאַטע וואָלט געווען שולדיק, וואָס פראַדל גייט אַהער, — זי פעלט מיר ניט אויס. זאָג איר, אַז איך בין ניטאָ!

צאַלע און מענדל זײַנען אַרויס פון צימער, ווי זיי וואָלטן אַנטלאָפן פון אַ גרויסן ביזאָיען.

ווי פריִער, איז פראַדלס פּאָנעם געווען פריש, כיינעוודיק. אונטערן גרויסלעכן פוטערנעם היטל האָט זי קוים באַהאַלטן אירע לאַנגע געדיכטע האָר. זי האָט ניט באַמערקט אָדער עפּשער ניט געוואָלט באַמערקן, אַז אויסער נאַפּטאָליען איז אין צימער מער קיינער ניטאָ. איין זאַך נאָר איז איר אָנגעגאַנגען:

— דעם פאָן פּאָניאַטאָווסקיס באַנדעס זײַנען גאָרניט אַזעלכע גרויסע, אַז מיר אַלע זאָלן זיי ניט קאָנען בײַקומען. זאָל זײַן, אַז עפּשער ניט מער ווי צוליב אַ צופאַל, אָבער דערווײַל, מערקין, ביסטו נאָך אין צענטראַל־ביוראָ. טאָ זײַ אַ מענטש, נעם צונויף כאָטש די מער אַקטיווע פאַריין־מיט־גלידער, און מיר וועלן זיגן!..

נאַפּטאָליע מערקינס פאַרכמורעט פּאָנעם איז געוואָרן עטוואָס פריילעכער. ער האָט געמאַכט אַ באַוועגונג, ווי ער וואָלט גרייט געווען ניט בלויז זיך אופהייבן פון בענקל, נאָר טאַקע באַלד עפּעס־וואָס טאָן... פראַדלס ווערטער „מיר וועלן זיגן” האָבן אים, קאָנטיק, אַ וואַרעם געטאָן. אָבער טייקעף זעצט ער זיך ווידער פעסט אַוועק אַפן בענקל.

— צו וואָס דײַן זאָג: „מיר וועלן זיגן”? צו וואָס פּאַסט דאָ דער „מיר”? — ווערט ער אַלץ מער אופגעבראַכט. — פון אַלע אײַערע קלוב־ווענט קוקן אַראָפּ לאָזונגען, אַז נאָר איר, די באָלשעוויקעס, קעמפט פאַר שאָלעם און ברידערלעכקײַט פון די פעלקער. נאָר איר און איר!..

— ריכטיק. אזוי טאקע איז דאָס, אָבער איצט, דו ווייסט דאָך אליין, — ווילט זיך פראדלען אויסמײַדן איבעריקע אמפּערגיש, — איצט זײַנען ארומגערינגלט ניט נאָר באָלשעוויקעס, ניט נאָר געדריס, בערמאן, אָל־שעווסקי, רודניצקי, נאָר אויך יורגיס, אנטאָניק און פיל אנדערע, איז ווי לאָזט מען זיי אָן הילף?!..

נאפּאָליע מערקין וואָלט איצט גערנער פון אלץ זיך פארשלאָסן אין זײַן לאנג שמאָל צימערל, אבי פון גאָרנישט מער ניט הערן און ניט וויסן. נאָר פראדל איז ניט אָפּגעטראָטן.

— מערקין, — פאָדערט זי, — איך וואַרט אף אן ענטפער!

מערקין פילט, אז ער קאָן גאָרניט קעגנשטעלן פראדלען, פּרווט ער זיך מאכן ניט פארשטייענדיק:

— אז איך ווייס ניט, — שמייכלט ער, — אין וואָס גייט דיר דאָ?..

— אין אלץ! — צינדט זיך איר אָן דאָס פּאָנעם.

— אין אנטאנאס געדריסן?

— וואָס?!

אין אָט דער רעגע האָט פראדל דערפילט: אפילע ריידן מיט אים איז א כאַרפּע. אומדערוואַרט פאר אים און עפּשער פאר זיך אליין אויך גיט זי אים אזא האסטיקן שטויס אראָפּ פונעם הויכן בענקל, אז אלץ, וואָס אין שטוב, קלינגט אָפּ מיט טומל און גערודער. דאָס איז געשען אזוי גיך, אז פראדל באַווײַזט אפילע ניט צו באמערקן די טראגישע אומבאהאָלפּנ־קײַט, וואָס קוקט ארויס פון מערקינס אויגן, גלײַך ווי ער וואָלט ערשט איצט דערפילט, ווי נידעריק ער איז געפאלן.

ניט אומקוקנדיק זיך אפילע, פארלאָזט פראדל די שטוב.

## 31

אין יענעם פרימאָרגן האָט מען ניט געהערט, אז ערגעץ־ווו זאָל זיך עפּענען א טיר אָדער א טויער. בלויז פון אײַזנבאַן־קרײַז האָט זיך אָן אופהער געטראָגן א שיסערײַ. דאָרט האָבן די ארומגערינגלטע ארבעטער זיך געשלאָגן מיט דעם פאן פּאָניאטאָווסקיס באנדעס.

יורי פערעלמאן האָט מוירע מאכן אפילע א טראָט ווײַטער פון זײַן הויז. ווען־ניט־ווען נאָר כאפּט ער זיך אראָפּ אין זײַן פארשפּארטן הויף, קעדיי דורך א טויער־שפּעלטל עפּעס דערוויסן זיך בא א צופעליקן דורכ־גייער.

— איר ווייסט ניט, שוין עפּשער אמאָל דאָרט א סאָך געמאכט מיט די באָלשעוויקעס?

בייס איינעם פון די דאָזיקע אויספלוגן האָט יורי פערעלמאַן ניט באַוויזן נאָך אופכאַפּן דעם ענטפער, ווי ער האָט פּלוצלינג דערזען לויפן פרויען און דערהערט פאַרשטיקטע קוילעס:

— שלעכט.

— ביטער.

— ראַטעוועט!

יורי פערעלמאַן האָט זיך דערפילט ווי אָפּגעבריט. ער איז אַפּגיך אַרײַן אין שטוב, פאַרשלאָסן הינטער זיך די טיר און אַראָפּגעלאָזט נידעריקער די פאָרהאַנגען אויף די פענצטער. געבליבן שטיין בײַ אַ פענצטער מיטן רוקן צום שווער, רעדט ער צו אים, ווי ער וואָלט גערעדט מיט זיך אַליין:

— אויב די ווײַבער יאָגן דאָס צו מיר, איז אַ דאַנק זיי פאַר אַזאַ טירכע!..

שוין ניט דאָס ערשטע יאָר, ווי בערע־לייב קעלים, וואָס לײַדט פון עפּעס אַ האַרץ־כאַלאַס, פירט זײַנע געשעפטן דורך פּאַרטרויטע אָנגעשטעלטע, און אַליין קוויקט ער זיך מיט פינקטלעך דרײַ מאָל אַ טאָג דאַווענען. ווען־ניט־ווען קוקט ער אויך אַרײַן אין איינעם פון די הייליקע ספרים, וואָס ליגן אויפן טיש לעבן זײַן ניט פאַרבעט געלעגער. אָבער אין יענעם פרימאָרגן, ווען די געשעענישן האָבן, ווי ער האָט אײַנגעזען, באַדראָעט ניט בלויז זײַן פאַרמעגן, נאָר אויך גופא דאָס לעבן, דערלויבט ער זיך צונויפוויקלען די רעצועס פון די טפילין, נאָך איידער ער האָט פאַרענדיקט דאַווענען, אבי ניט פאַרשפּעטיקן אונטערזאָגן זײַן איידעם, ווי זיך צו האַלטן מיט די פרויען.

— זאָלן זיי גיין אַהין, וווּהין זייערע מענער און קינדער זײַנען פריִער געפלויגן, — זאָגט ער מיט קאַס, — אַהין, צו זייערע רעדלפירער זאָלן זיי גיין!

געלאָפן זײַנען די פרויען ניט צו יורי פערעלמאַנען.

די סאַקאָנע, וואָס האָט געלויערט אין גאַס, האָט רייזלען ניט אָפּגעהאַלטן. איניינעם מיט דאָבלען, שיפרען און פיל אַנדערע, וועמען זי האָט צונויפגערופן, רײַסט זי זיך צום אַרומגערינגלטן אײַזנבאַן־קרײַז, אַהין, אין יענעם פײַער־קנויל, ווו ס'איז נייטיק הילף.

— אויב לעבן, — איז געווען רייזלס רוף, — איז איניינעם מיט זיי... און אויב אומקומען, איז אויך איניינעם!..

אָבער ווי נאָר די פרויען זײַנען אַרויס אויף דער ברייטער, שיינער גאַס, ווו עס האָט געוווינט יורי פערעלמאַן, האָט די שוואַך־אויגיקע שיפרע זיך מיטאַמאָל געגעבן אַ שטעל אָפּ.

— איר ווארט נאָר צו אַ רעגעלע, — האָט זי אַלעמען פאַרהאַלטן מיט אַזאַ אויסזען, גלײַך זי וואָלט װעלן באַנעמען דעם זין פון זייער יאָגע־ניש, — פאָלגט אַמאָל אַן עלטערע. לאָמיר פריִער אַרײַנגיין צו הער פּע־רעלמאַנען, עפּשער וועט אים אָנשטיין עפּעס־וואָס טאָן פאַר אונדזערט־וועגן?

די ווײַבער האָבן אָנגעהויבן קלאַפּן אין פּערעלמאַנס פּאַראַד־טיר.

— גיכער אַ ביסל, — האָט רייזל צוגעײַלט פּערעלמאַנען, — מיר ווילן וויסן, פאַרוואָס אַזאַ, ווי איר, אַ טוער, אַ ריידער, שווײַגט, ווען אין אונדזערע פאָרשטעטן קומט פאָר אַן עמעסער פּאָגראָם?

— אַדעראַבע, — גיט צו שיפרע, — לאָמיר הערן אײַער וואָרט!

יורי פּערעלמאַן האָט זיך אָפּגעגעבן אַ דין־וועכעזשבן, וואָס פאַר אַ סאַקאָנע עס באַדראָעט אַלעמען און באַזונדערס די ווײַטע פאָרשטעט, איז ער אין איינער אַ רעגע אפילע גרייט געווען גיין צום פאַן פּאָניאַטאָווסקי, קעדיי עפּשער בא אים פּויעלן אַ שטיקעלע פאַרלײַכטערונג. אָבער גענוג געווען זײַן בליק זאָל פאַלן אויף רייזלס פּאָנעם, באַמערקן איר גרייטקײַט צו גיין העלפן די אַרומגערינגלטע, ווי ער באַקומט באַלד כאַראָטע:

— אַ פּאָגראָם? — פרעגט ער רייזלען איבער און קוקט אויף איר אַזוי, גלײַך ער וואָלט מיט זײַן יעדן וואָרט זי געפּאַטשט אין פּאָנעם. — נו, יאָ. וויבאַלד עס איז אַוועק ווער — ווערמען, איז דאָך ניט שײַעך... איז הײַנט אַ פּאָגראָם, מאָרגן אַן אופשטאַנד, און איבערמאָרגן...

אויף יורי פּערעלמאַנס ראַכוועסדיק־ברייטע טרעפּ איז אַלץ נאָך געווען זויבער, ליכטיק און היימיש. אָבער ער אַליין האָט שוין היפּש פאַרלוירן פון זײַן אימפּאָזאַנטקײַט. די אָפּטע שיסערײַען און אומרויִקע יעדיִעס פון די פאָרשטעט האָבן אויף אים אָנגעטראָגן אַזאַ גרויל, אַז זײַן גאַנצער פּולבלעכער גוף האָט געציטערט. ער כאַפּט זיך: וואָס דאַרף ער אײַנרײַסן מיט די דאָזיקע פרויען, ווער ווייסט, וואָס עס קאָן נאָך זײַן...

— ווייסט איר וואָס? — זאָגט ער צו זיי פרידלעך. — דערווײַל בעסער שטייט דאָ ניט. גייט אײַך, אַניט קאָן מען נאָך טאַקע מיינען ווער ווייסט, וואָס דאָ קומט פאָר!..

אַ פינצטערער און צעלעכערטער פון קוילן און גראַנאַטעס, האָט דער מויער פון אײַזנבאַן־קרײַז אַרויסגעקוקט צו די אַרומיקע ביז גרויל פּוסט געוואָרענע גאַסן. די אַרומגערינגלטע פלעגט צײַטנווײַז זיך דוכטן, אַז אָט־אָט וועט דער סוינע גרייכן צו זייערע העלדזער. אין איינער פון יענע בלײַ־שווערע און פינצטערע שאָען איז אַנטאַנאַס געדריס נישטוימעם

געוואָרן, ווען ער האָט דערזען צווישן די ארומגערינגלטע אויך זוסיען און בעלקינען.

— איר זײַט אויך דאָ?

ביידע — זוסיע און בעלקין — האָבן ניט געהערט צו די שטארק אקטיווע ארבעטער, זיי פלעגן זיך באנוגענען מיט הערן, וואָס עמעצער א צווייטער פלעגט זאָגן אָדער פאָרלייענען. נאָר פון יענעם טאָג, ווען בעלקין איז געקומען פון דאָרף און לעבן דער קאלטער ברוסט פון זײַן פרוי, וואָס איז אויסגעגאנגען פון הונגער, געפונען זײַן ברעקל קינד, האָט ער געפילט, אז אין הארצן בא אים הערט ניט אוף צו טליִען א פײַער. האָט ער, פונקט ווי זוסיע דער שנײַדער, זיך דורכגעריסן אהער פון קיינעם ניט קיין געריפענער, פון קיינעם ניט קיין געשיקטער און פון קיינעם ניט קיין געוויילטער. געקומען אהער דערפאר, ווײַל ער האָט פארשטאנען, אז די ארומגערינגלטע פירן א קאמף אף לעבן און טויט קעגן דעם אומרעכט, וואָס הערשט אף דער וועלט.

זוסיעס טרויעריקע געשיכטע האָט אנטאנאס אויך געוווּסט. ווען זוסיע איז אנטלאָפן פון געפאנגענשאפט און אומגעקערט זיך אהיים, האָט ער נישט געטראָפן ניט זײַן פרוי, ניט די צוויי קליינע קינדער זײַנע, קיין געדעכעניש פון זיי ניט פארבליבן, אפילו דאָס הילצערנע יערושע־שטיבל, וואָס איז געשטאנען אין סאמע עק פון פאָרשטאָט, האָבן דעם קייזער וויל־העלמס סאָלדאטן פארטאָן: ווער — אף אָנווארעמען א קעסטעלע קאָנ־סערוון־פלייש, ווער אף אופקאָכן א פעקעלע קאָנסערווירטע גרויפּן, און ווער — אף פאנאנדערלייגן א פײַער, קעדיי פארברענען די לײַז, וואָס האָבן געשווילבלט און געגריבלט אין זייער אָנטאָן. עפשער דערפאר פלעגט זוסיען דוכטן, אז די דײַטשישע אָקופאנטן האָבן געבראכט מיט זיך דעם גאנצן ברוד, וואָס איז פאראן אף דער וועלט, קעדיי אומריין מאכן זײַן וועלט, זײַן לעבן.

אנטאנאס האָט אָן ווערטער פארשטאנען דעם וויי, וואָס האָט זוסיען און בעלקינען געבראכט אהער. האָט ער זיי פאָשעט, אפילו א ביסעלע גראָבלעך, אָבער מיט באהאלטענער ווארעמקײַט אין שטים געזאָגט:

— גייט דאָ ניט ארום מיט די הוילע הענט, נעמט ביקסן, שפּײַערס.

די גאנצע צײַט, וואָס מע פארטיידיקט זיך דאָ פון דער גוט באוואָפנ־טער באנדע, פײַניקט אנטאנאסן א געדאנק, אז בא די ארומגערינגלטע איז פאראן צו ווייניק מענטשן און צו ווייניק געווער, זיי זאָלן קאָנען אריבער־גיין אין אטאקע און זיך ארויסרײַסן.

איז וואָס טאָן?

— מע דאַרף גראָבן אַ דורכגאַנג אונטער דער ערד, — קומט ער מיט אַ פּלאַן, — זאָל זײַן כאָטש ביז אַ נאָענטן הויף. לאָמיר גראָבן מיט וואָס נאָר ווער עס קאָן!

אין אַן אַנדער צײַט וואָלט בערמאַן, איידער ער וואָלט אײַנגעשטימט מיט אַזאַ פֿאָרשלאָג, אַ טראַכט געטאָן, צי דער פּלאַן איז אַ פּלאַן. איצט אָבער, ווען ער דערמאָנט זיך ניט בלויז אָן זײַן רייזלען מיטן קינד, נאָר אויך אָן אַלץ, וואָס שטייט אין קאָן מיט זיי אײנײנעם, איז ער גרייט ניט נאָר גראָבן אַ דורכגאַנג, נאָר אַפֿילע אײַנשלינגען די גאַנצע שוואַרצע, פֿײַכטע ערד, וואָס אונטער זײַנע פֿיס, אַבי ראַטעווען דאָס, אין נאָמען פֿון וואָס עס איז געגאַנגען דער קאַמף.

אין דעם מאָמענט איז אַ צעטראָגענער אָנגעקומען רודניצקי און אָנגעזאָגט, אַז דורך די לעכער אין די ווענט קוקט שוין אַרײַן אַ קאַלטע, פֿײַכטע אָנהייב־ווינטערדיקע נאַכט.

— פֿון איצט אָן, — זאָגט ער, — וועלן די באַנדיטישע קוילן שוין פֿאַרשפּאָרן לעכערן די ווענט, זיי וועלן גלײַך קאָנען טרעפֿן אין אונדזערע הערצער...

סאַכאַקל מיט אַ צוויי־דרײַ שאָ צוריק איז רודניצקי גרייט געווען הערן אין יעדן ווײַטן גאַסן־געשריי אָן אָפּקלאַנג פֿון אַ שטורמישן אָנגריף פֿון אַרבעטער, וואָס מאַרשירן און אומבאַדינגט נאָר אין פֿעסטע מיליטעריש קאָלאָנעס, קעדיי מיט געווער אין די הענט באַפֿרײַען די אַרומגערינגלטע.

איצט אָבער, באַמערקט אַנטאַנאַס, איז זײַן פּאָנעם טויט־בלאַס סײַ פֿון צווייטאָגיקן הונגער, סײַ פֿון וואַרטן און ניט דערוואַרטן זיך אַף קיין הילף און מיסטאַמע אויך פֿון דעם, וואָס זײַנע ווערטער האָבן אַרויסגערופֿן שאַרפֿע דערווידערונגען.

— טײַערער כאַווער, — זאָגט אים אַנטאַנאַס געדריס קורץ און שטרענג, — פֿאַרגעס ניט, אַז פּאַכדאָנעס איז ניט קיין באָלשעוויסטישע מידע.

אָט דאַן איז רודניצקין אײַנגעפֿאַלן, אַז יויסעף בערמאַנס פֿאָרן אין צענטער איז ניט פֿאַרבליבן אָן קיין ווירקונג. ס׳האָט, ווײַזט אויס, זיך אָפּגערופֿן אַף דער באַציִונג צו אים, צו רודניצקין, מיצאַד די היגע כאַווירים און עפּשער אויך מיצאַד יענעם מיידל, זײַן כאַווערטע, וואָס האָט, ווי ער האָט געהאַט אַ יעדיִע, באַדאַרפֿט אַהער קומען און איז ניט געקומען. רודניצקי פֿילט, אַז ער מוז עפּעס זאָגן אַזוינס, די כאַווירים זאָלן פֿאַרשטיין — ס׳איז ניט פּאַכדאָנעס, ס׳איז אַ וואָרענונג, מע זאָל וויסן, ווו מע האַלט אין דער וועלט.

— כאווײרים, — אפּעלירט ער צו אַלעמען, — פּאַכדאָנעס איז טאַקע בעעמעס ניט קײן באָלשעוויסטישע מידע... אָבער... בא אונדז זײַנען פאַר־בליבן קוילן און גראַנאַטעס ווײניקער, ווי האָפענונג צו ראַטעווען זיך.

— איז וואָס? — אַטאַקירט מען אים פון אַלע זײַטן מיט אופגערעגטע פראַגן.

— ניט גראָבן די ערד! — איז פײַערדיק־הײס געוואָרן זײַן שטים. — אײדער דאָ אומקומען, בעסער אָפן, ווי העלדן, זיך פּרוון אַרויסרײַסן פונדאַנען!..

אף אײן רעגעלע האָט פון רודניצקיס געוואַגטן פאָרשלאָג ווי א בלענד געטאָן מיט א ווירדיקן אויסוועג. טײקעף אָבער איז דאָס ביסל ליכט צערונען.

— מיר וועלן זיך ניט רײַסן אף אומקומען, — איז אפילע דער שטענ־דיק רויִקער און גוטמוטיקער זיגמונד אָלשעווסקי גרײט געווען זיך לאָזן מיט די פויסטן אפן צעהיצטן רודניצקין, — מיר קעמפן ניט פאַר העלדיש אומקומען... לעבן, מיר ווילן לעבן!..

גראָבט אויך זיגמונד אָלשעווסקי דעם אונטערערדישן דורכגאַנג מיט אַזא פאַרביסענער אַקשאָנעס, גלײַך ווי יעדן אַרויסבאַקומענעם רידל ערד וואָלט ער ניט אַנדערש, ווי גופע דעם טויט אין פּאָנעם געשמיסן.

אַזוי טוען אויך יורגיס און בעלקין, אַנטאָניק און איציק, אַזוי אויך אַלע איבעריקע. בלויז אײן רודניצקי האָט דערפילט א מין אָפּהענטיקײַט אין יעדן אײוועער.

— אַנטאַנאַס, — גיט ער א זאָג, — זײַ וויסן, אַז בא מיר איז פאַר־בליבן ניט מער ווי א צענדליק קוילן...

— איך ווײס...

— איז אויב מיר וועלן זיך ניט אַרויסרײַסן אין שטאָט, וועל איך, ווי אַלע, אויסשיסן אפן סוינע ביז א לעצטער קויל, אָבער די לעצטע... אָט, זע... די לעצטע לײג איך אָפּ פאַר זיך!

אָבער אַנטאַנאַס געדריס איז אַזוי פאַרכאַפּט געווען פונעם געדאַנק, אַז די שאָ, ווען פון יענער זײַט וועט אַרײַנשײַנען א ביסל ליכט, איז ניט ווײַט, אַז ער האָט אפילע הערן ניט געוואָלט, וואָס רודניצקי טײַנעט דאָרט.

— נײן, — איז אַנטאַנאַס נאָך פעסטער, ווי פריִער, באַשטאַנען אף זײַנעם, — אויך די לעצטע קויל דאַרף זײַן פאַרן סוינע, אפילע די סאַמע לעצטע!

...נאכט. פארשווּנדן אויף יענער טראָפּן ליכטיקייט, וואָס האָט געהאט שוין ווי געוואָרעמט, גערייצט מיט א ראכוועסדיק־ברייטער וועלט. א געדיכטע, שווערע פינצטערניש האָט זיך גענומען פלאָנטערן לעם אלע־מענס טריט. אָבער בא קיינעם האָט דאָס ניט אָפּגעשוואכט דעם ווילן ווײַטער צו גראָבן. האָט מען געגראָבן און געגראָבן. אָנגעריבן ביז בלוט די הענט און ווײַטער געגראָבן.

פלוצעם האָט רודניצקי, וועמעס היציקן קאָפּ עס האָט געפּלאָגט דער געדאנק, אז ניט יעדע רעטונג באטײַט זיג, א וואָרף געטאָן דאָס רידל און, ווי א מעשוגענער, זיך געלאָזט לויפן צום ארויסגאנג פון קעלער. איידער מע האָט אים באוויזן צו דעריאָגן, איז ער פארשווּנדן אינעם כוישעך. א שווערער פאָרגעפּיל האָט א פּרעס געטאָן די הערצער. און...

אין דער נאכטיקער שטילקייט האָט זיך דערהערט אן איינציקער שאָס. דאָס האָט רודניצקי אויסגענוצט זײַן לעצטע קויל...

א רעגע האָט אלעמען געדוכט, אז עס פאלן און צעשיטן זיך די לאנג שוין צעלעכערטע ווענט, און אלע וועלן זיי דאָ באגראָבן ווערן לעבעדי־קערהייט... אָבער טאקע ניט מער ווי א רעגע.

— קומט! — האָט אנטאנאס געדריס אָנגעוויזן אױף דעם פרישן פּײַכטן וועג, — גייט נאָך מיר!..

## 32

אין קיך איז געווען שטיל, קאלט און פּוסט. בלויז אין קליינעם ציי־מערל איז געזעסן מיכל לאפּידוס, און ווען־ניט־ווען פלעגן אהין זיך ארײַנ־גאנוועגען אייניקע פון די אלטע קיך־באזוכער. זיי פלעגן דאָרט איינער פארן אנדערן אויסלאָדן זייער פּעקל לעצטע נײַס און פאָרזיכטיק, קיינער, כאָלילע, זאָל זיי ניט באמערקן, באלד צוריק אוועקגיין.

פון אָט די איינציקע און שטארק אויסגעהיטע קיך־באזוכער איז מיכל לאפּידוסן באוווּסט געוואָרן, אז אין שטאָט גייט א ווילדע יאָגעניש נאָך ארבעטער, יוגנט און אינטעליגענטן. אױף דעם זעלבן אויפן איז צו אים אויך דערגאנגען, אז די צוויי גרויסע שטאָטישע טורמעס, סײַ די נײַע, סײַ די אלטע, פּונקט ווי אלע ארעסט־הײַזער בא די פּאָליציי־באצירקן, זײַנען איבערפולט מיט ארעסטירטע.

לויט דער מיינונג פון אייניקע, איז אויסגעקומען, אז „עס זיצט שוין א האלבע שטאָט מענטשן".

דאָס אַלץ איז געווען געגוג, אַז מיכל לאַפּידוס זאָל פּולע צוויי מעס־לעס ניט מאַכן קיין טראָט ווײַטער פונעם קליינעם קיך־צימערל.

אין יענע צוויי ווי מעשוגענע מעסלעסן פלעגן צו מיכל לאַפּידוסן דערגיין געשרייען פון ערגעץ נאָענט צעשלאָגענע, צעמאַזיקטע מענטשן און קוילעס פון צעהוליעטע שיקורים, אָבער גופא אין קיך, און באַזונדערס אינעם קיך־צימערל, איז אַלץ נאָך געווען רויק. פלוצלינג האָבן זיך אהין אַרײַנגעריסן רייזל, שיפרע און דאָבל.

איידער זיי באַוויזן נאָך פאַרמאַכן הינטער זיך די טיר, איז דאָבל אַרויס מיט א טײַנע:

— איר זײַט גאָר דאָ? — פרעגט זי ווי פאַרכידעשט פון דעם, וואָס זיי האָבן געטראָפן לאַפּידוסן. — זעסט, אבי מיר האָבן געמיינט!..

— אוואַדע, וואָס דען? זײַן אליין אין דער פוסטער קיך איז טאַקע ניט אַזוי געפערלעך, ווי אין דרויסן, — האָט רייזל ווי געגומען פאַרענט־פערן פאַר אירע כאַווערטעס לאַפּידוסן, און אירע אויגן האָבן דערווײַל אומגעבלאָנדזשעט איבער דער קיך, ווי זי וואָלט דאָ נאָך עמעצן געזוכט באַגעגענען. ערשט, ווען זי איבערצײַיגט זיך, אַז מער איז דאָ קיינער ניטאָ, פרעגט זי מיט פאַרוווּנדערונג: — דאָ איז קיינער ניט געווען?

— דאָ? — שפּרינגט מיכל לאַפּידוס שיר ניט אויף פון אָרט, גלײַך ווי פון רייזלס פראַגע וואָלט א ווייע געטאָן אף אים א גרויסע סאַקאָנע. — דאָ?!..

— יאָ, — באַשטעטיקט רייזל, — עפּעס יאַטן, ווייס איך, האָבן באַ־דאַרפט אהער קומען...

— אהער? יאַטן? איצטער? — פרעגט מיכל לאַפּידוס איבער מיט אַזא דערשרעק, ווי ער וואָלט דערהערט אַן אַנדײַט, אַז עמעצער גרייט דאָ עפעס הינטער זײַנע פּלייצעס. — ניין, דאָ זײַנען קיינע יאַטן ניט געווען, מיר האָבן קיינעם ניט געבעטן אהער קומען. געגוג שוין די גייענישן!..

— שאַ, — באַרויקט אים רייזל, — צו וואָס דאָס בייזערן זיך? מע טאָר שוין אפילע ניט פרעגן?

נאָר מיכל לאַפּידוס איז געווען א געגוג דערפאַרעגער מענטש, האָט ער ניט געוואָלט גלייבן, אַז אין אַזא טאָג זאָל רייזל גלאַט אַזוי זיך קומען נאָכפרעגן אף „יאַטן”. ניט אַנדערש, עמעצער וויל דאָ אויסנוצן די פאַרמאַכ־טע קיך צוליב צילן, וואָס זײַנען אים פרעמד און פײַנטלעך. איז אָרט שוין ניט לאַפּידוסן, וואָס דער טאָג איז א ווינטיקער און א קאַלטער און אַרויס־גיין אין גאַס איז א סאַקאָנע. קיין זאַך זעט אים איצט ניט אויס וויכטי־קער, ווי באַצײַטנס צונישט מאַכן יעדן פרווו ווידעראַמאָל קלײַבן זיך אין קיך.

— איר גייט? — אײַלט מיכל לאפּידוס די געקומענע פּרויען. — קומט. וויבאַלד מע הייבט ווידער אָן אהער גיין, טאָ זאָל שוין בעסער דאָ קיינער ניט זײַן!

רייזל, וועגן וועלכער מע פּלעגט זאָגן, אַז בא איר איז: „וואָס אויף דער לונג, דאָס אויף דער צונג", איז איצט גראָד געווען אײַנגעהאַלטן און אפילע אויסגערעכנט. זי האָט זיך גלײַך געלאָזט נאָך לאפּידוסן.

— איר גייט גאָר אַזוי־אָ? — האָט זי, כאָטש מיט א קלאָפּנדיק האַרץ, אָבער דאָך אים דעריאָגט און אָנגעהויבן אים מוסערן: — טײַערער לאפּידוס, ווי קומט עס, אַז אַזא מין מענטש, ווי איר, זאָלט זיך לאָזן אַזוי אָפּן גיין אין אַזא סאַקאָנעסדיקן טאָג?

נאָר פּאָר מיכל לאפּידוסן איז, קאָנטיק, ניט געווען קיין גרעסערע סאַקאָנע, ווי רייזל מיט אירע כאַווערטעס.

— הערט, — זאָגט איר לאפּידוס, און עס איז ניט שווער צו באַשטימען, אַז ער מיינט דאָס ערנסט, — אבי איר, רייזל, און אײַערע אונטערפּירערנס וועלן לעבן מיר ניט זײַן, וועט שוין מיט מיר, מיסטאַמע, קיין בייז ניט פּאַסירן!..

— כאַווער לאפּידוס, — זאָגט רייזל מיט כויזעק, — איך הער אויף גלייבן מײַנע אייגענע אויערן. זאָגט מיר, איך בעט אײַך, איר רעדט דאָס טאַקע פון טיפן האַרצן?

מיכל לאפּידוס איז גרייט געווען כאָטש וואַרפן זיך אינעם האַלב שוין פאַרפראָרענעם טײַך, אבי פּאָטער ווערן פון רייזלען. פון שרעק האָט זיך אים געדוכט, אַז יעדער פאַרבײַגייער ווייסט, ווער רייזל איז און ווער איר מאַן איז.

ווי נאָר רייזל איז פון אים פאַרשוווּנדן, דערפילט מיכל אַזא פאַרלײַכטערונג, אַז עס ווערט אים ליב ניט בלויז דער ווינט, נאָר אויך די גרויליקע פּוסטקײַט אין גאַס. אָבער גאָר פּלוצלינג האָט עפּעס ווי א שווינדל געטאָן פּאַר זײַנע אויגן. ער באַווײַזט ניט א קלער טאָן, וואָס דאָ קומט פאָר, ווי עס באַפאַלט אים א כעוורע שיקערע יונגען.

לאפּידוס פילט: אָט ווערט ער א שפּילצײַג אין די הענט פון די אָנגעלאָפענע צעיושעטע שיקורים, נאָר אויף זיך קעגנשטעלן פעלט אים אויס אָטעם עפּשער מער נאָך, ווי קויעך. ס'איז אים שווער געוואָרן אַרויסשרײַען כאָטש אַן אײנציק וואָרט.

צווישן די אָנפאַלער דערקענט לאפּידוס וואַצעקן, וואָס פּלעגט זיך אָפּט אַרומשלײַאָנדערן איבער אַלע שטאָטישע ביר־הײַזער און קיכן, כאַפּנדיק ווו א לעק פון אַן אויסגעליידיקט שיסעלע, ווו א ברודיקן פּאַפּיראָס־שנויצל. דערשמעקט לאפּידוסעס אומבאַהאָלפנקײַט, פאַרווילט זיך וואַצעקן — אויף

דערוף קלעקט אים סייכל — אָפּטאָן מיט דעם אומבאוואָפנטן מענטשן עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל אויסנעמען בא דער שיקערער כעווריֵיע. אָבער אַף צוטראַכטן עפּעס איז דער פאַרסלינעטער וואַצעק ניט געווען קיין בעריע. הייבט ער אָן שליֵידערן לאַפּידוסן פון איין שיקערן צום אַנדערן. דאָס האָט אים אויסגעזען ניט גענוג, נעמט ער נאָך אַראָפּ פונעם צעביֵילטן מיכל לאַפּידוסן די בגאָדים, און אָט אַזוי־אָ א הויל־נאַקעטן טריֵיבט ער אים איבער דער גאַס...

א שיקערער אויסגעלאַסענער געלעכטער האָט באַגלייט מיכלען אין זיַין טרויעריקן וועג. דערנאָך זיַינען די באַנדיטן פאַרשוווּנדן, און מיכל לאַפּי־דוס איז געבליבן ליגן, ווי אַן אַראָפּגעשליַידערטער פון ערגעץ הויך־הויך. לאַנג איז ער אַזוי געלעגן א צעשלאָגענער, א הילפלאָזער, און ס'האָט זיך אים אַלץ געדוכט, אַז מיט ריזיקע טריט שפּאַנט צו אים א געדיכטע, פינצ־טערע נאַכט.

עס איז געווען שוין שפּעט אין אָוונט, נאָר פראַדל וויַיסמאַן האָט נאָך אַלץ געציַילט פון איין פאָרשטאָט־געסל אין צווייטן, איבערלאָזנדיק אין יעדן שטיבל א געהיימען אָנזאָג — ניט פאַרשפּעטיקן צום אָנגעמערקטן אָרט. צוליב וואָס, האָט קיינער ניט איבערגעפרעגט. אויב פראַדל רופט, און נאָך אין אַזא ציַיט, מיסטאַמע דאַרף מען.

ניט וויסנדיק פון קיין רו ניט באַטאָג און ניט באַנאַכט, האָט פראַדל געגרייט אַן אַרויסטרעטונג צוהילף די אַרומגערינגלטע.

איר פּלאַן איז געווען אויסגערעכנט מער אַף געוואַגטקיַיט און גוווּרע, ווי אַף געווער: צעשטעלן מענטשן אַף די ווינציק־באַלויכטענע טרעפּ און אין די טויערן פון יענע היַיזער, וואָס האָבן זיך געפונען ניט וויַיט פונעם איַיזנבאַן־קריַיז, און אין א באַנאַכטיקער שאָ אַטאַקירן פּאָניאַטאָווסקיס באַנדעס.

איצט נאָכן טאָג לויפעניש זיצט פראַדל א פאַרטראַכטע. צי דערפאַר וויַיל דאָס קליינע לעמפּל אין איר געדונגענעם ווינקל רייכערט מער, ווי עס ברענט, צי וויַיל זי איז אינגאַנצן פול מיט אומגעדולד און דערוואַר־טונג, נאָר פלוצלינג הייבט זיך פראַדלען אָן צו דוכטן, אַז איניינעם מיט דער נאַכט־פינצטערניש קוקט אַריַין אין איר נידעריקן פענצטער א פּאָנעם, אפילע א גאָר נאָענט באַקאַנט פּאָנעם. זי גיט זיך מיט אימפּעט א ריס צום פענצטער.

— אוי! דאָס ביסטו, אַנטאַנאַס?!..

ער איז אריַין א פארכוישעכטער, אן אויסגעצערטער. און זי האָט פאר־שטאנען — מע טאָר אים איצט וועגן גאָרנישט ניט פרעגן. זי האָט בלויז א טראכט געטאָן: „פונקט ווי דאָס לעבן, אזוי קאָן מען אויך אונדז ניט באַזיגן!..״ און גענומען גרייטן א געלעגער פאר אים...

## 33

די שטאָט האָט זיך געוויגט פון אלץ נײַע און נײַע קלאנגען. אָט האָט מען זיך דערוווּסט, אז די באוואָפנטע באנדעס קלײַבן זיך שוין פײַערלעך מעלדן, אז דער אײנציקער באלעבאָס אין שטאָט איז דער פאן פּאָניאַ־טאָווסקי. לאָזן מענטשן טיפער אראָפּ די קעפּ. און אָט א פרישע, א פרייד־דיקע נײַס: עפּשער ניט מער ווי עטלעכע קילאָמעטער פון שטאָט געפינען זיך רויטארמייִשע טיילן. ווען רייזל דערוויסט זיך וועגן דעם, ווילט זיך איר טאנצן פאר נאכעס:

— קרוינעלעך מײַנע, נו שוין זשע קאָן דאָס געמאָלט זײַן!

מענטשן האָבן גענומען ארויסקוקן פון זייערע באהעלטענישן. דער בעקער פּײַוועַ קליינמאן, ווידער, האָט פארלוירן דאָס לעצטע ביסל רו. האָט ער פריִער ווי שטענדיק גענומען זיך לייגן שלאָפן און פיל שפּעטער אײַנגעשלאָפן. אינדערפרי, נאָך אפילו ניט קיין אָנגעטאָגענער, פלעגט ער זיך א לאָז טאָן צום פענצטער, קעדיי כאַפּן א קוק אפן קעגנאיבערדיקן טראָטואר, וווּ ער פלעגט אמאָל טרעפן שטיין דעם מאיאָר פאָן אָקסמאן. נאָר די פארטאָגיקע גאס איז געווען ווי אויסגעקערט. ניט געווען מער קיין לאנגע רייען לעבן זײַן בעקערײַ. ניט געווען אויך די גוט באקאנטע דײַטשישע פור, וואָס פלעגט צופאָרן מיט די געגאנווטע סכוירעס.

וואָס ליכטיקער עס איז געוואָרן אין דרויסן, אלץ מער האָט פּײַוועַן געבלענדט אין די אויגן סײַ די פרישקײַט פון זײַן נײַעם מעבל, סײַ די גלאנציקײַט פונעם גרויסן לעדערנעם טשעמאָדאן, וואָס איז געווען אָנ־געפּאקט מיטן גיך און גרינג אָנגעלעבטן געלט. „געלט שמעקט ניט״, — האָט פּײַוועַ א גאנץ לעבן געטראכט. אָבער אין די דאָזיקע שאָען האָבן אים די פּעק געלט דערמאָנט אָן טויזנטער פון הונגער געשטאָרבענע. גיט ער א שטויס אָפּ פון זיך דעם שטול, וואָס אף זײַן וועגטל זײַנען נאָך פון נעכטן געהאנגען די יאָמטעוודיקע בגאָדים, ציט ארויף דעם פּאשעטן אָנצוג און פון אויבן — די אין מעל אײַנגעריכטע בעקעשע, אין וועלכער ער פלעגט געוויינלעך גיין אין און ארום זײַן בעקערײַ, און אײַלט אוועק אין שטאָט, קעדיי כאַטש מיט א פארשפּעטיקונג, נאָר דאָך וואָרענען יורי פערעלמאנען ניט צו פאטערן קיין צײַט אף פוסטע רייד וועגן דעם, ווער

עס האָט מער און ווער ווייניקער רעכט צו זײַן באַלעבאָס אין שטאָט, און בעסער העלפן דעם פאַן פּאַניאַטאָווסקי.

פּײַווע באַוווּסט ניט אַריבערטרעטן יורי פּערעלמאַנס שוועל, ווי דער אָבער־ראַבינער גליקפעלד קילט אָפּ זײַן אימפּעט:

— שאַ, — גייט אים דער ראַבינער אַנטקעגן, — אַ ביסעלע שטילער.

— וואָס איז?!

— קעלים איז געשטאָרבן, בערע־לייב קעלים.... ניט אויסגעהאַלטן, — פּאַרטײַטשט דער ראַבינער, — געפּלאַצט בײַ אים, נעבעך, דאָס האַרץ...

אין פּײַווע קליינמאַנס צעהיצטן מויעך האָט די דאָזיקע יעדיע אָפּגע־קלונגען ווי אַן אָנזאָג וועגן אונטערגאַנג פֿון אַן אײַנגעפֿונדעוועט לעבן, וואָס איז בײַם סאַמע וואָרצל אונטערגעזעגט געוואָרן.

ווי פֿריִער, אַזוי אויך איצט, איז בײַ יורי פּערעלמאַנען אין שטוב געווען ליכטיק, וואַרעם און אַזוי דורכזיכטיק־ריין, אַז יעדער צימער האָט אויס־געזען גרעסער, ווי אין דער ווירקלעכקײַט. אַן איבערגעדעקטער מיט אַ ווײַסן לײַלעך, איז קעלים געלעגן אויפֿן דיל אין סאַמע מיטן פֿון זײַן גרויסן שלאָפֿצימער. צוקאָפּנס האָבן געציטערט צוויי געלבלעכע ליכט, און עטלעכע אומבאַקאַנטע מענטשן האָבן לעבן טויטן געזאָגט טילים.

אויף די שפּיץ פֿינגער פֿלעגט עמעצער אַרײַנגיין אַהער און ניט געײַלט צוריק אַרויסגיין.

פֿול מיט סינע קעגן אַלץ און אַלעמען, וואָלט פּײַווע קליינמאַן כאָטש אויף אייביק דאָ איבערגעלאָזט אין מיטן צימער דעם טויטן קעלימען און ניט געבראַכט אים צו קווורע, אַבי שטילן די אופֿגעבראַכטקײַט קעגן פּערעלמאַנען און זײַנע שלים־שלימאַזלדיקע אופֿטוען.

— געפֿונען אַ קאַראַנטע סכוירע! יוישער און גערעכטיקײַט, — האָט ער שטיל אַרײַנגעטײַנעט אין ראַבינער, וועלנדיק, קענטיק, אָנדײַטן אויף יורי פּערעלמאַנס ריידערײַען וועגן רעכט אויף מאַכט אין דער דאָזיקער שטאָט, — אָט וואָס עס קומט אַרויס פֿון די שפּילערײַען אין פּראַוועס און גערעכטי־קײַט. אָט, — גיט ער אַ ווונק אויפֿן באַרמינען.

— זײַט ניט אַזאַ כאָכעם, — דערפֿילט זיך פּערעלמאַן ווי אָפּגעבריט, — מיינט ניט, אַז עמעצער איז נאַרישער פֿון אײַך. מע ווייסט נאָך וועגן און וואָס מע דאַרף זאָגן!..

— אַך, אַזוי גאָר?! — האָט פּײַווע אַזאַ קרים געטאָן דאָס באַוואַקסענע פּאָנעם, גלײַך ער וואָלט וועלן כאָטש אויף איין רעגעלע ברייטער עפֿענען זײַן שטענדיק האַלב־צוגעמאַכט לינק אויג, קעדיי בעסער דערזען יורי פּערעלמאַנען און פֿאַרשטיין זײַן מיין. — גאָר אַזוי?

...דאָס, וואָס איז פריִער געווען ניט מער ווי א קלאנג, איז געוואָרן ווירקלעכקײַט. די באוואָפנטע באנדיטן מאכן א גאנצן פאראד פארן פאן פּאָניאטאָווסקי, וואָס קומט צו פאָרן אין אײַזנבאן־קרײַז. צווישן די, וואָס רינגלען ארום פּאָניאטאָווסקין, האָט מען געקאָנט זען אויך דעם בעקער פײַװע קליינמאַן און דעם דאָקטער יורי פּערעלמאַן. זייער בײַזײַן דאָ האָט געזאָלט ווײַזן, אז זיי האָבן פולקאָם שאָלעם געמאכט מיט דער געשאפענער לאגע.

פאן פּאָניאטאָווסקי האָט געשפאנט פון איין צימער אין צווייטן, פון איין שטאָק אפן אנדערן, און דער אויסגעפוצטער און ברויגעזלעך־צוריקגעהאלטענער יורי פּערעלמאַן האָט געשפאנט נאָך אים מיט אזא מינע, ווי ער וואָלט זיך צוגערירט מיט זײַנע פינגער צום פארקילטן בלוט פון די דערשאָסענע קעמפער און עס אונטערגעטראָגן דעם פאן פּאָניאטאָווסקי, ווי א באווײַז, אז דאָ איז מער ניט פארבליבן קיין איין לעבעדיקער, וואָס זאָל זיך קאָנען קעגנשטעלן.

קימאט ווי מיט יוגנטלעכן אימפעט האָט פאן פּאָניאטאָווסקי זיך ווידעראמאָל א הייב ארויף געטאָן אף זײַן צוריק באקומענעם ווײַס פערד און, פאמעלעך רײַטנדיק לענגויס דער לאנגער ריי באנדיטן, האָט ער מיט צופרידנקײַט זיך צוגעהערט צו זייער ליארעמען:

— ניעך זשיִע! ניעך![1]

פלוצלינג און פון גאָר ערגעץ נאָענט האָט זיך אהער דערטראָגן אן אָפּהילך פון א געראנגל.

דער פאן פּאָניאטאָווסקי האָט זיך נאָך ניט באוויזן צו דערפילן אלס הערשער און אויסלייזער, וואָס קומט צו רײַטן אף א ווײַס פערד, יורי פּערעלמאַן האָט נאָך ניט באוויזן אליין זיך זאָגן, אז ער איז א כאָכעם און ווייסט, אף וועלכער קאָרט צו שטעלן, פײַװע, ווידער, האָט נאָך ניט באוויזן ווי געהעריק האנאָע האָבן פונעם געדאנק, אז ער האָט זיי ביידן אין דר׳ערד, ווײַל דאָס ביסל געלט איז בא אים, ווי עס האָבן אהער, צום באָלשעוויסטישן קלוב, זיך דורכגעריסן מיט „הורא״־געשרייען באוואָפנטע גרופּעס ארבעטער.

א שיסערײַ. א צעטומלטער געלאָף.

און אָט האָט שוין פאן פּאָניאטאָווסקי אָנשטאָט דעם „ניעך זשיִע״, וואָס האָט אזוי אָנגענעם געקיצלט זײַן געהער, דערהערט:

— נידער!

---

[1] זאָל לעבן! זאָל! (פּויליש).

— א טויט די באנדיטן!
— א טויט די הענקער!
— זאָל לעבן די מאכט פון די ארבעטער און פויערים!

פון אלע גאסן און פאָרשטעט האָבן מענער, פרויען און קינדער אוועקגעשפאנט צום גרויסן אײַזנבאן־קרײַז, וואָס איז געוואָרן א סימבאָל פון מוטיקן קאמף און אָפּערווילִיקייט.

דער געוואגטער גאנג פון אזויפיל מענטשן איז פאר מיכל לאַפּידוסן געווען אזוי איבעראשנדיק, פונקט ווי גאָר פלוצלינג וואָלט די ווילִיע ארויס פון אירע הויכע ברעגן און איצט ווערט די שטאָט פארשווענקט מיט אירע פרישע וואסערן. האָט אויך מיכל לאַפּידוס פארלאָזט זײַן קליין צימערל, א גרייטער ניט אָפּשטיין פונעם אלגעמיינעם קימאט סטיכיייִשן דראנג. אָבער טייקעף באקומט ער כאראָטע, לאָזט ער זיך אוועק אין א זײַטיק געסל, קעדיי, ביז עס איז נאָך ניט צו שפּעט, אומבאמערקט ארויסגליטשן זיך פון דער אופגעברויזטער שטאָט.

מע זאָל אים ניט דערקענען — טוט ער זיך איבער. דעם שווארצן ווייכן הוט מיט די ברייטע ראנדן רוקט ער אראָפּ נידעריק אפן שטערן. דער עטוואָס אָפּגעטראָגענער, אָבער דאָך עלעגאנטער הארבסט־מאנטל מאכט אים ענלעך אף אן אָנגעשטעלטן, וואָס איז ארויס אף א שפּאציר. ניט פארענדערט איז בלויז פארבליבן די קימאט טויטע בלאסקייט פון זײַן פּאָנעם און די פארפראָרענע בלויקייט פון זײַנע ליפּן.

ווי נאָר ער האָט זיך ארויסגעכאפּט פון שטאָט, דערזען א פעלד, א טראקט, האָט ער פרײַער אָפּגעעטעמט און אוועק צו דער באן־סטאנציע. האגאם ארום און ארום איז קיינעם און גאָרנישט ניט געווען צו זען, אויסער ווײַסע, פריש־פארשנייטע פעלדער־ווײַטקייטן, דאָך האָט אים ניט אופגעהערט זיך צו דוכטן, אז פון אלע זײַטן יאָגט אים נאָך און פארפאָלגט אן אלץ פארשלינגענדיקע ליכטיקייט...

## 34

א גראָער טונקעלער הימל איז דראָענדיק געהאנגען איבער דער אופגערודערטער שטאָט און א קאלטער ווינט האָט מיט אזא אומפארשעמטער אכזאָריעס אלעמען געפּאטשט אין די פּענעמער, פונקט ווי ער וואָלט געוואָלט אלץ און אלעמען צעפלאָנטערן, צונויפמישן, קעדיי שפּעטער פו־

נעם דאָזיקן מישמאש אויסהאמערן עפעס אומגעהערטס און אומגעזעענס. נאָר ווי אַף צולאָכעס דעם ווינט, האָט די שטאָט געקאָכט און געזידט.

אין די וויַטע פאָרשטעטע האָבן מענטשן באגעגנט די ערשטע רויטאַר־מייִשע טיילן.

עס איז שוין אָנגעמערקט דער טאָג און די שאָ, ווען עס וועט פאַרקור־מען די פּײַערלעכע עפענונג פון ראט.

שטייענדיק צווישן א רעדל מענטשן, האָט איציק דער סטאָליער הויך, אַף א קאָל, אלעמען פאַרזיכערט:

— איצטער וועלן שוין די ראטן דאָ בלײַבן אַף אייביק!..

אָבער נאפּטאָליע מערקינען איז אלץ געוואָרן שווער און איבעריק. שווער זײַן פאַרייכערטער טאטע מענדל, וואָס האָט לאנג זיך געדרייט, ניט געקאָנט מער אײַנזיצן אפן גרויסן ארבעטס־טיש און צום סאָף טאקע, ווי אלע, אוועק אין גאס; איבעריק דעם ברודער צאלעס אופגעלייגטקײַט און פריילעכקײַט. צאלע קומט איצט זעלטן אהיים, און אויב ער ווײַזט זיך א רעגע, איז נאָר אַף כאפּן א ביסן אין מויל און כאָטש מיט א פּאָר ווער־טער אויסלאָדן זײַן פריידיקע איבעראשונג.

— נאָר מע גייט, — קאָן ער זיך אלץ ניט אָפּוווּנדערן פון דער ניט געוויינלעכער אופלעבונג, וואָס הערשט אין אלע שטאָטישע גאסן און געסלעך, — נאָר מע פאָרט און נאָר מע קומט...

— גוט, — פלעגן נאפּטאָליע מערקינען נאָך מער פאַרביטערן דעם ברו־דערס נײַס, — גוט!..

— זײַ ניט אזוי אײַנגעשפּארט, מײַן ברודער, — אייצעט אים צאלע, — דער, וואָס וועט הײַנט די גאס ניט אָנקוקן, וועט ניט וויסן דעם טאם פון מענטשלעכער פריידן!..

---

כאָטש אין דרויסן האָט שוין גענומען שמעקן מיט קאלטן און רויגעז־דיקן ווינטער, דאָך האָבן מענטשן געשטראָמט און געשטראָמט צום אײַזנ־באַן־קרײַז, ווו עס האָט באדארפט פאַרקומען די פּײַערלעכע עפענונג פון ראט. צווישן אופגעלעבטן אוילעם האָט מען געקאָנט זען אנטאנאס געד־ריסן און פראדל ווײַסמאן, זיגמונד אָלשעווסקין, יויסעף בערמאנען און רייזלען, דאָבלען און שיפּרען, יורגיסן, אנטאָניקן, איציקן און יאניס מאר־טיקײַטיסן, פיל, פיל פון די, וואָס האָבן דורכגעלייגט דעם וועג צום זיג.

ווען ס'איז געקומען דער שפּעטער, קאלטער פאַרנאכט, האָבן זיך אין די גאסן און הײַזער אָנגעצונדן ליכטיקע פּײַערן.

נאָך די אלע יאָרן פּײַן און שרעק האָט די גאנצע שטאָט זיך איצט געבאָדן אין א קוועלנדיקער יאָמטעוודיקײַט.

# דער–
# ציי–
# לונ–
# גען



# באַם יאַם

## 1

אפן דאָרף האָט זיך אָנגערוקט א שווערע זאָרג פון א שלעכטער גערעטעניש, זייַנען פענעמער בא פויערים גראָלעכער געוואָרן און די באַוועגונגען בלייַיק און ניט דרייסט. ניט גרינג איז געווען אין יענע ערשטע טעג באַשטימען, צו וואָס פריִער זיך כאַפּן, קעדיי א קאָפּ לינדערן די אָנגעלאָפענע נויט.

טעג זייַנען אלץ נאָך געשטאַנען זוניק־פלאַמיקע, און מע האָט געקאָנט א צווייט מאָל אָפּגאָלן די ניט געראָטענע היי־פעלדער, קעדיי מיט דעם עפּשער פאַרקלענערן דעם מאַנגל אין פּאַשע. נאָר בא ארנאָלדן האָבן די הענט זיך ניט געהויבן צו אָט דער אַרבעט. ער האָט געוווּסט: אַלצייַנס וועט דאָס שוין ניט זאַט מאַכן זייַן אייַנציק פערד. און עפּשער האָט ער דאָס ניט געטאָן, ווייַל סייַ פונעם פאַרטיי־קעמערל, סייַ פונעם ראַיקאָם זייַנען אָנגעקומען אינסטרוקציעס, וואָס האָבן פאָרגעלייגט אין דער ערשטער ריי אָרגאַניזירן די אָרעמשאַפט און פאַרפעסטיקן די מאַשינען־געזעלשאַפט.

אָבער דערווייַל האָט ארנאָלד אויך דאָס נאָך ניט געטאָן. דוכט זיך, גאָר אָן א נויט בלעטערט ער א צענטראַלע קאָמיוגישע צייַטונג, ווי גלייַך ער האָט גאָר קיין שום דייַגעס ניט. פאַרדריסט עס זייַן יונג ווייַבל פּאולינען, און נאָך מער רעגט עס אויף איר אַלטע מאַמע. די אַלטע פאַרגעסט ניט אַף קיין רעגעלע, אַז זייער בוידעם איז לאַנג שוין ריין פון טוווע און אין

קעלער איז אפילע קיין איינציקע געזיַערטע אוגערקע ניט פארבליבן, בלויז הוילער פארשימלטער ראָסל. פון דער אלטערס גראָ־מאָגערן האלדז סטארטשען ארויס בלאָע אָדערן, זי הערט ניט אויף צו וואָרטשען:

— ניט אריַינכאפּן אלץ פון פעלד, וועט מען פּייגערן פון הונגער. אָט, אדעראבּע, זע, ווי אנדערע טוען, דו גיב אומישנע א קוק אין פענצטער.

ארנאָלד האָט גליַיכגילטיק א קוק געטאָן דורך די צעטרייסלטע פענצ־טער־שויבן. האלטנדיק אין האנט די ליַיכט אָנגעצויגענע לייצעס, איז אין א לאנגן, שיטער־געצאמטן היי־וואָגן געשטאנען פאלגע, און זיַינע צוויי גרויסע זאטע פערד, וואָס זייער פעל האָט אונטער דער זון אזש געבלאנקט פון פעטקיַיט, האָבן אים גרינג געטרייסלט איבער דער פארטריקנטער ערד. די אלטע פארשטייט ניט, וואָס דאָ קומט פאָר. עס ווינט גאָר פאלגע אף דער באלקע און זיַינע פעלדער געפינען זיך נאָענט לעם זיַין שטוב, איז צו וואָס פאָרט ער פארביַי גראָד אירע פענצטער? וואָס קאָן ער דאָ דארפן? אָבער אויך ארנאָלד האָט עס איצט ניט געקאָנט באגריַיפן: „עפּשער זוכט ער, פאלגע, צו כאפּן מיט מיר א פּריוואטן שמועס אָדער אים איז פאר־דעכטיק געוואָרן ווערע ראפּאזילאָוונעס באציִונג צו מיר?״

2

זאָל איצט א רעגן געוועזן כאָטש א ביסל ווייכער מאכן די שטיין־האר־טע ערד, וואָלט דאָ אוואדע קיין איינער ניט פארבליבן, וואָס זאָל ניט איַילן אקערן און זייען די ווינטער־טוווע. אָבער אזוי וואָס טוט מען? קליַיבן זיך די עטלעכע פעסטערע באלעבאטים צו פאלגען אף דער באלקע און דריקן פאר אים אויס זייער פארוווּנדערונג:

— אָרעמשאפט!

— נאָר מע צאצקעט זיך מיט דער אָרעמשאפט! — האלט אונטער דער טעכניקער האקמאן.

פאלגע שוויַיגט. ניט דערפאר, וויַיל ער האָט ניט וואָס צו זאָגן קעגן ארנאָלדן, וועמען עס איז, קאָנטיק, שטארק צום הארצן דער עצעם אופטו מיט דער אָרעמשאפט, אויך ניט צוליב דעם, וואָס ער, פאלגע, האָט ביכ־לאל ניט ליב צופיל ריידן. וואָלט זיך געהאנדלט וועגן זיַין ווירטשאפט, וואָלט ער צייט און געדולד געהאט זיך אוועקזעצן כאָטש ווו־ניט־איז אף וואָס־ניט־איז און ניט בלויז דערציילן, נאָר טאקע אויך וויַיזן, ווי די וויַיס־קלאָרע ראנעט־עפּל אף זיַינע קארליק־ביימער וואקסן און שפּארן שוין אָט־אָט ארויס פון די ספּעציִעל אָנגעטאָנענע אף זיי זעקעלעך. אָבער וועגן דער אָרעמשאפט וויל ער ניט ריידן, ביפראט נאָך, אז דאָס שוויַיגן

זעט אויס ווירדיקער, ווי גלאַט עפּעס־וואָס זאָגן. ווייסן דאָך אַלע, ווי ער, פּאַלגע, איז געקומען פון דער מילכאָמע אַ פּיל שווארצערער ווי געווען, אין סאַמע מיטן באַלקע אַ גרויסע גרוב אויסגעגראָבן און דאָס איז זײַן ערשט ווינקל־אָרט דאָ געוואָרן. געבראַכט האָט ער פון פראָנט מיט זיך אַ יונג ייִדיש מיידל, ווערע, די איצטיקע פרוי זײַנע — ווערע ראַפּאַילאָווגע, — און נאָך האָט ער געבראַכט אַן אומגעוואַקלטן ווילן צו שאַפן דאָ אַן אייגענע, אַ קולטורעלע און מוסטערהאַפטע ווירטשאַפט. אָט יענעם אָנהייב געדענקט ער גוט און פילט זיך קיינמאָל ניט צו דערמאָנען וועגן דעם. יעדן אופמערקזאַמען פאַרבײַפאָרער איז ער גרייט אַרומצופירן אַרום זײַן נאָך גאָר נײַער שטוב, וואָס קוקט אַרויס מיט קליינע פירקאַנטיקע פענצטער צום יאַם, און ווײַזן:

— אָט דאָ, — ער מאַכט מיט צופרידנקייט אַ האַלברונד מיט דער רעכטער האַנט, — איז אַ וויסטעניש געווען. אויף דעם אָרט, ווו מײַן סאָד געפינט זיך איצטער, איז ניט מער ווי האַרט שטעכיק ווילדגראָז געווען און אַן אַ שיר שלאַנגען, און איצט...

אָבער ניט בלויז מיט דעם אַליין האָט ער זיך געגרויסט, פּאַלגע. אויף דער וואַנט פון זײַן ניט גרויסן שלאָפצימער הענגט נאָך ביז איצט דער נאַגאַן, וואָס ער האָט ערלעך פאַרדינט אין איינער אַ שלאַכט מיט ווײַסגוואַרדייער, אַ נאַגאַן, וואָס דערמאָנט אים זײַן אָנטייל אין קאַמף פאַר דער נײַער וועלט־אָרדענונג.

שלעכט איז נאָר, וואָס ווערען, זײַן ווערען, הייבט אָן מער אָנגיין דאָס קליינינקע דאָרפישע קאָמקעמערל און עפּשער אַפילע אויך אָט דער יונגער, בלאָנדער אַרנאָלד, איידער ער, פּאַלגע, מיט אַלע זײַנע דערגרייכונגען...

מוסערט ער זי:

— צו וואָס צופיל פאַרבינדן זיך מיט אַרנאָלדן? צו וואָס?..

— ער איז דאָך אַ כאַווער!

— פאַראַן פיל אַזעלכע...

— איז גוט, זייער גוט!..

די לאַנגע גלאַנציק־שוואַרצע האָר זײַנען בא ווערע ראַפּאַילאָווגען אַזוי שטײַף פאַרקעמט, ווי זי וואָלט מיט דעם זיך פאַרפעסטיקט, און איר אויסזען איז אַזאַ רויִקער, ווי אַלץ אין איר לעבן וואָלט געגאַנגען נאָרמאַל און גוט.

ליגנדיק אויף זײַן נאַכטלעגער, ניורעט זיך פּאַלגע אײַן אונטערן לײַכטן צודעק, קעדייי די נאַכט־שײַן זאָל אים, כאָלילע, ניט שטערן אײַנשלאָפן, אָבער דער שלאָף קומט ניט. אים ווילט זיך זייער דערקונדיקן: צי ווייסט

ווערע, אַז פֿאַר די עטלעכע וואָכן, זינט אין דאָרף איז געקומען אַנאַטאָלי באַשליקאָוו, קומען דאָ פֿאָר, אויסער די אָפֿיציִעלע זיצונגען, אויך אייניקע אַנדערע, וואָס בלײַבן בעסאָד פֿאַר אים, פֿאַלגען? פֿאַרשטייט זי דען ניט, אַז אַרנאָלד גראָבט דאָ עפּעס אונטער אים? פֿאַלגען נעמט דוכטן, אַז זי האָט דאָס אַלץ פֿאַרבאָרגן פֿון אים. וואָלט זיך אים וועלן אויפֿקנוילן דעם דאָזיקן פֿאַרדאַכט און מיטן גאַנצן קויעך אַ שלײַדער טאָן אין אירע קויל־שוואַרצע אויגן.

3

גאָר פּלוצלינג איז דער יאַם געוואָרן אַזוי שוואַרץ, ווי דער הימל, און די לופֿט איז פֿול געוואָרן מיט אַ געדיכטער פֿינצטערניש. האָבן פֿויערים, מער ווי שטענדיק, זיך פֿאַרקליבן אין גרויסן צימער פֿון רויטן ווינקל, אויסגעהערט אַנאַטאָלי באַשליקאָווס אינפֿאָרמאַציע וועגן רייניקן די מאַשינען־געזעלשאַפֿט און ניט־צופֿרידענע געבליבן שטיל, שטאַרק אָנגעבלאָזנע. האָט זיי אַרנאָלד געפֿרעגט, קימאַט געמאָנט:

— באַ וועמען, כאַווײרים, זײַנען דאָ פֿראַגן צום רעדנער? באַ קיינעם ניט? אַלץ קלאָר? אַקטיווער, כאַווײרים, אַקטיווער!

אָבער אַלע זײַנען געזעסן ווי פֿאַרקאָוועט פֿון אַ ניט אַרויסגעזאָגטן מיין. זאָל דאָס שווײַגן באַטײַטן — ניט צו וועלן אײַנרײַסן מיט די צוויי פּאַקטישע אָנפֿירער פֿון דער מאַשינען־געזעלשאַפֿט? — האָט זיך באַ אַרנאָלדן דערוועקט אַ פֿאַרדאַכט. פֿון פֿאַלגען און האַקמאַנען ווענדט זיך דאָך גאָר ניט אַזוי ווייניק: ווען פֿריִער און ווען שפּעטער אָפּמאָלן אין דעם קליינעם מילכל די געבראַכטע עטלעכע קילאָ ווייץ, האָבער אָדער גערשטן, צי ווען פֿריִער, ווען שפּעטער אויפֿאַקערן זײַן כײלעק ערד. כאַפּט אַרנאָלד אַ פֿילבאַדײַטנדיקן קוק אויף באַשליקאָוון און באַשליקאָוו אויף אים, אויף אַרנאָלדן. ביידע האָבן זיי עפּעס געוואָלט דערגרייכן מיט דער פֿאַרזאַמלונג און ביידע וועלן זיי צוריקגיין מיט גאָרניט, אויב זיי וועט ניט געלינגען צעבינדן די מײַלער. פֿון אומרו האָט אַרנאָלד אַלע ווײַלע אַראָפּ און אַרויף געדרייט דאָס פֿײַער אין לעמפּל, און די שווײַגעניש האָט אַלץ ניט אויפֿגעהערט. דאַן האָט אַרנאָלד אַ טראַכט געטאָן, אַז פֿאַלגען, וואָס האָט אָנגעגעבן אַ מעלדונג, מע זאָל אים אָנעמען אַלס קאַנדידאַט פֿון פּאַרטיי, אים מעג ער אָפּילע צווינגען צו נעמען אַ וואָרט.

— כאַווער פֿאַלגע, — פֿאַרגיט ער אים אַ פֿראַגע, — ווי מיינט איר, מע דאַרף רייניקן די מאַשינען־געזעלשאַפֿט?

— אויב עס איז דאָ אַ באַשלוס, — ענטפֿערט פֿאַלגע רויִק.

— אויב?..

פאלגע האָט מער ניט גערעדט. די פאַרזאַמלונג האָט זיך צעטיילט אויף קלייניקע גרופּקעלעך, וואָס האָבן זיך פּאָרוקט הארט צו דער טיר. א קאָנטיק אופגעבראכטער, רוימט ארנאָלד איין באשליקאָוון:

— דו זע נאָר, ווי אָט דער שטילינקער פאלגע רייסט אונדז אראָפּ די פאַרזאַמלונג.

אָבער נאָך איידער אנאטאָלי באשליקאָוו באוויזט צו ענטפערן, קומט אריין אהער ווערע ראפאַילאָווגע. זי איז געבליבן שטיין לעבן פּרעזידיום־טישל אין ערנסט פארטראכטע און גלייכגילטיק געשפּילט מיט די איינציקע פאַרשיידנפאַרביקע, זייער זויבערע יאַם־שטיינדלעך, וואָס האָבן, מיסטאָמע, צופעליק זיך געוואלגערט אפן קליינעם טישל. איר שטייפער קערפער האָט דאָס מאָל, דוכט זיך, בוילעט זיך אָנגעזען פון איר לייכטן אָנטאָן. ארנאָלד איז געווען זיכער, אז זי שטויסט זיך אָן, וואָס אזוינס דאָ איז פאָרגעקומען.

דערווייל זיינען די עלטערע פויערים ווי צערונען געוואָרן פון דער פאַרזאַמלונג. באלד נאָך זיי איז אויך פאלגע פארשוווּנדן. ערגעץ פון וועלכע יאַם־ווייטעניש איז אָנגעלאָפן א ווינט, וואָס האָט מיט רוגזע געיאָגט, געטריבן דעם טרוקן איינגעלייגטן שטויב אין אָפענעם פענצטער אריין. אין יענער אָוונטיקער, גיך צוגעפאלענער פינצטערניש האָט ווערע ראפאַילאָווגע, עפּשער גאָר אומדערווארט פאר זיך אליין, פאַרגעלייגט ארנאָלדן:

— באגלייט מיך אהיים!

— וואָסי, דיין מאַן האָט דיך אוועקגעוואָרפן? — האָט ארנאָלד גוטמוטיק געשמייכלט.

## 4

שוין א סאַך טעג, ווי איבערן הימל ציען זיך, ווי צילאָזע קאראוואַנען, גרויסע שווארצע וואָלקנס, וואָס רייצן די פויערים מיט רעגן. געווען שוין אפילו טעג אזעלכע, ווען אנטבלויזטע הענט און העלדזער האָבן דערפילט אויף זיך א לאנג געגארטן דערפרישנדיקן טראָפּן רעגן. האָט מען אזוי לאנג געווארט און געגארט, ביז אין איינעם א פאַרטאָג איז דער ביז לעצט אויסגעטריקנטער סטעפּ דאָך דורכגעווייקט געוואָרן פון א גוסרעגן.

אין יענעם פרימאָרגן האָט א פּיבערדיקע באוועגונג אופגעמונטערט דאָס דאָרף. יעדערער האָט געאיילט גיכער און פולער אויסנוצן די ערדווייכקייט. אויך ארנאָלד האָט געאיילט, נאָר גאָר צו עפּעס אנדערש. גראָד אויף יענעם טאָג האָט מען אים ארויסגערופן אויף א פּארטיי־בארטונג אין

ראיצענטער. האָט אים פון גאנצפרי באהערשט אן אומרו: די רייניקונג פון דער מאשינען־געזעלשאפט האָט זיך גאָר אומדערוווארט אָנגעשטויסן אף א שטומען, איינגעשפארטן גלייכגילט פון די מיטעלע פויערים און אפילע אויך פון פאלגען, וואָס כאָטש ער האָט אָפן קיין וואָרט ניט געזאָגט, ניט פאר, ניט קעגן, האָט ער דאָך ארנאָלדן אויסגעזען פארן גרעסטן קעגנער פון מאכן א טראָט ווייטער פון דעם, וואָס איז שוין דערגרייכט. דאָס טראָפיי־געווער, וואָס איז פרידלעך געהאנגען איבער פאלגעס בעט, האָט אים אין אלעמענס אויגן צוגעגעבן ניט בלויז אָנזע, נאָר אויך קויעך. עמעס, אויך ארנאָלד איז געקומען פון דער ארמיי, אָבער ער, ארנאָלד, האָט פון דעם קיין וועזן ניט געמאכט, און דעריבער, מיסטאמע, האָבן אויך אנדערע אף דעם קיין אכט ניט געלייגט. איז האגאם ארנאָלדן האָט אויך געצויגן צו דער דורכגעווייקטער ערד, האָט ער דאָך דערווייל געיילט צו דער באַראטונג, ווו די פראגע וועגן רייניקן די מאשינען־געזעלשאפט וועט, וואָר־שיינלעך, א צווייט מאָל באטראכט ווערן.

איז מען בא ארנאָלדן אין שטוב ארומגעגאנגען ווי פארוואָרגענע: שווער ווייטער צו שווייגן און שווער אויך דאָס ריידן. א גרייטער אָט־אָט זיך ארופכאפן אפן פערדל און פאָרן צו דער באראטונג, קוקט ארנאָלד זיך ארום, צי האָט ער עפּעס נייטיקס ניט פארגעסן מיטנעמען. אין יענע לעצ־טע רעגעס האָט פאולינע געפרווט נאָך אף אים ווירקן:

— ארנאָלד, איך בעט דיך, פאָר ניט!

— און די באראטונג?

— און אקערן?

— מאָרגן קאָן מען אויך.

— ווען די ערד וועט ווידער הארט ווערן, ווי דיין איינגעשפארטער קאָפּ?..

ארנאָלדן האָט זיך געדוכט, אז ניט קיין געוויינלעכן איבערייד האָט ער געהאט, נאָר א שווערע לאסט האָבן די שטוביקע אָנגעהאנגען אף אים, קעדיי מיט קויעך אים אָפרייסן פון ראט, פון קאָמקעמערל און אלע זיינע געזעלשאפטלעכע און פּאָליטישע אינטערעסן. ווייטער זאָל זיין שוועסטער רוטע און אזעלכע, ווי זי, זיך בייגן אינדרייען, און פאר עטלעכע קאָפּע־קעס געצאָלטס קלייבן אין פרעמדע גערטענער פּאָמידאָרן, עפּל, וויינ־טרויבן? „ניין, — ענטפערט ער זיך אליין, — צו אזוינס טאָר מער ניט דער־לאָזט ווערן”.

ארנאָלד האָט געכאפּט א קוק דורכן פענצטער, געוואָלט מיט א ווונק פארזיכערן אנאטאָלי באשליקאָוון, אז כאָטש די שטוביקע האָבן אים, עמעס, א ביסל פארהאלטן, אָבער צו דער באראטונג וועט ער באלד פאָרן.

דערזען אָבער האָט ער ניט באשליקאָוון, נאָר דעם טעכניקער האקמאן. ער איז געשטאַנען אין די ווײַס־לײַוונטענע הויזן, עטוואָס אראָפּגעלאָזענע אַף די בלאנק־אויסגעפּוצטע גרינגע שטיוול, און געהאט אזא רויק־גלײַכ־גילטיקן אויסזען, גלײַך ער וויל גאָרניט און צילט צו גאָרניט. דאָך האָט ארנאָלדן א ברי געטאָן א געדאנק: „שטעקט ניט האקמאנס האנט אין זײַן היימישן קידער־ווידער?..“

5

א געדיכטע פינצטערניש איז אויסגעשפּרייט איבער די אומענדלעכע יאם־ברעגן, און א ווינט טראָגט און פארגרינגערט דעם וועג צו דער באל־קע. גייט ווערע הארט לעבן ארנאָלדן, אָבער איר דוכט, אז זי איז אליין, אזוי פרײַ פילט זי זיך, און אין זיקאָרן טויכט אוף די ניט ווײַטע פארגאנ־גענהײַט.

אז זי איז ניט אלט געווען קיין פולע זיבעצן יאָר, האָט זי שוין לאנג קיין טאטן ניט געהאט און געצוווּנגען געווען אויך די מאמע פארלאָזן. און טאקע: ווי האָט זי געקאָנט נאָך ווײַטער זײַן בא א מאמען, וואָס איר איינציק פארמעגן איז געווען א סאך קליינע הונגעריקע קינדער, וועלכע זי האָט ניט געקאָנט געבן כאָטש א שטיקל טרוקן ברויט צו זאט? האָט דאן ווערע פארלאָזט דעם ניט גרויסן ניי־ווארשטאט, ווו זי האָט שווער געהאָרעוועט, און אוועק אהין, פונוואנען איבעראשנדיקע נײַס, ווי די ווינטן, האָבן צו איר היים זיך דערטראָגן.

אין יענע אופגערודערטע יאָרן, ווען דאָס גאנצע לעבן איז ארויס פון די געוווינטע, שטענדיקע ברעגן, האָבן א סאך יונגע און אפילע נאָך גאָר יונגיטשקע מיידלעך זיך געפונען אין לאנגע, אָפּטלעך ברודיקע, זעלנע־רישע עשעלאָנען. ווער פון זיי עס האָט אף שרײַב־מאשינקעס געקלאפּט, ווער — שיפרירטע בריוו געשריבן, ווער — רויטארמייער געהיילט און ווער עס פלעגט א רויכיק פײַער אף ווײַטע וועגן פאנאנדערלייגן, קעדיי פאר כאווירים, פארטאָנענע מיט וויכטיקע מיליטערישע איניאָנים, דורכבראָטן פארטריקנטע וואָבלע. איז צווישן יענע יונגע מיידלעך אויך זי געווען, די געוועזענע נייטערן ווערע, וואָס האָט אף אירע יונגע פּלייצעס, מער מיט מוט, ווי מיט קויעך, ארויסגעטראָגן פון שלאכטפעלד ניט ווייניק שווער־פארוווּנדעטע רויטארמייער און באקומען פאר געוואגטקײַט און העלדנמוט אן אָרדען פון דער רויטער פאָן.

אין יענע עשעלאָנען, וואָס האָבן וואָכן און כאדאָשים זיך געטראָגן איבער די מילכאָמע־וועגן, האָט זי געקרענקט אף טיפוס, געלאָזט זיך אָפּ־

שערן די לאַנגע שוואַרצע האָר. דאָרטן טאַקע האָט זי עטוואָס שפּעטער אויך זיך באַקענט און באַפֿרײַנדעט מיטן ניט הויכן באַדאַכטן פּאַלגע.

איז איר נאָך שווערע יאָרן פֿון וואָגל און קאַמף גוט געווען קומען מיט פּאַלגען אויף דער וויסטער באַלקע און מיט מוט און גוווּרע נעמען זיך בויען א שטיקל היים. איר איז אָנגענעם געווען צו וויסן, אַז אין פּאַלגעס אײַלן צו דער פּוסטער באַלקע האָבן געשטעקט שפּורן פֿון זײַן ליבע צו איר. איצט אָבער, זעט איר אויס, האָט ער זײַן ליבע צעטרייסלט אויף דער אויסגעכאָוועטער ווירטשאַפֿט. פֿאַרשטייט זי ביכלאַל ניט, צוליב וואָס איז נייטיק אָנפּיקעווען אַרום און אַרום אַזויפֿיל קליינע הײַזקעס מיט קליינע באַזונדערע ווירטשאַפֿטן? ווּהין פֿירט עס?

זי האָט ברייט צעעפֿנט אירע גוטע שוואַרצע אויגן און אַרײַנגעקוקט אַרנאָלדן אין פּאָנעם אַרײַן. זי האָט געוואָלט פֿאַרשטיין זײַן אופּגעלעבט־קײַט: איז דאָס פֿון א לײַכטן געדאַנק וועגן איר, וועגן ראַפּאַ:לאָוונען, וואָס האָט געלאָזט איר מאַן אליין אַוועק אַהיים, קעדיי שפּעטער אומגע־שטערט גיין מיט אים, אַרנאָלדן? פֿון אָנשטרענגונג, פֿון גאַרן אן ענטפֿער אויף איר געדאַנק האָט זיך באַ איר א וואָרט — א פֿראַגע אַרויסגעכאַפּט:

— וואָס?

— גאָרניט!

ער האָט גענומען גלעטן איר זוניק־ברוינע האַנט. זי איז, קאָנטיק, גערירט געווען פֿון זײַן צערטלעכקײַט, דאָך האָט זי זיך ווייך אַרויסגע־גליטשט פֿון אים און אַוועק צו דער איין־און־איינציקער אויף דער באַל־קע שטוב, פֿונוואַנען איר אַנטקעגן האָבן געײַלט צוויי פֿלינקע, צופֿרידן־צעשפּילטע הינט.

א רויִקער האָט דער יאַם גאָלדיק געפֿינקלט פֿון זוניקער ליכט. און דער סטעפּ, דוכט זיך, האָט געעטעמט מיט גליִענדיקער היץ. אין יענעם פֿרי־מאָרגן איז פּאַלגען אָנגעגאַנגען איין זאַך: צי האָט ער מיט עפּעס זיך פֿאַרשולדיקט פֿאַר דער פּאַרטיי, א קאַנדידאַט פֿון וועלכער ער קלײַבט זיך ווערן? טוט ער ווּעמען א ראָע, אויב באַ אים בליִען גלײַכע רייען קאַרליק־ביימער, וואָס זייערע צעוואָקסענע קרוינען דערמאָנען אָן גע־דיכטע אונטערגעשאָרענע יונגמיידלשע קעפּ?

„באַגיי איך אן אוולע, — האָט ער געפֿרעגט באַ זיך אליין, — וואָס איך נעם אַמאָל אויף אַרבעט אַרנאָלדס שוועסטער? וועט בעסער זײַן לאָזן אַזאַ געזונטע, שיינע מויד, ווי אָט די רוטע איז, אַרומגיין איבערן דאָרף ווײַט ניט שטענדיק קיין זאַטע, ווײַל זי האָט ניט באַ ווּעמען צו פֿאַרדינען א

מעזומענעם גראָשן? ווער קאָן זאָגן, אז איך טו ניט קיין גערעכטע זאך? ווער? אויב אזא כאָכעם וועט זיך אָפּזוכן, איז — נא!" — מאכט ער אזא באַוועגונג, ווי אָט נעמט ער אראָפּ דעם באקומענעם נאגאן פון דער וואנט און גיט אים אָפּ אף צוריק.

אין דער רעגע ווילט זיך אים דאָס אלץ זאָגן ווערען. ווייסט ער אָבער, אז זי איז געוואָרן גלייַכגילטיק צו אים און זײַנע אינטערעסן. און טאקע: האָט ער איר דען ניט דערמאָנט אף יענער פארזאמלונג, זי זאָל צוגלײַך מיט אים גיין אהיים? ניט אומזיסט האָט דאָס באנאכטיקע בילן פון די היגט דערוועקט דעמלט אין אים א פארדאכט: צי האָט ניט עפּשער דער צעטרענצלטער ארנאָלד זי באגלייט אהיים אין יענער פריי־צוגעפּאלענער נאכט?

6

ניט פארבליבן אין דאָרף קיין איין באלעבאָס, וואָס זאָל ניט שטרעבן פארבינדן זיך מיטן טעכניקער האקמאן און זײַן מאשינען־געזעלשאפט. עס האָט קיינער אף באשטימט ניט געוווּסט, ווען און ווו איז האקמאן געוואָרן א טעכניקער, פּונקט ווי קיינער האָט געננוי ניט געוווּסט, פונוואנען ער האָט זיך איבערהויפּט דאָ גענומען. יאָרן פון רעוואָליוציע און בירגערקריג זײַנען גלײַכצײַטיק געווען אויך יאָרן פון קלענערע און גרעסערע וואנדערנישן. דאן, אין יענע יאָרן, איז דאָס פון ערגעץ א באלטישער שטאָט געקומען אהער צו די ברעגן פון שווארצן יאם א הונגעריקע, אן ארומגעריסענע ארנאָלדס מישפּאָכע. דאן אויך האָט זיך דאָ באוויזן איינער א האקמאן. מער האָט מען וועגן אים גאָרנישט געוווּסט. אין דעם דאָזיקן ווײַט פארוואָרפענעם דאָרף האָט דער דאָזיקער האקמאן דערפילט פאר זיך גאָר ברייטע מעגלעכקײַטן. אינגיכן האָט ער ארום זיך צונויפגענומען די פעסטערע באלעבאטים, וואָס זײַנען אים פיל מער פון אנדערע געווען צום הארצן, און מיט זייער הילף געשאפן א מאשינען־געזעלשאפט.

צום דאָזיקן האקמאן איז עס געקומען די הויכע, אלטע, אָבער נאָך גאנץ קרעפטיקע פאולינעס מאמע און זיך געבעטן בא אים:

— עפּשער וועט איר, הער האקמאן, מיך אויך ארײַנעמען אין אײַער קאָמפּאניע?

אייצענען זיך מיט וועמען באדארף ניט האקמאן. ער איז דען א קלענער באלדייע אין דער מיל און מאשינען־געזעלשאפט, ווי אפילע גופע דער פּאָרזיצער פּאלגע? זאָגט ער דער אלטער ניט אָפּ. ער קערט נאָר א ביסעלע אויס דעם קאָפּ און ענטפערט, א צופרידענער פון דעם, וואָס פאולינעס מאמע מוז אָנקומען צו אים:

— אַרײַנעמען, זאָגט איר, אײַך? אדעראבע, אָבער פּריִער, זײַט אזוי גוט, און טראָגט אַרײַן דעם באַשטימטן פּײַ!..

— און אויב?..

— אויב מע האָט ניט וואָס אַרײַנצוטראָגן, — שלאָגט ער איר איבער די רייד, — איז טאַקע ביטערלעך. מיר העלפן נאָר די, וואָס האָבן אַ כײלעק אין אונדזער זאַך.

נאָך אַזאַ ענטפער בלײַבט די אַלטע דערשעפּט. די קלײנינקע, לאַנג שוין רויטלעך געוואָרענע אויגן ווערן איר פאַרלאָפן. און ווען זי דערקלײַבט זיך אַהײם, רעדט זי מער צו זיך אַליין, אײדער צו דער טאָכטער אירער, צו פּאולינען:

— האַקמאַן... וואָס קאָן מען פון אים פאַרלאַנגען? ער טוט זײַן זאַך. אָבער פאַרוואָס האָסטו אים אָפּגעשטויסן פון זיך? פאַר וועלכע זײַנע כאַטאָים? איך וואָלט דען באַדאַרפט זיך איצט בעטן בא אים, קליאַנטשען? — אַזוי רײדנדיק, קנוילט זי צונויף איר גרויסן בײנערדיקן פויסט און טראָגט אים צו נאָענט צו פּאולינעס עטוואָס איבערגעשראָקענע אויגן. — אַף פאַרזאַמלונגען נאָך לאָזסטו אים לויפן, דײַן מאַן? מיט דעם־אָ, — גיט זי אַ ווײַז אַפן פויסט, — וואָלט איך דײַן אַרנאָלדן מעכאַבעד געווען!

געווען איז נאָך גראָ־שאָטנדיק און קיל, דאָס דאָרף איז געשלאָפן, וווּ־ניט־וווּ נאָר האָט אַ שטוב־באַלעבאָסטע מיט עפּעס אַ ריטל אָדער אַפּילע מיט עטלעכע שטרוי אין האַנט אַרויסבאַגלײט די שאָף אין סטעפּ, נאָר האַקמאַן איז שוין לאַנג געווען וואַך. יעדן פאַרטאָג גיט ער אַ פּאָר אַרומגעריסענע טאָטערן צו עטלעכע צענדליק רובל, און זײ לאָזן זיך איבער דערפער און קאָלאָניעס אײַנקויפן פאַר אים ווייץ, האָבער, גערשטן. שפּעטער, אומבאַמערקט פון אַלעמען, באַגלײט ער זײ אַליין צום ווײַטלעכן שטאָטישן מאַרק.

דער דאָזיקער שטילער, געהײמער האַנדל האָט האַקמאַנען געפרײט ניט בלויז, ווײַל ער האָט אים געבראַכט זיכערן און פעסטן רעווער. „זאָלן יונגעלײַטלעך, — האָט ער מיט שאָדנפרייד געטראַכט, — זיצן ערגעץ־וווּ אין די מעלוכישע ברויט־פּונקטן, וואַרטן און זיך ניט דערוואַרטן, ביז פּויערים וועלן זײ ברענגען זײער גערעטעניש. און דאָ זאָלן זיך ציִען וואָגנס אַף פּריוואַטע מערק”. האַקמאַנס כּיִעס איז שאָדנפרייד. אים איז אויך אָנגענעם געווען, וואָס די אַלטע, פּאולינעס מאַמע, איז געהאַט געקומען צו אים בעטן הילף פון דער מאַשינען־געזעלשאַפט, קעדײ אופאַקערן דאָס שטיקל ערד אירס. עמעס, ס׳האָט אים פאַרדראָסן, וואָס אַרנאָלד אַליין האָט

ווענן דעם קיין וואָרט ניט ארויסגערעדט. עפּשער פּאַסט אים ניט? אָדער צוליב עפּעס א פּרינציפּ? נאָר אויב שוין יאָ שפּילן אין פּרינציפּן, האָט זיך האַקמאַן אויך זײַנע פּרינציפּן: זאָל די אלטע מיט איר טאָכטער פּאַולינע וויסן, אז זיי וועלן מיט זייער אַרנאָלדן סאָפקאָלסאָף דערוואָרגן ווערן. „ניט איך, כאָלילע, — פּרוּווט ער זיך פּלוצעם רייניקן וואַשן, — גופע דער הונגער וועט דאָס מיט זיי אָפּטאָן!..״

ניט ווייניק כאַדאָשים פּלעגט ער, האַקמאַן, וואָס איז פּיל עלטער פון פּאַולינען, אַרײַנשפּאַצירן אין זייער געמויערטער שטוב, ניט איין מאָל געפּרוּווט מיט עפּעס א קלייניקײַט העלפן די צוויי עלנטע פרויען, וואָס האָבן אין די יאָרן פון מילכאָמע פאַרלאָרן דעם מאַן און טאַטן. ניט איין מאָל האָט שוין געהאַלטן, אז אין זײַן גרויסער שטוב זאָל קומען די יונגע, שלאַנקע, העל־בלאָנדע פּאַולינע און ווערן זײַן ווײַב. ווי לאַנג נאָך קאָן ער זיצן אליין מיט א ווירטשאַפט, וואָס האַלט אין איין וואַקסן און פאַר־דערן איבערגעגעבענע געזונטע הענט. איז אָבער געקומען אין דאָרף אַרנאָלד, און זי, די הויכע פּאַולינע, מיט אירע העל־גראָע, אזעלכע צוציִענ־דיקע אויגן, האָט זיך ניט צו באַמערקן אַרויסגעגליטשט פון אונטער זײַנע הענט...

## 7

אין דער סאַמע לאַנגער און ברייטער גאַס פונעם ניט־גרויסן ראַיצענ־טער, האַרט באַם איינציקן צווייִשטאָקיקן מויער זײַנען געשטאַנען פּיל געשפּאַנטע און געזאָטלטע פערד. ס׳האָט דערמאָנט אן אָקאָרשט פאַרענ־דיקטן מאַרק־טאָג, נאָר קיין מאַרק איז אין יענעם טאָג ניט געווען. ס׳האָט דאָ, אינעם מויער, פון גאַנצפרי זיך געצויגן און אָט־אָט שוין געהאַלטן באַם פאַרענדיקן זיך די פּאַרטיי־באַראַטונג. די פערד האָבן שוין פון לאַנג אויפגעקײַט ביז א לעצט שטרויעלע און געקראַצט איצט זייערע מאָרדעס אין דעם נידעריקן פּאַרקן, אָבער קיינער האָט זיך אף זיי ניט אומגעקוקט. ווען־ניט־ווען נאָר פּלעגט אַרויסזײַלן א צעשוויצטער פויער, צעטרייסלען לעבן זײַן צוגעבונדן פערד א לעצט ביסל העל־געלבלעכע שטרוי און ווי־דער פאַרשווינדן.

דער איינציקער, וואָס האָט אף קיין רעגעלע ניט פאַרלאָזט די באַראַ־טונג, איז געווען אַנאַטאָלי באַשליקאָוו, וואָס האַגאַם ער געפינט זיך אין דאָרף ניט מער, ווי עטלעכע געציילטע וואָכן, האָט ער שוין באַוויזן צײַען אף זיך די אויפמערקזאַמקײַט. נאָך גאָר א יונגיטשקער, ניט באַוויזן ענ־דיקן די מיטלשול, איז ער פרײַוויליק אוועק אין דער רויטער אַרמיי; אפּן פראָנט צוויי מאָל פאַרוווּנדעט געוואָרן, געוואַלגערט זיך אין פאַרשיידענע

מיליטערישע לאזארעטן און ווידער זיך אומגעקערט אין דער רויטער ארמיי. ערשט ווען א מיליטערישע מעדיצין־קאָמיסיע האָט ווי געהעריק א קוק געטאָן אף זײַנע פריש־פארהיילטע וווּנדן, אף זײַן זייער מאָגער, אויס־געצערט פּאָנעם, האָט מען אים דעמאָביליזירט. דאָס אַלץ, געוויס, איז געווען די סיבע, פארוואָס אזא פאראנטוואָרטלעכער טוער פון ראיפּארט־קאָם, ווי סערגיי לאָבאָוו, איז באשטאנען, אז דעם יונגן אנאטאָלי באשלי־קאָוו זאָל מען שיקן אין אזא דאָרף און אף אזא ארבעט, ער זאָל קענען אויך צוריק אופשטעלן זײַנע קויכעס. אנאטאָלין האָט די דאָזיקע כאַ־ווערישע באצײַונג צוגעגעבן מוט און זיכערקײַט. איצט איז ער געזעסן אף דער בעראטונג און ווי געשלונגען איעדער וואָרט.

— די לאגע איז אַן ערנסטע, — פארענדיקט ארנאָלד זײַן ארויסטרעט־טונג, — אויב נעכטן איז געגאנגען א רייד נאָר וועגן רייניקן די מאשינען־געזעלשאפט, איז אונדז הײַנט צוגעקומען א נײַע זאָרג: קעמפן קעגן ספּע־קוליאציע. צו וואָס, כאווײרים, זאָג איך דאָס? ווײַל פאָרזיכטיקײַט...

— עס איז ניט קלאָר! — ווארפט באשליקאָוו א צווישנרוף. — מע דארף קלערער!

ארנאָלד האָט זיך עטוואָס פארלאָרן פון דער אומדערוואַרטער באמער־קונג, נעמט ער ריידן מיט גאָר אַן אנדער טאָן:

— איך פארשטיי דאָס פּראָסט, — גיט ער א זאָג, — ניט נאָר אויסריי־ניקן, נאָר וועמען אפילע, צו אַלדי רוכעס, ארויסשיקן.

ארנאָלדס לעצטע ווערטער האָבן געצוווּנגען לאָבאָוון נעמען א וואָרט.

— איז אָט, כאווײרים, — דאָס פּאָנעם בא לאָבאָוון האָט זיך אָנגעהויבן רויטלען, — די בעראטונג איז שוין, דוכט זיך, אָט־אָט געווען געענדיקט, און דאָ האָט איינער (אין דעם מאָמענט, קאָנקרעט, האָט ער פארגעסן אר־נאָלדס נאָמען) פּרובירט דורכפירן א געדאנק וועגן אַן אדמיניסטראטיוון דרוק אפן דאָרף. דאָס, כאווײרים טײַערע, טויג ניט. מע דארף פּאָליטיש צוגיין צו דער זאך. רײַסט פרײַער ארויס דעם מיטלפויער און דעם אָרעמ־פויער פונעם באלעגופּס נעצן, אָט פון וואָס מע דארף אָנהייבן...

— ריכטיק, — איז אנאטאָלי באשליקאָוו שיר פון אָרט ניט אופגע־שפּרונגען, — ריכטיק!..

## 8

ליגן א הונדערט שיטער צעוואָרפענע, פעסט געמויערטע שטיינערנע הײַזער באם ברעג יאם און ווייסן נאָר פון עקסטרעמקײַטן: אָט ברענט זיי א דורכדרינגלעכע היץ, אָט פּאטשט זיי א ווילד־צאָרנדיקער ווינט. מענטשן

און שאָף ווערן פאַרטומלט פון איינטאָניקע, צעיושעטע יאַם־געשרייען, נאָר קיינער לייגט ניט אָפּ דעם קיין אכט, מע ווייסט: א דאָרף אזא.

שפּאַרט דער יאַם פון זײַן ווילד־צערודערטער וואַסער־געדיכטעניש הויכע שוימיקע וואַלן און פאַרגיסט אַלץ א ברייטערן ברעג־שעטעך. פון דעם ווערט אנאַטאָלי באַשליקאָוו נאָך מער אופגעלייגט, ער פילט מאַמעש, ווי די קויכעס קערן זיך צוריק אום צו אים. פרייט דאָס זײַן באַגלייטערן רוטען. אראָפּגעוואָרפן פון זיך דאָס לײַכטע אָנטאָן, בלײַבט אנאַטאָלי א רעגעלע שטיין, ניט וויסנדיק, וואָס פריִער צו טאָן: זיך א לאָז טאָן אינעם נאַריש־צעטומלטן יאַם אָדער עפּשער נאָך נעענטער זיך צורוקן צו רוטען, וואָס האָט מיט רויִקן גלײַכגילט זיך אויסגעטאָן און געבליבן לעבן אים אין איר פאַרביקן ענגן באָד־אָנטאָן?

אנאַטאָלי האָט געוווּסט, אז רוטע, וואָס איז אין יאָרן נאָך ייִנגער פון אים, האָט דעם זומער שווער געאַרבעט, אראָפּגענומען א סאַך פּאָמידאָרן פון גרויסע פויערישע גערטענער און ניט איין הונדערט שטיק גרעט אויסגעוואַשן פאַר רויטאַרמייער און קאָמאַנדירן, וואָס געפינען זיך אינעם דערבײַיִקן מיליטערישן לאַגער, און דאָך איז זי קרעפּטיק, בליִענדיק און דערהויפּט, דוכט זיך, אזוי אופמערקזאַם צו אים.

— זיך באָדן אָדער א רעגע נאָך וואַרעמען זיך אָף דער זון? — שמייכלט זי.

זיי זײַנען געלעגן אפן ציכטיקן טרוקענעם זאַמד. ליכטיקע זונען־פלעקן האָבן געשפּילט איבער זייערע האַלב־נאַקעטע לײַבער. ער האָט זיך גאָר נאָענט צוגערוקט און שטאַרק געדריקט איר הייס לײַב צו זיך. זי האָט זיך ניט געווערט. איר איז אַלץ מער צום האַרצן געוואָרן אָט דאָס באָכערל, צו וועלכן אַלע באַציִען זיך דאָ מיט אזויפיל אָפּשײַ. ער האָט זיך אומגעקוקט. סטעפּ און יאַם. א נאַקעטע וועלט אַרום און שיר ניט א נאַקעטע רוטע האַרט לעבן אים. „איז?..‟ אָבער גענוג געווען, עס זאָל א בלאַנק טאָן א געדאַנק וועגן אופגערודערטן דאָרף, ווי ער באַשליסט באַ זיך פעסט: „ניין!‟..

9

עס קוקן נאָך פונעם יאַמישן אויבערפלאַך ניט אַרויס קיין שפּילנדיקע גלאַנציקײַטן פון מאַכנעס פיש, אָבער דאָ האָבן שוין אייניקע פון די פּעסטע דאָרף־באַלעבאַטים ניט בלויז אראָפּגעלאָזט אויסווייקן זייערע שיפּלעך, נאָר אפילע די נעצן פון די בוידעמער אראָפּגענומען און געזוכט אין

זייער געפּלאָכטנקייט, טאָמער איז פאַראַן ווו אַן אופגעדריבלט קעסטעלע. זיי, די דאָזיקע פעסטע באַלעבאַטים, זײַנען שוין גרייט אָנצוהייבן דעם פיש־פאַנג. א טראַקטאָר פון דער מאַשינען־געזעלשאַפט האָט טיף צעאַקערט זייערע פעלדער, און פאַרבליבן איז זיי נאָר — וואַרטן אף א גוטן רעגן. אָבער בא אַרנאָלדן, פּונקט ווי בא דער גאַנצער אָרעמשאַפט, איז שוין דערגאַנגען צו אַזאַ מאַדרייגע, אַז כאָטש נעם מיט די הוילע הענט אַקערן און זייען. פאַרנאַכט קומט צו צו אַרנאָלדס אָפענעם פענצטער אַנאַטאָלי באַשליקאָוו און, דערמאָנענדיק, אַז אויב עפּעס־וואָס טייקעף ניט פאַרנע־מען, קאָן ווערן צו שפּעט, בעט ער אים לײַען דאָס פערדל אף צופאָרן אין ראַיצענטער.

— נעם, — פאַרטראַכט זיך אף קיין רעגע ניט אַרנאָלד.

— און דו? — האַקט פּאַולינע איבער זײַן אַנטשיידנקייט. — און וואָס וועט זײַן מיט דײַן שטיקל ערד?

— גוט וועט זײַן, גוט. מע דאַרף נאָר די מאַשינען־געזעלשאַפט א קער טאָן מיטן פּאָנעם צו דער אָרעמשאַפט!

— אַלץ „מע דאַרף"... וואָס האָט די שטוב פון אַלע דײַנע „דאַרפעניש"?

— אויב איך האָב דיך אַנטוישט, — ענטפערט ער אײַנגעהאַלטן, אָבער ערנסט, — קאָן איך אַוועקגיין.

— גיי, בעסער גיי!.. אַניט קאָן דאָ מיט דיר זײַן דאָס זעלבע, וואָס מיט דײַן טאַטן.

פּאַולינעס ווערטער האָבן ווי מיט זודיק וואַסער אָפּגעבריט אַרנאָלדס האַרץ. ער איז נאָך א קינד געווען, ווען דער טאַטע איז אומגעקומען. גע־ווּסט וועגן אים בלויז דאָס ווייניקע, וואָס ער אַליין האָט פאַרגעדענקט און וואָס די מאַמע האָט דערציילט. אין שטורעמדיקן טויזנט נײַן הונדערט פינפצן יאָר איז דער גרויסער זאַוואָד, ווו אַרנאָלדס טאַטע האָט פיל יאָרן געפּראַצעוועט, טאָג און נאַכט באַוואַכט געוואָרן דורך א ספּעציעל־צוגע־שיקטן דראַגונען־טייל. אַרנאָלדס טאַטע, וואָס האָט אָנגעפירט מיטן זאַוואָ־דישן שלאַכט־אָטריאַד, האָט ניט געקאָנט מיט דעם שאָלעם מאַכן.

— בעסער אומקומען, — איז געווען זײַן לעבנס־דעוויז, — איידער שטיין מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט!

אין איינער א שפּעט־אָוונטיקער שאָ, ווען די דראַגונען, באַזוכנדיק און באַטאַפּנדיק יעדן אַרבעטער, האָבן אָנגעהויבן אַרויסלאָזן צו צוויי און צו דרײַ מענטשן דורך די שטרענג־באַוואַכטע זאַוואָדישע טויערן, האָט זיך אף דער באַוואָפנטער וואַך א שאָט געטאָן א האָגל פון קוילן.

האַגאַם דער זאַוואָד איז באַלד באַלאַגערט געוואָרן דורך מיליטער־טיילן, איז אַרנאָלדס טאַטן דאָך געלונגען אַרײַנכאַפּן זיך אף א רעגע

אהיים. די קלײנינקע רוטע איז געזעסן אױפן קאַלטן שטוב־דיל און זיך געשפּילט מיט שטיקלעך פון אַן אַלטער צײַטונג, װאָס זי אַלײן האָט אָקאָרשט צעריסן, דער עטװאָס עלטערער אַרנאָלד איז שטאַרק פאַרטאָן געװען אין עפּעס אַן אױפגעמישט ביכל.

— די מאַמע איז נאָך פון דער אַרבעט ניט געקומען? — האָט דער טאַטע גיך און זײער אומרויִק אַ פרעג געטאָן בײַ אַרנאָלדן.

— ניין.

— גוט, — האָט ער אַ זויג געגעבן רוטעס פרישינקע ליפּעלעך און אַ געשמאַקן קוש געטאָן אַרנאָלדן, — זאָג דער מאַמען, אַז אויב איך װעל עפּשער ניט קומען, זאָל זי זײַן רויִק. זײַט געזונט, מײַנע טײַערינקע, זײַט אַלע געזונט!..

שוין אױף אײביק איז פאַרבליבן אומבאַװוּסט, צי אַלײן דער זשאַנדאַרמעריע איז געלונגען פאַלן אױף זײַנע שפּורן, אָדער עפּשער האָט צװישן די מאַסן אַרעסטירטע און שװער געפּײַניקטע זיך געפונען אויך אײנער אַ פּאַכדן, װאָס האָט אָנגעװיזן דעם קעלער, װוּ אַרנאָלדס טאַטע האָט זיך אויסבאַהאַלטן, נאָר אין עטלעכע טעג אַרום האָט פּאָליצײ און מיליטער אַרומגערינגלט דאָס גרויסע געמויערטע הויז, װוּ די באַהעלטעניש האָט זיך געפונען. מע האָט דעם קעלער באַשאָסן, געפּרוּװט אַרײַנדרינגען דורך דער פאַרבאַריקאַדירטער טיר, נאָר דאָס האָט גאָרניט געגעבן. דאַן זײַנען אַרויסגערופן געװאָרן פײַערלעשער און זײ האָבן פאַרגאָסן, פאַרפלײצט דעם קעלער מיט װאַסער. מע האָט דאָרט געפונען צװײ טויטע, נאָך װאַרעמע קערפּערס. אײנער פון זײ איז געװען אַרנאָלדס טאַטנס קערפּער.

אָט פאַרװאָס אַרנאָלד איז געװען אַזוי טיף דערשיטערט, װען פּאַולינע האָט גאָר אומדערװאַרט דערמאָנט זײַן טאַטן. ער האָט ניט געװוּסט, װי אַף דעם רעאַגירן, װאָס פאַרנעמען, ניט געקאָנט מער װעגן עפּעס טראַכטן. ער איז אַרויס אין גרויסן שלעכט געצאַמטן הויף און, צופאַלנדיק, װי צו עפּעס אַ רעטונג, צו דעם ניט לאַנג געבראַכטן טונכעלע װאַסער, גענומען מיט קויעך װאַשן דאָס פּאָנעם, די ברוסט, דעם האַלדז, די װײכע בלאָנדע האָר זײַנע.

עטװאָס אַ דערפרישטער האָט ער זיך אומגעקוקט און אײַנגעהערט אין אַרום. פונעם יאַם־ברעג האָט זיך דערטראָגן אַן אָפּקלאַנג פון געזאַנג און געלעכטער, אָבער אין דער נאָענט איז געװען שטיל, טונקל. בלויז בײַם אַרטעזיִאַנישן ברונעם האָבן אָקאָרשט אָנגעפּאָיעטע פערד, באַפרײַטע אַף נאַכט פון אַרבעט, זיך צעשפּילט, צעיאָגט, דורכמאַכנדיק דעם גרויסן שטיק װעג פון ברונעם צו דער שטאַל אין עטלעכע מינוט. איז מען צום פאַר־

נאכטיקן פערדישן געלאָף שוין געווינט. פאַרדעכטיק האָט נאָר אויסגעזען, וואָס האקמאַן האָט זיך דאָ פּלוצעם באַוויזן לעם ארנאָלדס שטוב.

ער האָט זיך שטיל צוגעשאַרט צום אָפענעם פענצטער און ווי אַרײַנ־געוואָרפן א פראַגע:

— די אַלטע איז ניטאָ?

— האקמאַן? — דערקענט אים פּאַולינע לויטן קאָל. — ניין, ניטאָ. וואָס איז?

— גאָרנישט. אַזוי... — פאַרלירט האקמאַן קאַרגע ווערטער, ער האָט שוין באַמערקט ארנאָלדן. — איך האָב געמיינט...

ארנאָלד איז געבליבן אַזוי שטיין מיטן האַנטעך אויף דער פּלייצע און דעם קעמעלע אין די לענגלעכע נאָך נאַסע האָר, געוואָלט פאַרשטיין: דאַרף טאַקע האקמאַן די אַלטע אָדער עפּעס ער האָט גאָר אונטערגעהערט דעם שאַרפן געשפּרעך מיט פּאַולינען? דערפילט האָט ארנאָלד אין יענער רעגע, אַז עפּעס קומט דאָ אַרום אים פאָר, עפּעס גראָבט מען זיך דאָ אונטער אים און זײַנע פּלענער... ווער? האקמאַן, פאַלגע, די אַלטע און פּאַולינע? ווער?..

א געדיכטע גראָע טונקלקייט האָט פאַרפולט דעם אַרום און א לויערנ־דיקער ווינט האָט זיך, ווי פאַרטשעפּעט, געדרייט מיטן לײַכטן טרוקענעם שטויב. האַרט צו דער שטוב־טיר איז צוגעשאַרט א שטיין. א סימען, אַז קיינער איז ניטאָ. די אַלטע, כאַפּט זיך ארנאָלד, איז נאָך אַלץ ניטאָ, ניט אין שטוב און ניט אין גאָרטן. אוועק איז אויך, קאָנטיק, פּאַולינע. וואָס קאָן דאָס באַטײַטן? פון אַן אומקלאָרן פאַרדאַכט ווערט אים ערגעץ אין מויעך קאַלט. ער האָט אַזויפיל אַרבעט צו טאָן, אין אַזויפיל ערטער וואָלט ער נייטיק באַדאַרפט אַרײַנקוקן... אָבער וואָס פאַר אַן אָרט איז אין דער רעגע דאָס סאַמע וויכטיקע? האַסטיק לאָזט ער זיך גיין צום רויטן ווינקל און מוז זיך באַלד אָפּשטעלן.

— פאַרמאַכט, — טראָגט אים ווערע ראַפּאַפּילאָוונע אַנטקעגן.

— גאָר פאַרמאַכט? — איז ארנאָלד פאַרוווּנדערט.

— פינצטער. קיינער ניטאָ. ווו קאָנען דאָס אַלע זײַן?

— אויב דו ווייסט ניט, פונוואַנען זאָל איך וויסן?

— קאָנטיק, ניט אַלץ טרויט מען אונדז.

— מיסטאָמע...

— און פאַלגע ווו איז?

— אוועק אויף א פאַרזאַמלונג.

ארנאָלד האָט געקוקט אויפן יונגן שוואַרצכיינעוודיקן ווײַבל, וואָס יע־

דער אייווער אירער, האָט אים געדוכט, האָט זײַן אייגן גאָר באַזונדער לאָשן, און געטראַכט וועגן איר און פאַלגען. אָט דער פאַלגע איז, ניט געקוקט אַף זײַן אָפּט שווײַגן, עפּשער דער שאַרפּסטער קעגנער פון אַלץ, וואָס אים, אַרנאָלדן, זעט אויס פאַר נייטיק און גערעכטיק דאָ פאַרצונעמען.

און ווערע ראַפאַילאָווגען, ווי זי וואָלט ערשט איצט באַמערקט אַר־נאָלדס מאָגערקייט, זײַן פּאָשעט אָנטאָן, האָט זיך געוואָלט אים זאָגן עפּעס גוטס, באַרויִקן אים. פאַרזיכטיק, ווי עפּעס לעבעדיקס, האָט זי אָנגערירט אַ קנעפּל אַף זײַן אָפּגעשפּיליעט אויבערהעמדל און ווייך געזאָגט:

— דו נעם זיך ניט צום האַרצן, הײַנט, מיסטאָמע, וועט אונדז שוין גאָרניט געלינגען אופּטאָן... קאָנטיק, אַף יענער פאַרזאַמלונג איז ניט אײַן פאַלגע.

— זיכער,— שטימט ער אײַן,— נו, מיילע, גיי אַהיים. איך גיי אויך.

נאָר איידער ער איז נאָענט צוגעגאַנגען צו זײַן שטוב, האָט ער דערזען, אַז דער שטיין איז נאָך אַלץ האַרט צוגערוקט צו דער פאַרמאַכטער טיר און אינווייניק אין שטוב איז פּוסט און פינצטער. ער האָט דעם אָטעם פאַרהאַלטן. צי זײַנען ניט אוועק די אַלטע און פּאַולינע אַף דער זעלבער פאַרזאַמלונג, וואָס פאַלגע? — איז אים פּלוצעם אײַנגעפאַלן. ווי שווער עס קומט דאָ אָן אַלץ איבערבויען,— האָט ער אַ טראַכט געטאָן,— ניט אַזוי פּאָשעט איז אַריבערפירן אַ געוווינטן, פעסט אײַנגעשטעלטן לעבנשטייגער אַף נײַע רעלסן. אָבער אַף וואָס פאַר אַ פאַרזאַמלונג איז עס אוועק פאַל־גע? וואָס קאָן דאָרט פאַרקומען? — האָט אַלץ געמאַטערט דער געדאַנק. — מע דאַרף, מע מוז דאָס קלאָר מאַכן.

ווי אַ קאַץ, איז ער פלינק געשפּרונגען איבער נידעריקע און אַפילע גאָר הויכע שטיינערנע הויף־פאַרצאַמונגען, געוואָלט דערכאַפּן ערגעץ־ווו כאָטש אַ שפּור פון אָן אויסבאַהאַלטענער פאַרזאַמלונג. האָט אָבער דאָס רוישן און פּאַטשן פון די כוואַליעס פאַרשריִען יעדן ריר, יעדע באַוועגונג.

10

וואָלטן דאָס ניט אַנאַטאָלי באַשליקאָוו און די פון זון פאַרברענטע רויטע זיך דערנעענטערט צו פאַלגעס שטוב, נאָר נײַגעריקע פאַרבײַפאָרער, וואָלט פאַלגע געעײַלט זיי אַנטקעגן, באַרויִקט די הינט און אַפילע פרײַנט־לעך געשמייכלט. אָבער אַזוי שלעפּט ער קוים די פיס, קוקט, ווי ער וואָלט זיי ניט דערקענט.

— ריר זיך, ריר,— אײַלט אים אונטער באַשליקאָוו,— אַניט וועלן די־בע הינט...

נאָר פאַלגע האָט, ווי פריִער, זיך אַלץ געצויגן פּאַמעלעך. ניט דערפאַר,

ווײַל גראָד איצט האָט ער מיט האַנאַ געהאַלטן אין אַראָפּקראַצן דעם האָניק פון די סאָטעס, און ניט ווײַל אין זײַן אָפּענער קיך־טיר האָבן געזשומעט גאָלדפאַרביקע בינען, וועלכע האָבן זיך געריסן א נאַש טאָן פון זייער אייגענער זיסקייט. ניין! אים האָט געוואָרגן א ווידערגעפיל צו אָט דעם פרעמדן באַשליקאָוון, וואָס איז אַזוי גיך בײַגעקומען זײַנע ווונדן און ניט נאָר אָנגעהויבן אופשטעלן זײַנע פאַרלאָרענע קויכעס, נאָר אפילע שוין צו אַרנאָלדס שוועסטער געמומען קלעפּן, צו רוטען. דאָס וואָלט עפּשער פאַלגען ניט אַזוי שטאַרק אָנגעגאַנגען, גייט אים אָבער אָן, וואָס אָט דער פרעמדער באַשליקאָוו האַלט אַזוי אַקטיוו אונטער אַרנאָלדן, וועלכער האָט נאָר איינס אין קאָפּ: רייניקן די מאַשינען־געזעלשאַפט.

באַשליקאָוו ווייסט וועגן פאַלגעס שטימונגען, נאָר ער האָט זיך ניט געקליבן איצט פירן קיין שטרײַטן מיט אים. ער איז אַרײַן בלויז כאַפּן א קוק אף זײַן ווירטשאַפט. קומט ער אָפּ מיט גאָר אַן אומשולדיקן זאָג:

— מיר וואָלטן וועלן פאַרזוכן פון אײַערע געשמאַקע ווײַנטרויבן.

— ביטע, — ענטפערט פאַלגע גאַנץ קאַלט. שוין לאַנג, ווי ער האָט פּײַנט עפּעס צו פאַרקויפן גופע אין סאָד. אים איז מער צום האַרצן אופּלייגן קעסטלעך מיט גוטע פּרוכט און פירן זיי אַפּן ווײַטלעכן שטאָטישן מאַרק, ווו זײַן סכוירע האָט ניט נאָר מער לוינבאַרע קויפער, נאָר אפילע אויך ליבהאָבער געהאַט.

באַמערקט, אַז באַשליקאָוו זוכט עפּעס אין די טיפע הויזן־קעשענעס, מיסטאָמע א מאַטבייע צו באַצאָלן פאַר די טרויבן, זאָגט ער לעפּאָנעם וועגן:

— צו וואָס? מע דאַרף ניט, פאַרזוכט אַזוי!

אָבער דאָס קליינע געלט־שטיק, וואָס באַשליקאָוו דערלאַנגט אים, נעמט ער צו.

אפן וועג צוריק, שלינגענדיק דאָס ביסל פרישע, זאַפטיקע טרויבן, זאָגט אַנאַטאָלי מיט כויזעק:

— אויך א גוטער „פּרוכט“, אָט דער פאַלגע! אַן עמעסער כוטאָריאַן.

— ריכטיק, — איז רוטע צופרידן געוועזן פון זײַן טרעפלעכער באַמערקונג.

## 11

אין איינעם א טאָג איז איבערן דאָרף אוועק א האָפערדיקע נײַס:

— האַקמאַן וויל מער ניט האָבן קיין שײַכעס צום מילכל און מער וועט מען ניט געבן קיין מאַשינעס אף פּראָקאַט, ביז אַלע מיטגלידער פון דער מאַשינען־געזעלשאַפט וועלן זיך ניט האָבן אַרומגעאַרבעט.

די דאָזיקע נײַס האָט אַרױסגערופֿן פֿאַרשײדענע פֿראַגן:

— זאָל דאָס באַטײַטן אַ שריט צו אַ קאָמפּראָמיס צװישן די קעמפֿנדיקע צדדים אָדער מײנט מען דאָרט, אין דער מאַשינען־געזעלשאַפֿט, אַ ביסל פֿאַרשלײערן די קאָמפּראָמעטירטע אָנפֿירער, איבערלאָזנדיק אַלץ װי געװען?

גופֿא אױף האַקמאַנען איז גאָרניט געװען צו דערקענען. מער ניט, די װײַסע לײַװנטענע הױזן זײַנען בײַ אים עטװאָס נידעריקער, װי שטענדיק, אַראָפּגעפֿאַלן איבער די כאַליעװעס און זײַן גלאַנציק פּענעמל מיטן גע־טאַקטן נעזל האָט אױסגעזען װי באַנײַט, מיסטאָמע צוליב דעם, װאָס ער האָט אָפּגעראַזירט די שיטער־סטאַרטשענדיקע האָר, װעלכע האָבן באַזוימט די בלאַנקײַט פֿון זײַן פּליך. אַרנאָלד האָט דערפֿון געדרונגען, אַז האַקמאַנס האָפֿענונגען אױף פּאָלינען האָבן זיך, קאָנטיק, װידעראַמאָל פֿאַרשטאַרקט. איז ער צוגעשטאַנען צו פּאָלינען:

— דו ביסט געװען אױף דער געהײמער פֿאַרזאַמלונג?

װען ניט אַרנאָלדס בײזלעכער טאָן, װאָלט פּאָלינע אים עפּשער פֿאַר־טרױט דעם סאָד, אָבער אַזױ האָט זי זיך װי פֿאַרלאָרן:

— װאָס פֿאַר אַ פֿאַרזאַמלונג?

— בײַ האַקמאַנען. אָדער... דו װײסט בײַ װעמען?

— און אױב איך װײס, איז װאָס פֿאַר אַ פֿאַרברעכן זעסטו אין דעם?

— פֿאַרברעכן? — כּאַזערט ער איבער. — דאָ גײט װעגן אונדזער װײַטער־דיקן װעג!

אין דער פֿינצטערער שטוב האָט זיך דערהערט פּאָלינעס כליפּען.

## 12

נאָך פֿריזער פּלעגט פּאָלגען פּיקן אַ פֿאַרדראָס, װאָס אַרנאָלד איז אומע־טום דער ערשטער, אָבער פֿריזער האָט דאָס אים ניט אױסגעזען צו זײַן אַזאַ גרױסע בײז. כאָטש אַ װײַט־פֿאַרװאָרפֿן דאָרף, אָבער אַ סאָװעטיש, — האָט ער געטראַכט, — דאָרף דאָך עמעצער עפּעס טאָן, און ער, פּאָלגע, װאָס אַן עמעס, איז שטענדיק אַרײַנגעטאָן אין זײַן װירטשאַפֿט. איצט אָבער איז אים שװער געװאָרן צו פֿאַרשטײן, פֿאַרװאָס אַזאַ אָנגעזעענער ראַי־פּאַרטקאָמישער טוער, װי סערגײ לאָבאָװ, איז אָפּט גרײט שיר ניט צו שלינגען אַרנאָלדס פֿאַרשײדענע יעדיעס װעגן דאָרף און אַפֿילע װעגן יעדן אַקטיװיסט דאָ באַזונדער.

אים, דעם שטענדיק פֿאַרנומענעם, שױן לאַנג, קאָנטיק, ניט ראַזירטן פּאָלגען, האָט דאָס אָנגעהױבן אױסזען אַפֿילע לעכערלעך. װאָס האָט ער,

לאָבאָוו, אין ארנאָלדן אזוינס אויסערגעוויינלעכס דערזען? זײַן בײַאָגראַ־פיע? זײַן טאטע? טאקע ריכטיק. אָבער דאָס שטעקט דאָך אינעם ווײַטן נעכטן. פאלגען גלוסט זיך ארופירן לאָבאָוון אף ארנאָלדס גרויסן פוסטן הויף, און זאָל ער, לאָבאָוו, אליין זען די איין־און־איינציקע שטענדיק הונגעריקע אינדיטשקע, וואָס טרעט ניט אָפּ פון דער שטוב־טיר, זאָל ער זען דאָס קליינע טונכל, אין וועלכן ארנאָלד ברענגט וואסער פון ארטע־זיאַנישן ברונעם, און ווי עס גליטשט זיך אף דעם פון אלע טון־זײַטן טראָפּן נאָך טראָפּן וואסער. קאָן אזא באלעבאטישקײַט ווערן צוציִען? אָדער עפשער גייט אים, לאָבאָוון, ניט אָן אזא קלייניקײַט? אָבער ווערען, איר מוז דאָך עס אָנגיין, מוז!

זיי זײַנען געלעגן באם יאם־ברעג, נאָענט איינס צום אנדערן, און א קוק געבנדיק אף איר, האָט פאלגע פּלוצלינג באמערקט, אז אירע שווארצע אויגן זײַנען ברייט אָפן און קוקן ערגעץ אין דער ווײַט. זי האָט געהאט אזא אויסזען, גלײַך ניט מיט אים געפינט זי זיך דאָ.

אויך ווערע האָט איצט געטראכט וועגן ארנאָלדן, וועגן דער אופמערק־זאמקײַט און אפילע דעם צוטרוי, מיט וועלכע סערגיי לאָבאָוו באציט זיך צו אים. און דאָס האָט דערוועקט א ניט ווײַטע דערינערונג, ווען זי, ווערע, איז געווען א פונקציאָנירנדיקער גליד פון א רויטארמייִשן טייל. גראָד אין יענע הונגער־יאָרן האָבן די באקן בא איר פריש געבליט און זי אליין איז געווען פול מיט גלויבן און שטרעבונגען. „און איצט? — פרעגט זי בא זיך. — וואָס טויג מיר די אָנגעשוואָלענע באלעבאטישקײַט, אז זי שנײַדט מיך אָפּ פון יענע פריידיקע יאָרן?”

זי האָט מיט קויעך גענומען זיך אויסוויקלען פון פאלגעס הענט.

— וווהין? — האָט ער געפרווט זי צוריקהאלטן. — עפשער אין דאָרף? מע דארף ניט גיין!

— פארוואָס? אויב דו פילסט, אז דו ביסט גערעכט...

ער האָט זי פעסט גענומען פאר די הענט, זײַן באוואקסן פּאָנעם האָט זיך אָנגעצונדן:

— וואָס איז מיט דיר?

זי האָט זיך א שטארקן ריס געטאָן פון זײַנע הענט און באלד אראָפּגע־לאָזט זיך צום סאמע ברעג יאם.

...פאַריבער א שאָ און צוויי, און ווערע ראפאַילאָוונע איז אלץ נאָך גע־לעגן אף די זויבער־גלאטע יאם־שטיינדלעך, דער קאָפּ שווארצע האָר פארשטײַפט אין א ווײַס טיכל. דערנאָך האָט זי זיך גיך אופגעהויבן, לאנג געקוקט אף דער ברוינער גלאנציקײַט פון אירע אייוורים. די לעצטע פּאָר יאָר, כאָטש זי האָט טאָג־אײַן, טאָג־אויס געשמאק געהאָרעוועט, האָט זי

אויך נישט געזשאלעוועט ניט קיין זון און ניט קיין געזאלצענע יאם־וואַ־סער פאַר איר יונג לײַב. אָבער צי דען איז דאָס אַלץ — יענץ געגאַרטע, פאַר וואָס זי און אירע כאַוויירים האָבן געקעמפט?

## 13

געווען איז אַ זוניק־ליכטיקער טאָג. אָבער די שטענדיקע אופגעלייגט־קײַט, וואָס אַרנאָלד פילט געוויינלעך באַם זעצן זיך אין אַ שיפל, איז דאָס מאָל אויף אים ניט קאָנטיק געווען. אויך באַ פאַלגען איז די שטימונג געווען ניט קיין געהויבענע, האַגאַם געקומען איז ער אַן אויסגעפוצטער, אין אַ זויבערן ווײַסן קראַגן און מיט אַ שניפּס. אים האָט געוווּנדערט אַרנאָלדס אײַנפאַל:

— צו וואָס אויף אַ שיף, אַז מע האָט געקאָנט מאַכן די זיצונג אין רויטן ווינקל אָדער באַ עמעצן אין שטוב?

— הײַנט זײַנען באַ אונדז אַזעלכע פראַגן, וואָס מיר וועלן קאָנען בע־סער באַקלערן אויפן יאַם. מיר וועלן שפּאַצירן און אַרבעטן, שלעכט אַוואַ־דע? — ווײַל אַרנאָלד אַרײַנטראָגן אין אופגעלעבטקײַט.

בלעזלט דער ווינט דעם ווײַסן לײַוונטענעם זעגל, און די לײַכטע וועלן שפּילן מיט דער שיף, וויגן זי אַרויף און אַראָפּ. אַלע שווײַגן, כאָטש יע־דערער, זעט מען, איז אָנגעלאָדן מיט גרייטקײַט ביז לעצט זיך אַרויסזאָגן.

— כאַוויירים, — גיט זיך אַרנאָלד אַזאַ האַסטיקן הייב פון אָרט, אַז די שיף נעמט זיך סאַקאָנעסדיק וויגן, — מיר האָבן ניט איין מאָל שוין גע־רעדט, אַז די מאַשינען־געזעלשאַפט דאַרף מען אַ גוטן ריינעק טאָן. פאַר־וואָס, כאַוויירים? ווײַל די לעצטע צײַט איז זי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שטיץ־פּונקט פאַר אייניקע, וואָס ווילן מיט קוועך אײַנשטעלן אַזעלכע פּאַראָנדקעס, וואָס טויגן נאָר פאַר זיי. עס דערגייט שוין אַזוי ווײַט, אַז מע מאַכט אַפילו אויסבאַהאַלטענע פאַרזאַמלונגען.

— דאָס איז ניט עמעס! — שרײַט אויס פאַלגע.

אַרנאָלדס פּאָנעם ווערט פאַרלאָפן מיט פאַרב.

— דו ביסט געווען, — פרעגט ער פאַלגען, — אויף דער פאַרזאַמלונג?

— נו, געווען.

— איז וואָס זעט דיר אויס צו זײַן ניט עמעס?

— אַז די פאַרזאַמלונג איז געווען אַ געהיימע!

— אויסער אַ קליין גרופּקעלע, האָט עמעצער געוווּסט פון דער פאַר־זאַמלונג? אין דאַרפּראַט איז געווען געמאָלדן וועגן איר? יאָ אָדער ניין?

— איך פאַרשטיי ניט, אין וואָס, אייגנטלעך, גייט דיר?
— אין אַלץ, אין אַלץ!
— אָן ערעך?
— מיר בויען אַ סאָציאַליסטיש לעבן, דאַרף איעדער צוגעלייגטער ציגל צום ביניען אַנטשפּרעכן דעם דאָזיקן ציל. אויב ניט, איז צו אַלדי רוכעס אַזעלכע ציגל!

אַ ווײַלע האָט קיינער קיין וואָרט ניט אויסגערעדט, ווי אַלע וואָלטן דאָס לאָשן פאַרלאָרן. בלויז דער יאַם האָט זיך אַלץ מער פאַנאַנדערגעוויגט און דאָס וואַסער אונטער דער שיף האָט געפּאַטשט, געשוועגקט די גוט פאַרפּעכטע הילצערנע דעק. די זון און דאָס אָנגעלאָפענע הייסע ווינטל האָבן אָנגעגליט די שיף, די פּענעמער און אַפּילע, דוכט זיך, די מויכעס.

און האַגאַם קיינע באַשלוסן האָט מען דאָ ניט אָנגענומען און אַלץ האָט געקאָנט נאָך זײַן אַזוי און אַנדערש, דאָך האָט פּאַלגע פאַרשטאַנען, אַז זײַן שפּיל איז פאַרשפּילט און שולדיק דערין איז אַרנאָלד.

אַרנאָלד האָט ניט געוווּסט, וועגן וואָס האָט אין יענער רעגע געטראַכט פּאַלגע. געפילט אָבער האָט ער, אַז מיט פּרײַנטלעכקײַט האָט דאָס זיכער ניט צו טאָן.

— נו, כאַווער כוטאָריאַן, — זאָגט ער פּאַלגען, שאַרף אונטערשטרײַכנדיק דאָס וואָרט „כוטאָריאַן“, — אונדזערע וועגן, זע איך, זײַנען זייער פאַרשיידענע.

קיינער האָט מיט קיין איינציק וואָרט ניט געהאַט דערמאָנט דאָ וועגן ראַפּאַילאָוונען, אָבער אין פּאַלגעס אָנגעגליטע געדאַנקען האָט זיך אַלץ געבונדן מיט איר: „ווערע, — טראַכט ער מיט פאַרביטערונג, — איז שוין, קאָנטיק, מער ניט מײַנע“.

## 14

ווער אַף סקירדעס שטרוי, ווער אַף קילבלעכע שטוב־דילן, האָבן פּויערים זיך אויסגערוט די ביינער אין אָט דעם זונטיק, זיך געגרייט צו אַ נײַער וואָך אַרבעט. די יוגנט האָט פאַרלאָזט דאָס דאָרף און פאַרפולט דעם יאַם־ברעג מיט געזאַנג און הילכיקן געלעכטער. און אין רויטן ווינקל, וווּ עס איז באַשטימט געווען די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג, איז קיינער ניט געווען. איז אַרנאָלד געוואָרן אומרויִק. „עפּשער, — פּאַלט אים איַין, — איז עמעצן געלונגען אָפּרײַסן פון אונדז די יוגנט?“ און ער לאָזט זיך גיין אַ קוק טאָן, וואָס טוען זיי דאָרט, די יונגען און מוידן. נאָר אָט קומען זיי אים אָן אַנטקעגן מיט געזאַנג און מיט אופגעלייגטע פאַרשלאָגן:

— לאָמיר אָפּלייגן די פאַרזאַמלונג.
— אַזוי אויך שוין שפּעט.
— טאַנצן!
— גוט? — בעט עמעצער, ער זאָל מאַסקים זײַן.

צוגלײַך מיט אַנדערע האָט אַרנאָלד געהאָלפֿן אַרויסטראָגן פֿונעם רויטן ווינקל די לאַנגע ברעטערדיקע בענק, און באַלד האָט די האַרמאָשקע מיט אירע ערשטע פּרוּוו־טענער אָנגעזאָגט, מע זאָל זיך גרייט מאַכן צום טאַנץ. דער זאַל איז פֿול געוואָרן מיט מענטשן און באַוועגונג. דער איינציקער נאַפט־לאָמפּ איז ניט גענוג געווען אַף צו באַלײַכטן די מענטשן־געדיכטקײַט. און רונד אַרום האָבן זיך שוין געטראָגן פּאָרלעך, ווי צוגעקלעפּט איינס צום אַנדערן. עפּשער געשווינדער פֿון אַלעמען האָבן געטאַנצט אַרנאָלד מיט ווערען.

— וואַרף אַוועק דײַן פּאַלגען מיט אַלע זײַנע אופטועז! — האָט ער, טאַנצנדיק, איר אײַנגערוימט דאָס, וואָס אים האָט אויסגעזען פּאַר נײַטיק און אומפֿאַרמײַדלעך.

— לאָמיר, — בעט זי אים, — וועגן דעם ניט ריידן.
אָבער ער איז געוואָרן נאָך מער אָנגרײַפֿעריש:

— דו קוקסט אַף דײַן שטוב און מער אַף קיינעם און גאָרניט. ס'איז קימאַט אַן אידיליע: אַן אייגענער װײַנגאָרטן, אייגענע בינען, היגער, גענדז, פֿערד, צוויי בעהיימעס און ברייט צעוואַקסענע פּרוכט־ביימער, און אַלץ אַרומגעצוימט און אָפּגעהיט פֿון צוויי אייגענע הינט. און דאָס אַלץ האָט עמעצער אָנגערופֿן „קולטורעלע ווירטשאַפֿט”. אָבער וואָס איז אין דעם דאָ פֿון סאָציאַליזם? גאָרניט מיט גאָרניט! ניט מער, אַ רײַכער כוטאָר! צוליב דעם האָט געלוינט מאַכן אַ רעוואָלוציע, אויסמעסטן אַזויפֿיל פֿראָנטן?.. וואַרף אים אַוועק!..

אַ שטילע, אַ שטײַפֿע און ערנסטע, האָט ווערע זיך געטראָגן מיט אים אין טאַנץ און עטוואָס אויסבאַהאַלטן דאָס פּאָנעם. אָט דער אַרנאָלד מיט די צעשליאָנדערטע סאַנדאַליעס אַף די פֿיס פֿאַרבינדט זי איצט עפּשער אַף אייביק. איז איר שווער געוואָרן ניט לאָזן אים זיך אויסריידן.

— האַקמאַנס מאַשינען־געזעלשאַפֿט וועלן מיר צעטרײַבן און אָנשטאָט איר אויפֿבויען אַן עמעסע קאָאָפּערירטע ווירטשאַפֿט. און האַקמאַנען, — ווערט ער נאָך פֿעסטער אין זײַנע פּלענער, — לאָמיר מיט לאַנגע שטעקענער פֿאַריאָגן צו אַלדי רוכעס!

— און דער ראַיקאָם וואָס וועט זאָגן דערויף?
— דער ראַיקאָם קאָן דען אַנדערש זאָגן?

## 15

שוין עטלעכע טעג, ווי איבערן דאָרף האָט געגומען ארומבלאָנדזשען א סאָד׳, אז ארנאָלדן איז געלונגען דורכצופירן זײַן פאָרשלאָג וועגן ארויסשיקן האקמאנען סײַ פאר אויסבאהאלטענעם האנדל מיט טוווע, סײַ פאר אָפּשטעלן די ארבעט אין מיל. איז האקמאן אוועק זוכן שטיצע בא יענעם אלטיטשקן, צו וועמען עס האָט א סאך יאָרן געהערט דאָס קליינע דאָרפישע מילכל, וואָס ער, האקמאן, האָט אמאָל געהאט אָפּגעקויפט. פארקויפט די מיל, האָט דער דאָזיקער אלטיטשקער מיט די אייגענע הענט פארפלאנצט א גרויסן פרעכטיקן ווײַנגאָרטן, וועלכן ער היט איצט אָפּ ווי דאָס אויג אין קאָפּ. דאָ עסט ער, דאָ שלאָפט ער אין די זומערדיקע כאדאָשים, דאָ פיטערט ער זײַן ציג, און דאָ גייט אים נאָך זײַן געטרײַ הינטל.

אין יענע באטאָגיקע שאָען, ווען די גרויסע היץ האָט אָט־אָט געקאָנט זיך צעפלאקערן אין א דורכויסיק פײַער, פלעגט ער, דער אלטער, זיך דערלויבן ארײַנגיין אין זײַן נידעריק שטרויען בײַדל און ווידער און אָבער ארײַנקוקן אין די פּאָר אלטע ספאָרים, ווו עס ווערט דערציילט וועגן ניסים וועניפלאָעס. אין אָט דעם גאָר באזונדערן אינדזל פונעם דאָרפישן לעבן איז האקמאן ארײַן איצט א צעהיצטער פון דער איבערראשנדיקער נײַס. ווי נאָר ער האָט זיך ארײַנגעכאפּט אין ווײַנגאָרטן, האָט דאָס קליינע הינטל טייקעף צו וויסן געגעבן, אז דער באלעבאָס איז דאָ.

— וואָס מאכט מען, אלטיטשקער?

— מע לעבט, — לאכט דער אלטער צופרידן, — מע האָרעוועט.

— דאָס איז גוט. אָבער מיט דער מיל, מוז איך אײַך זאָגן, איז דאָסיק. אָט דרייט זי זיך און אָט, כאָטש ברעןְ און בראָט, פאראקשנט זי זיך. מיסטאמע האָט זי פריִער אויך געטויגט אף קאפּאָרעס!

— ניין, — פארטראכט זיך אף א רעגעלע דער אלטיטשקער, — א גוט מילכל געווען. מיסטאמע, וועט זיך געפינען, ווער ס׳זאָל עס דרייען...

דערווײַל ווערט שוין שפּעטלעך. פארהאלטן זיך דאָ לענגער האָט האקמאנען אויסגעזען פונקט אזוי זינלאָז, ווי גופע דאָס אויסרעכענען, דער אלטער זאָל אים בא א נויט אונטערהאלטן. גייט ער אן אומרויִקער אוועק. כוץ ווי אף פאלגען, קאָן ער מער אף קיינעם ניט האָפן.

פארטאָג לאָזט ער זיך אוועק צו דער באלקע. ער טרעפט פאלגען ארומטאָפּטשען בא זײַנע צוויי פערד. אָנהייבן גלײַך פון דעם איניען, וואָס מאטערט אים, קלעקט האקמאנען קיין מוט ניט. פאלגע איז אויך ניט געשטימט דערצו. גלעטן זיי זיך ביידע פּאָשעט מיט ווערטער.

— קיין ווײַסע טרויבן, — פֿאַרענטפֿערט פֿאַלגע זײַן פֿרי אופּשטיין, — איז נאָך אפֿן מאַרק ניט צו זען, האָב איך א ביסל פֿון מײַנע אראָפּגענומען און וויל פֿירן אין שטאָט. ווי מיינט איר?

— יאָ, — שטימט האַקמאַן גערן אײַן.

דעם זעלבן טאָג, נאָר שוין אָנהייב נאַכט, איז האַקמאַן ווידער געקומען צו פֿאַלגען, קעדיי האָבן מיט אים א פֿאַרטרויליכן שמועס, פּאָשעט בא אים מאָנען: „דו, פֿאַלגע, אזא און אזא, טאָרסט ניט דערלאָזן צו קיין אומרעכט! איך, האַקמאַן, בין דאָ דער איינציקער, וואָס האָט קימאַט מיטעלע בילדונג. איך בין געווען אן אָנגעשטעלטער בא א רײַכן גוטבאַזיצער, האָב באַקומען א באַגריף אין אַלע מאַשינען, וואָס זײַנען באַנוצט געוואָרן אין גרויסן גוט. דערפֿאַר טאַקע האָב איך געקויפֿט א מילכל, און ניט עפּעס אנדערש. איך, קאָן מען זאָגן, האָב געשאַפֿן די מאַשינען־געזעלשאַפֿט, און איצט, ווען אַלץ איז געשטעלט געוואָרן פֿעסט אף די פֿיס, רעדט מען וועגן דעם, מע זאָל מיך, האַקמאַנען, אַרויסשיקן? דאָס קאָן נאָר אזא, ווי אַרנאָלד”. פֿאַלגע אָבער איז שטאַרק פֿאַרנומען געווען מיט שמירן די רעדער פֿון וואָגן און מיט אײַנמאָשטשען א קערבל טרויבן, זיי זאָלן, כאָלילע, אין וועג ניט קאַליע ווערן, האָט האַקמאַן אָנשטאָט דער גרויסער רעדע דערלויבט זיך בלויז מאַכן א קליינע באַמערקונג:

— עפּשער לוינט ניט צוליב אזא ביסל טרויבן יאָגן די פֿערד.

— איך פֿאָר, — גיט אים פֿאַלגע צו פֿאַרשטיין, — ניט צוליב דעם. עפּשער וועט מיר געלינגען דאָרט א סאָך מאַכן צום קידער־ווידער.

מיט יעדער ווײַלע איז פֿאַלגע געוואָרן אַלץ רירעוודיקער און פֿריילעכער, גלײַך ער איבערצײַגט זיך אַלץ מער, אז אים וועט ווירקלעך געלינגען עפּעס אופּטאָן, און, ווי שטענדיק, ווען ער איז אופּגעלייגט, האָט פֿאַלגע אראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך דעם אַרבעטס־אָנצוג און זיך אויסגעפּוצט אין ווײַסן קראַגן מיטן שניפּס, וועלכע ער האָט גאָר קיינמאָל ניט גענוצט, בייס ער פֿלעגט פֿאָרן צום מאַרק. ביפֿראַט נאָך הײַנט האָט עס אויסגעזען מעשונע, ווײַל געווען איז א שוואַרץ־כוישעכדיקע נאַכט און אָן א לאַמטערן איז גאָרניט מעגלעך געווען עפּעס וואָס צו זען.

פֿון ברעג יאַם האָט זיך דערטראָגן א קלאַנג פֿון א געלאַסענעם וואַסער־פּליעסק, וואָס האָט באַרוּקט די געמיטער. בא האַקמאַנען האָט זיך דערוועקט א שאַרפֿער כיישעק מיטפֿאָרן.

בא פֿאַלגען אין שטוב איז געווען נאָך פֿינצטערער, ווי אין דרויסן. „אין צווייטן צימער איז, מיסטאַמע, וועראַ ראַפֿאַילאָוונע, שלאָפֿט זי? — איז האַקמאַנען אָנגעגאַנגען. — ניין, — באַשליסט ער טייקעף, — זי איז זיכער וואַך!” אים האָט זיך פֿאָרגעשטעלט, ווי ביידע, וועראַ ראַפֿאַילאָוונע און

ארנאָלד, הענגען זיך אים אָן אפּן האלדז און ציִען אים מיטן גאנצן קויעך צו דער ערד.

אז אלץ איז שוין פארטיק געווען צום פאָרן, האָט האקמאַן א וויַיז געטאָן מיט די אויגן אף דער וואנט, ווו עס איז געהאנגען דער נאגאַן:

— די ציַיט הייבט אָן ווערן ניט רויִק, עפשער דאָס נעמען אין וועג?

— מע קאָן, — דערווידערט ניט פאלגע.

זיי האָבן זיך געצויגן איבער די הויכע בערגיקע און שטיינערנע וועגן, וואָס האָבן געפירט צום ראַיצענטער. די פינצטערניש איז א ביסל שיטערער געוואָרן. פון ערגעץ האָט זיך צו זיי דערטראָגן א ליאזג פון אונטערגעקאָוועטע אקסן און רעדער — א באוויַיז, אז ניט נאָר זיי, נאָר אויך אנדערע פאָרן און פאָרן צום מארק.

אין גרויסן הויף פון אייַנפאָר־הויז איז געדיכט געווען פון מענטשן, פערד און וועגנער. אלע וויַילע איז דאָרט ווי אויסגעוואקסן אָן אנדער טאָטער מיט בלאנקע מעשענע קיילים, באפּוצטע מיט א סאך פרענדז אָדער קליינינקע גלעקעלעך, און יעדן פאָרגעלייגט א קילן געטראנק. וויַיט פארוקט אין א ווינקל איז געשטאנען פאלגעס גוט צוגעדעקטער וואָגן, די צוויי גרויסע פערד לעם אים, מיט טאָרבעס, אָנגעהאנגענע אף די קעפּ, האָבן לאנג שוין געענדיקט קיַיען דעם האָבער. גראָד בא דעם דאָזיקן וואָגן פלעגן זיך אופקליַיבן אופקויפער, קניַיפּן אינעם צודעק און פרעגן איינער באם אנדערן:

— ניטאָ דאָ קיין באלעבאָס?

— אוועק, מיסטאמע, מאכן א קויסע!

נאָר די, וואָס זיַינען געקומען מיטן וואָגן, זיַינען קיין גרויסע אויסטרינקער ניט געווען. האקמאַן איז געזעסן אפן שטיינערנעם טרעפּל פון ראַיקאָם און מיט אומגעדולד געוואַרט, ביז פאלגע וועט ארויסקומען. געהאַפט: „עס קאָן דאָך ניט זיַין, אז פאלגע זאָל זיך צו גאָרניט דערשלאָגן? סיַידן דאָס גייט אים ביכלאל אָן ווי דער פאראיאָריקער שניי?" אָבער טייקעף איז אים געקומען אפן זינען א צווייטער געדאנק: „פאלגע פארשטייט דען ניט, אז אויב פון מיר וועט דאָ גאָרניט ווערן, וועט ער אויך, בימכילע, בליַיבן באם נאקעטן הינטן?" אין דער רעגע, ווען אים נעמט דוכטן, אז ער האָט עפשער ארויסגערעדט א וואָרט אפן קאָל, גיט ער זיך א הייב אוף און קוקט אריַין אין לאנגן קאָרידאָר. ער דערזעט דאָרט א רעכט ביסל פארנומענע מענטשן און גייט צוריק צום שטיינערנעם טרעפּל.

אין איינעם פון די צימערן, וואָס ציִען זיך פון ביידע זײַטן לענגויס דעם קאָרידאָר, פּרוּוון זיך צוויי מענטשן איינער דעם אַנדערן פאַרשטיין:

— פונדעסטוועגן, — פרעגט סערגיי לאָבאָוו, גלעטנדיק אַלע ווײַלע דאָס טונקעלע פּאָנעם, גלײַך ווי די הויט וואָלט זיך אים גענומען קנייטשן, — פונדעסטוועגן, פאַרשטיי איך ניט, וואָס קאָנקרעט טוט בא אײַך אַרנאָלד שלעכטס?

— אַלץ! — ענטפערט פּאַלגע ענערגיש.

— צום בײַשפּיל?

— ער רויִנירט דאָס דאָרף!

— מיט וואָס?

— אויב ער האָט דאָס געלט פון זעלבסטבאַשטײַערונג אַרײַנגעבראַכט אין עפּעס אַן אופּטו מיט אַ קולטור־הויז, איז דאָס בא אײַך גאָרניט? אויב בא אים איז שוין אַלץ צוגעגרייט אַף צעטרײַבן די מאַשינען־געזעלשאַפט, איז דאָס אויך גאָרניט? און דאָס מילכל? אָן דעם, באַקלערט נאָר אַליין, וואָס פאַר אַ לעבן קאָן בא אונדז ווערן?

לאָבאָוו האָט פּלוצעם זיך אופגעהויבן פון אָרט, אוועקגעטראָגן זיך אײַ־בערן לאַנגן שמאָלן קאָרידאָר, איבערלאָזנדיק די טיר פון זײַן צימער ברייט צעעפנט, געטראָפן דאָרט איינעם, וועמען ער האָט, קאָנטיק, געזוכט, און געכאַפּט מיט יענעם אַ קורצן שמועס. באַלד איז ער צוריק געקומען מיט נאָך פעסטערע שטיוול־טריט און פאַרגעבן פּאַלגען אַ גאָר אומדערוואַרטע פראַגע:

— דער כאַווער באַשליקאָוו געפינט זיך נאָך בא אײַך אין דאָרף?

— יאָ.

— נו?..

— באַשליקאָוו האָט זיך אָפּגעבריט אַף הייסן — בלאָזט ער איצט אַף קאַלטן...

— ווי פאַרשטייט מען דאָס?

— ער איז אין אַלץ אײַנשטימיק מיט אַרנאָלדן.

— גוט, — איז סערגיי לאָבאָוו צוריקגעהאַלטן, — מיר וועלן קלאָר מאַכן...

אַז פּאַלגע איז אַרויס פון ראַיקאָם, איז האַקמאַן אַלץ נאָך געזעסן אַפן קילן שטיינערנעם טרעפּל. עס איז געווען נאָך האַלבן טאָג, די גאַסן זײַנען נאָך מער באַלעבט געוואָרן. אָפּגעליידיקטע פורן זײַנען דורך פאַרשיידענע גאַסן און געסלעך צוריקגעפאָרן אין דאָרף, נאָר פּאַלגע האָט ניט געאײַלט. ער איז געגאַנגען פאַרטראַכט, זײַן נידעריקע פיגור האָט געהאַט אַזאַ אויס־זען, ווי עמעצער וואָלט אים געהאַלטן אָנגעצויגן אַף אַ גלײַכן פעסטן

שטעקן. אין דרויסן איז אים פלוצלינג אײַנגעפאלן, אז, מיסטאמע, האָט ארנאָלד נאָך פריִער עפעס־וואָס אָנגעפלאָנטערט דעם דאָזיקן סערגיי לאָ־באָוון.

— אָבער זאָג שוין א וואָרט, — האָט האקמאן נײַגעריק און בייז גע־פרעגט, — איך דארף דאָך עס וויסן!

— עס וועט זײַן גוט... — איז פאלגע אָפּגעקומען מיט אייניציקע ווער־טער.

## 16

גאָר אומדערווארט האָט דער יאָם מיט א ניט געווײנלעכער רעציכע גענומען שלײַדערן זײַנע כוואליעס און פארשווענקט דעם גאנצן ברעג. דאן איז גרויליק געוואָרן ארײַנשטעלן א פוס אין יאם.

מאכנעס מעוועס מיט צעשפרייטע ווײַס־גלאנציקע, ווי זילבערנע, פליגלען האָבן זיך געטראָגן הארט איבערן סאמע וואסערפלאך און גע־שריִען אזוי, גלײַך זיי וואָלטן ערגעץ־ווו אָנגעגליטע לופט ארײַנגעכאפּט און קענען ניט אָדער ווילן עפשער ניט פון דעם זיך באפרײַען.

אויך דאָס דאָרף איז געווען אופגערודערט. פון שטוב צו שטוב האָט זיך גענומען ציִען א יעדיִע, אז אהער איז אראָפּגעקומען א קאָמיסיע פון ראיויספירקאָם, קעדיי גופע אפן אָרט דאָ אויספאָרשן זייער א וויכטיקן איניען. האָט זיך האקמאן געקאָכט שיר ניט ווי דער יאם:

— ווער קאָן מיך צווינגען, — האָט ער אפן קאָל געטײַנעט, — אז מײַן מילכל זאָל דאפקע ארבעטן?

אָבער קיינער האָט קיין לוסט ניט געהאט אים אויסצוהערן.

צום אווטאָמאָביל, מיט וועלכן די קאָמיסיע איז געקומען, זײַנען זיך צונויפגעלאָפן אזויפיל קינדער, וויפל, מיסטאמע, עס זײַנען צו יענער צײַט אין דאָרף געווען. און יעדערער פון זיי האָט זיך געסטארעט א טאפּ טאָן מיט דער האנט די פארשטויבטע רעדער אָדער גופע דעם ווונדערלעכן עקיפאזש, וואָס קאָן פאָרן אָן פערד.

און סערגיי לאָבאָוו האָט דערווײַל שוין ברייטלעך צעשפרייט זײַן פול־געפאקטן פּאָרטפעל אפן קליינעם טישל פונעם רויטן ווינקל און איז צו־געטראָטן צו זײַן אופגאבע:

— בירגער האקמאן, — הייבט ער אָן, — די קאָמיסיע בעט אײַך דער־קלערן, פארוואָס האָט איר געפונען פאר נייטיק, ניט זאָגנדיק קיינעם קיין וואָרט, אָפּשטעלן די מיל?

— פארוואָס? — האָבן זיך בא האקמאנען אין מויל די ווערטער גע־פלאָנטערט, — ווײַל, מיסטאמע, איז אזוי נייטיק געווען.

— עפשער איז דער מאָטאָר געווען ניט אין אָרדענונג?

— יאָ. ריכטיק.

— ווי לאַנג איז דער מאָטאָר ניט אין אָרדענונג?

— פון דער צײַט, וואָס די מיל שטייט.

— פון דעם מאָמענט, ווען איר האָט באַשלאָסן דאָ מאַכן א צולאָכעס?

א שמייכל האָט א שפּיל געטאָן איבער אַלעמענס פּנעמער.

ארנאָלד איז געזעסן, און דאָס האַרץ האָט אים שטאַרק געקלאַפּט. פאַר־וואָס? עפשער דערפאַר, וואָס ניט ווײַט פון אים איז געזעסן ווערע ראַ־פּאַ:לאָוונע, אויך אזא שטילע, ווי ער, און עפשער צוליב דעם, וואָס ער האָט זיך דערוווּסט, אז אין איינער א נאַכט זײַנען פאַלגע מיט האַקמאַנען ערגעץ געפאָרן... ניט טראַכטנדיק, צוליב וואָס ער טוט דאָס, הייבט זיך ארנאָלד אוף פון אָרט, זעצט זיך לעבן ווערע ראַפּאַ:לאָווגען. ער דערפילט די וואַרעמקײַט, וואָס שטראַלט פון אירע שוואַרצע אויגן. מיט איר, גע־וויס, וועט אים אויסקומען טיילן סײַ די דורכפאַלן, סײַ די זיגן. דאָס גיט אים צו מוט. א זיכערער אין זיך, בעט ער א וואָרט.

— דער בירגער האַקמאַן איז דאָ אָפּגעקומען מיט עטלעכע ווערטער. אָבער אויך דאָס ביסל, וואָס ער האָט יאָ געזאָגט, האָט אים אַרויסגעגעבן, ווי מע זאָגט, מיטן קאָפּ. ווי קוקט איר, כאַווײרים, אַפן פּלוצעמדיקן אָפּ־שטעלן די מיל? מיט דעם האָט אונדז האַקמאַן ווי א שטרײַק דערקלערט. און איצט, כאַווײרים, שלעפּן זיך פּויערים וויאָרסטן־ווײַט, ביז זיי מאָלן עפּעס אָפּ! אַדעראַבע, זאָלן אַנדערע זאָגן, אויב דאָס איז ניט אזוי...

— ריכטיק! — האָט מען פון אַלע זײַטן אײַנגעשטימט.

די אַרבעט פון דער קאָמיסיע האָט זיך געצויגן לאַנג. סערגיי לאָבאָוו טוט אַלץ אויסגערעכנט, באַזאַכט. צולעצט האָט ער דערקלערט:

— די קאָמיסיע, כאַווײרים, איז געקומען צום אויספיר, אז די מיל וועט, מיסטאָמע, אויסקומען קאָנפיסקירן און איבערגעבן דעם דאָרפראַט. קיינער איז ניט קעגן אזא באַשלוס? קיינער. איז לאָמיר אָף דעם ענדיקן!

ווען דער אוילעם האָט פאַרלאָזט דעם רויטן ווינקל, איז די סטאַדע פון לאַנג שוין געווען געקומען פון פעלד. אין פאַרלאָזענע הײַזער איז געווען אַן איבערקערעניש: קעץ, הינט, הינער האָבן ווער דורך א פענצטער, ווער דורך א טיר זיך אַרײַנגעריסן אין די הײַזער, גענישטערט און געפרעסן אַלץ, וואָס געפונען. נאָר דאָס האָט ווייניק וועמען געקימערט. דער אוילעם איז געווען אופגעלייגט. מע איז געשטאַנען אין דרויסן, גערעדט און פאַ־ריינוועגס מיט האַנאָע געקוקט, ווי אַפן סאַמע שפּיץ פון ארנאָלדס שטוב־דאַך האָט זיך פאַרקליבן זײַן אינדיטשקע און האָלדערט צום אופגעברויזטן יאַם, גלײַך זי וויל געבן צו וויסן, אז דער קידער־ווידער דויערט.

שפּעט פאַרנאַכט, ווען מע איז שוין געווען אַ קאַפּ אָפּגעקילט פון דעם, וואָס ס׳איז פאָרגעקומען אין רויטן ווינקל, האָט די אַלטע, פּאַולינעס מאַמע, זיך ווידעראַמאָל צערעדט:

— אָבער קיין מיל, וואָס זאָל מאָלן, — וואַרפט זי אין אַרנאָלדן שווערע ווערטער, — וועט פון אַלע דײַנע טועכצן ניט ווערן!

— אַזוי, קאָנטיק, ווילט איר, — ענטפערט אַרנאָלד קוים צו הערן, — נאָר אַזוי וועט ניט זײַן!

## 17

וועגענער ברויט האָבן טאָג־אײַן, טאָג־אויס זיך געצויגן אַף פּריוואַטע מערק. און פאַר די פּאַרטיי־קעמערלעך, בעמײַלע אויך פאַר אַנאַטאָלי באַשליקאָוון, וועלכער איז צו יענער צײַט באַשטעטיקט געוואָרן אַלס פאַרוואַלטער פון דאָרפס־קאָאָפּעראַטיוו, זײַנען אויפגעקומען גאָר נײַע אויפגאַבן. די ערשטע און סאַמע וויכטיקסטע איז געווען — ברויט־פאַרגרייטונג, די צווייטע — קריגן זעק פאַר דעם ברויט, און די דריטע — אָרגאַניזירן רויטע ברויט־אָבאָזן. דאַן האָבן אַנאַטאָלי, רוטע, ווערע ראַפּאַילאָוונע, ווי פיל אַנדערע, זיך געטראָגן פון איין דאָרף צום צווייטן, קעדיי מיטיילן וועגן די דאָזיקע אויפגאַבן און, ווו נייטיק איז, אַליין העלפן זיי רעאַליזירן.

אַ נאַכט האָט זיך אָנגערוקט אַ געדיכט־פינצטערע און ווינטיקע. די איינציקע לאַנגע דאָרפישע גאַס איז געווען פּוסט. אַ מידער האָט אַנאַטאָלי זיך אומגעקערט אַהיים פון אַ ווײַטלעך דאָרף. פאַרבײַפאָרנדיק לעם פאַרמאַכטן קאָאָפּעראַטיוו, האָט ער אַף אַ ווײַלע זיך אָפּגעשטעלט און זיך אײַנגעהערט. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז עמעצער פּאָרקעט זיך דאָרט. און ווירקלעך, עס שטייען דאָרט עטלעכע פּויערים און שמועסן.

— אַף צונעמען דאָס ברויט, — דערגייען צו אַנאַטאָלין עמעצנס רייד, — זײַנען אַלע טייקעף דאָ, אָבער קומסטו עפּעס קויפן, איז אומעטום פאַרמאַכט און פאַרהאַקט!

אַנאַטאָלי האָט פאַרשטאַנען, אַז אָט די רייד באַציִען זיך געוויס צום פאַרמאַכטן קאָאָפּעראַטיוו, אָבער באַ אים האָט זיך דאָס איצט נאָך אויסגעמישט מיט האַקמאַנס אָפּשטעלן די מיל, מיט די שוועריקײַטן אין דער מאַשינען־געזעלשאַפט און אַפילע מיט דער פאַרבינדונג, וואָס האָט זיך אײַנגעשטעלט צווישן האַקמאַנען און פּאַלגען, — און דאָס אַלץ האָט דערוועקט אַן אומקלאָרע זאָרג. דערפאַר האַרט לעבן דער שטאַל, ווען ער איז אַראָפּ פון פערד, האָט ער זיך שטאַרק דערפרייט — אַף אים האָט געוואַרט דאָרט רוטע.

— דו ביסט שוין דאָ לאַנג? — פרעגט ער זי, ווי וועגן עפּעס אַן אומ־גלייבלעכער זאַך.

— איך בין אָקאָרשט צוגעגאַנגען, — פילט זיך אומרו אין איר ענט־פער, — צוויי טעג ביסטו ניט געווען...

— יאָ, — שטימט ער ערנסט איַין, — עס איז ניט אַזוי פּאַשעט...

— איך זע דאָס אַף דיר.

האַגאַם אַ מידקייַט האָט ער געפילט נאָך רייַטנדיק, אָבער איצט, לעבן רוטען, האָט אים ניט געשראָקן זייַן צושטאַנד.

## 18

איבער דער גאַנצער לענג פון ברעג יאַם איז געווען גליִענדיק הייס און פּוסט. בלויז אַן איינציקע בעהיימע איז געשטאַנען אַפּן סאַמע ברעג פון אַ הויכן פעלדז און געקילט איר אָנגעהיצטע פעל מיט פרישן יאַם־אָטעם. אָבער וואָס ווייַטער, האָט אין גליִענדיקן טאָג זיך פאַרגאַנוועט אַ בייזע גראָקייַט. פון ערגעץ אָנגעקומענע טשאַטעס פייגל האָבן גענומען קלעפּן צו דער ערד. דאַן האָבן פויערים־פישער, אייַלנדיק בעסער צו־פעסטיקן זייערע שיפלעך צום ברעג, יעדן פאַרבייַגייער געוואָרנט:

— אַ שטורעם וועט זייַן, אַ שטורעם!

און די, וואָס האָבן נישט געהאַט ניט קיין שיפלעך און ניט קיין פיש, האָבן גענומען אַרויסקוקן צום אָנוואַקסנדיקן יאַם־צאָרן, עפשער וועט ער, דער יאַם, אין טומל פון זייַן אופבראַוז עפּעס אַרויסשפּייַען, אַרויסוואַרפן פאַר אָרעמע ברעג־אייַנוווינער?

אין יענע ערעוו־שטורעמדיקע שאָען האָט אויך אין דאָרף פאַרשמעקט מיט אומרו. ניט ווייניק מענטשן האָבן געוווּסט, אַז אַנאַטאָלי באַשליקאָוו איז אַף אַ לאַנגן טאָג אַרויסגערופן געוואָרן אין ראַיפּאַרטקאָם, און ווען ער האָט זיך אומגעקערט, איז גלייַך געווען צו זען, אַז די כאַווערישע נאָענט־קייַט צווישן אים און אַרנאָלדן האָט פּלוצלינג אָנגעהויבן צערונען ווערן. אַף טריט און שריט איז באַשליקאָוון נאָכגעגאַנגען לאָבאָוס וואָרענונג:

— דו זיצסט אין דאָרף... פאַר דייַנע אויגן קומען פאָר אַזעלכע זאַכן... און דו? עס פילט זיך ניט גענוג דאָרט דייַן קאָל...

איז אַנאַטאָלי באַשליקאָוו גרייט פונדאָסנייַ אַלץ אויספאָרשן. אָבער פון וואָס אָנהייבן? ער האָט געבלעטערט די איינציקע פּאַפּקע מיט די פּאַפּיר־לעך וועגן דער זעלבסטבאַשטייַערונג און ניט פאַרשטאַנען אפילו אויך דאָס, וואָס פריִער האָט אים אויסגעזען צו זייַן קלאָר.

— אויב דו האָסט געוווּסט, — פרעגט ער אַרנאָלדן, — אַז דיר וועט ניט

קלעקן קיין געלט פון דער זעלבסטבאשטייערונג, איז וואָס האָסטו אָנגעהויבן בויען א קולטור־הויז? קעדיי אופשטעלן קעגן זיך דאָס דאָרף?
— ווידער קולטור־הויז?
— דו פארשטייסט עפעס צי ניט?
— דו ביסט געקומען, זע איך, רעווידירן באשלוסן, וואָס זיינען נאָך פריִער איינגעשטימט געוואָרן מיטן קעמערל און ראיפּארטקאָם?
ארנאָלדס קאָל האָט געקלונגען דרייסטער, ווי געוויינלעך. אָבער אנאַטאָלי האָט דאָס פארשטאנען ווי א סימען פון פארלאָרנקייט.
— און דאָס דאָרף מען? — פרעגט ער ארנאָלדן, האלטנדיק אין לייענען א נייַ פּאפירל. — דו באקלער נאָר אליין? מיר האָבן איין מאשינען־געזעלשאפט מיט א טעכניקער א ספּעציאַליסט, לייגסטו פאָר די געזעלשאפט פאנאנדערלאָזן און דעם טעכניקער...
ארנאָלדן האָט זיך געוּומען דוכטן, אז אנאטאָלי כויזעקט פון אים, מיסטאמע איז אויך אין די באציִונגען צווישן אים און רוטען פאָרגעקומען אן ענדערונג, ווערן בא אים די אויגן ווי מיט פייכטקייט פארלאָפן און א פארלאנג האָט ער א ריס טאָן בא באשליקאָוון די פּאפּקע, א ריס טאָן איינעם מיט די מאָגערע הענט זיינע. אָבער ער באהערשט זיך. ענטפערט ער אפילע ווי נאָכגיביק:
— ניט איך איינער האָב אלץ באשלאָסן...
א ווײַלע ווערט אזוי שטיל, אז מע הערט, ווי עס שורשען די בלעטלעך פּאפיר.

קימאט א גאנצן טאָג איז ארנאָלד געשטאנען אין זיין שיטער ארומגעצאמטן גאָרטן, געפּאָמפּעט קילע קלאָרע וואסער און געגערט דאָס לעצטע ביסל גרינס, וואָס איז פארבליבן. ער האָט ניט געפילט קיין מידקייט. דאָס מאָל האָט אים אויך ניט געצויגן אין דאָרפּראט. ער האָט געוווסט, אז אנאטאָלי באשליקאָוו גראָבט זיך דאָרט אין אלע געשריבענע באשלוסן, גרייט זיינע אויספירן פארן ראיפּארטקאָם. אויב אזא אופגאבע איז אים געגעבן געוואָרן, איז, אדעראבע, זאָל ער דאָס טאָן.
ארנאָלדן האָט איצט פארדראָסן, וואָס ער האָט ניט דערמאָנט באשליקאָוון וועגן דער שלעכטער גערעטעניש, וועלכע האָט צוגישט געמאכט ניט ווייניק דעסיאטין ווייץ, וואָס זיי, די קאָמוניסטן און מיטפילנדיקע, האָבן געהאט פארזייט, קעדיי דאָס געלט פאר דער טוווע אויסנוצן אף ענדיקן בויען דאָס קולטור־הויז. קאָן זיין, ער האָט עפעס ניט ריכטיק געטאָן, אָבער ער האָט דאָך קיינמאָל ניט געמיינט זיין אייגענע טויווע, נאָר אלעמענס אינטערעסן.

ער האָט זיך אומגעקוקט און דערזען לעבן זיך אנאטאָלי באַשליקאָוון.ביידע האָבן זיך פֿאַרשנדיק אָנגעקוקט. באַשליקאָוו האָט געוואַרט און זיך ניט דערוואַרט אַף קיין פֿראַגע, האָט ער אַליין געמאָלדן:

— איך פֿאָר אין ראַיקאָם.

— גוט.

— עפּשער וועסטו אויך?

— מיט דיר?

— כאָטש, ניין! — האָט באַשליקאָוו זיך צוריקגעכאַפּט. — וואָס קאָנסטו דאָרט צוגעבן? זאָגן?

באַ אַרנאָלדן האָט זיך דאָס מויל ניט געעפֿנט צו דערווידערן.

## 19

אַרנאָלד האָט דערפֿילט, ווי ער ווערט דערוויַיטערט פֿון אַלץ און אַלע־מען. „פֿאַרוואָס? — ווילט זיך אים דערקלייַבן צו דער סיבע פֿון דעם. — עפּשער האָב איך טאַקע אַף אַן עמעס אין עפּעס־וואָס איבערגעזאַלצן?“

און דערוויַיל הייבט האַקמאַן דאָ ווידער אויף דעם קאָפּ, ווערט נאָך פֿרעכער, ווי פֿריִער.

— פּאָלינע איז אין שטוב? — שרייַט האַקמאַן שיר ניט אַרייַן אין אָפֿע־נעם פֿענצטער.

אַפֿילע פּאָלינע האָט ניט דערוואַרט, ער זאָל אַזוי אָפֿן פֿרעגן אַף איר. זי לאָזט איבער די קיך, די פּליטע, דעם גרייטן הויפֿן שטרוי אַף צעלייגן דאָס פֿייַער און לאָזט זיך צו אַרנאָלדן מיט אַ טייַנע:

— דאָס האָט האַקמאַן געפֿרעגט, פֿאַרוואָס האָסטו אים ניט געענט־פֿערט?

— גיי ניט צו אים!

— הער, — זאָגט זי פֿעסט, — דו לייג אָפּ דייַנע אייַנריידענישן אַף אַ בעסערער צייַט!

— מיר איז איצטער אויך ניט שלעכט!

— נו, וואָס קאָן מען צו דיר האָבן, אַז דו פֿאַרשטייסט אַליין ניט דייַן אייגענע לאַגע, דו ביסט נאָר אַ בעריע אַף אָנלעבן סאָנים!

— כאַ־כאַ־כאַ! — שיסט ער אויס מיט אַ געלעכטער אָדער מיט אַ גע־וויין. — וואָס הייסט „אָנלעבן“, אַז מיט אייניקע דאָ זייַנען מיר געבוירע־נע סאָניִם!

— גוט, אָבער איצט, ווען פֿון אַלע דייַנע אופּטועןן איז געוואָרן גאָר־נישט מיט נישט און האָסט ניט צו ווען זיך צוטוליען... וועסט נאָך

ארומלויפן ווי א פארבלאָנדזשעט לאָשעקל מיט א פאריסענעם עק און שרעקן זיך פארן אייגענעם שאָטן. געדענקן!..

— אָבער נאָכגעבן — ניט. לאָז! — האָט ער שוין ניט גערעדט, נאָר געשטורעמט.

מיט זײַן גאנצן קערפער האָט ער א שפאר געטאָן די לײַכט־פאריגלטע שטוב־טיר און איז אוועק.

צווישן ווערע ראפאיִלאָוונען און איר מאן איז, דוכט זיך, גאָרניט אזוינס געשען, דאָך האָט זייער לעבן גענומען טריקענען, ברעקלען זיך און פאנאנדערפאלן. א סאך שארפער, ווי ווען־ניט־איז פריִער, האָט איר גענאָגט דאָס הארץ, וואָס ס׳איז נאָך אלץ ניטאָ בא זיי קיין קינד.

אָבער ווײַט ניט דאָס אליין האָט געענדערט זייערע באציִונגען.

ווערע ראפאיִלאָוונען פלעגט אָפטלעך נעמען דוכטן, אז זי איז אין דער פרעמד בא זיך אין שטוב.

אָט דער קליינוווקסיקער, שווארצינקער פאלגע, וואָס האָט אופגעהערט צו דער צײַט ראזירן זיך, נאָר פּלוצלינג אָנגעהויבן טראָגן א ווײַס קראַ־געלע מיט א שניפּס, האָט דאפקע געוואָלט, אז זי זאָל זיך פּונקט, ווי ער, אָפּגעבן נאָר מיט דער באלעבאטישקײַט.

בא פאלגען אין שטוב האָט ניט אויסגעפעלט קיין עטאזשערקע מיט פארשיידענע ביכער און בראָשורן, דערהויפּט וועגן לאנדווירטשאפט. אין א פרײַער שאָ האָט ער געהאט אן אינטערעס ארײַנקוקן אין יענע ביכער און בראָשורן און זוכן עפּעס אזוינס, וואָס זאָל באשטעטיקן זײַן איבערצײַ־גונג, אז נאָר שאפנדיק מוסטער־ווירטשאפטן, אָט אזעלכע ווי ער, פאלגע, האָט דאָ געשאפן, קאָן מען ברענגען דעם סאָציִאליזם אין דאָרף. ביז דער סאמע לעצטער צײַט האָט ווערע ראפאיִלאָוונע אָדער ניט גענוג פאר־טראכט זיך איבער פאלגעס אזויגערופענע אָנשויונגען, אָדער ניט צוגעגעבן זיי קיין באזונדערן באדײַט. איצט ווייסט זי, אז גערעכט איז געווען ארנאָלד, ווען ער האָט פאלגען גלײַך אין פּאָנעם א וואָרף געטאָן: „כוטאָ־ריאן״.

דורכן אָפענעם פענצטער האָט זי געקוקט, ווי ער פּאָרעט זיך דאָרט באם הינער־שטיבל, איר מאן, פאלגע, און ניט געקאָנט באהערשן דעם צאָרן און ווי־דערגעפיל, וואָס איז אין איר אָנגעוואקסן. ער האָט ווי דערפילט איר ניט פרײַנטלעכן בליק. דוכט זיך, מער צו די זוניק־באלויכטענע שטוב־ווענט, איידער צו איר, שרײַט ער פארביטערט אויס:

— ווײַטער אזוי קאָן דאָס ניט זײַן. אָדער מיט מיר, אָדער מיט אים!..

אירע שווארצע אויגן האָבן ווי טיפער אין קאָפּ זיך אײַנגעגראָבן:

— עפּשער קאָנסטו מיר זאָגן, ווער איז דער „אים"?

— פרעג בא די, וואָס זײַנען מיט דיר געווען אפן אָווגט אין רויטן ווינקל.

— איך ווייס דאָס אָן פרעגן.

— טאָ באשליס!

איר איז גרויליק געוואָרן פון געדאנק, אז דער ריס אין איר לעבן איז געוואָרן אומפארמײַדלעך, אָבער אלץ, וואָס האָט זי דאָ אמאָל צוגעצויגן און געהאלטן, האָט איר אויסגעזען אזוי געבעכדיק און נישטיק, אז קיין אנדער אויסוועג איז ניט געבליבן.

„מע מוז אוועק, אוועק, — זאָגט זי זיך, — די ווענט דאָ מער ניט אָנ־קוקן!.."

...אין סטעפּ איז געווען גראָ און קיל. פון ביידע זײַטן זײַנען ווערע ראפּאזילאָוונען נאָכגעלאָפן די צוויי הויכע לאנגע הינט, און אפילע דאָס קליינע קעצל האָט זיך געפּלאָנטערט ארום די פיס. ווי רײַסט מען זיך אָפּ פון זיי? — באהערשט זי א זאָרג. זי איז פאמעלעך געגאנגען מיטן וועג, וואָס האָט געפירט פון באלקע צום דאָרף. מיטאמאָל האָט זי דער־הערט, ווי עמעצער אײַלט צום ברונעם. באקאנטע טריט.

— ארנאָלד, דו? — פרעגט זי מיט דערוואכטער פרייד. — דיך טאקע האָב איך געוואָלט זען.

— אזוי שפּעט? — איז ער געבליבן שטיין מיט ביידע ליידיקע עמער אין די הענט, קאָנטיק, ניט בלויז פארוווּנדערט, נאָר אפילע ווי איבער־געשראָקן.

— איך דארף אין שטאָט, — ענטפערט זי ניט אף זײַן פראגע און פרעגט אליין: — מיט וועמען פאָרט מען?

— און ווו זײַנען אײַערע פערד?

— זיי זײַנען מער ניט מײַנע.

— ווי? — ווערט ארנאָלד דערשטוינט.

— איך בין אוועק פון פאלגען.

ער האָט געקוקט אף איר, און זײַן הארץ האָט האסטיק געקלאפּט פון פרייד. נאָר געענטפערט האָט ער רויק:

— נענטער צו טאָג וועלן קיין פורן אפן וועג ניט פעלן.

— און מיט דיר ווי האלט עס? — פרעגט זי מיט אויסבאהאלטענעם אומרו.

— דו ווייסט דאָך. ערגעץ־ווו האָט האקמאן, ווײַזט אויס, אונטערגעגערוקט זײַן האנט אין א רויטער הענטשקע...

א גאנצע נאכט זײַנען זיי ביידע געווען אפן קימאט שוין נאקעטן גאָרטן. מיט די ערשטע סימאָנים אף טאָג האָט ווערע זיך געלאָזט צום וועג.

## 20

אין יענעם פרימאָרגן איז אלעמען באוווסט געוואָרן, אז שפּעט אין דער נאכט איז אין דאָרף ווידער געקומען סערגיי לאָבאָוו און אין א פּאָר שאָ ארום וועט אין רויטן ווינקל פּאָרקומען א וויכטיקע פארזאמלונג. ווי פריִער, האָט אויך איצט דאָ קיינער פּינקטלעך ניט געוווסט, וואָס פאר אן אָרט, אייגנטלעך, פארנעמט אין ראיפּארטקאָם סערגיי לאָבאָוו, דאָך האָבן אלע געהאט גרויס אָפּשײַ צו אים. גענומען האָט זיך דאָס, געוויס, דערפון, וואָס געווען איז ער אופמערקזאם צו מענטשן, געדולדיק יעדן אויסגעהערט און ניט געאײַלט מיט קיין אויספירן. אויך זײַן באשיידענע האלטונג האָט צוגעצויגן אלעמען. פויערים האָבן באצײַטנס גענומען זיך ציִען צום אָרט פון דער פארזאמלונג. בא די טרעפּלעך פון רויטן ווינקל געבליבן א רעגע שטיין, פון פארלוירנקײַט טכילעס אראָפּגענומען די היטלען, באמערקט אָבער, אז קיינער לייגט ניט דערוף קיין אכט, ווידער באדעקט די לאנג ניט געשאָרענע קעפּ און איינער דעם אנדערן געפרעגט:

— ס׳וועט אמאָל א סאָף נעמען צו דער בורעניש אָדער אזוי וועט שוין זײַן אייביק?

בא פויערים, וועלכע האָבן פריִער אונטערגעהאלטן ארנאָלדן, האָט זיך פלוצלינג דערוועקט א צווייפל, צי זײַנען זיי ניט באגאנגען קיין פעלער:

— געווען אונדז פריִער זאָגן אזוי און אזוי, וואַלטן מיר דעמלט...— מע האָט ניט דערעדט, וואָס וואָלט מען „דעמלט", ווײַל קיינער פון זיי איז ניט געווען זיכער, אז ארנאָלד האָט טאקע ווירקלעך געטאָן עפּעס שלעכטס.

וואָס טראכט וועגן דעם סערגיי לאָבאָוו, איז נאָך קיינעם דערווײַל ניט באוווסט געווען. נאָר אָט הייבט ער זיך אוף פון אָרט, פירט ארום מיט זײַנע גרינלעכע אויגן דעם זאל, קוקט דאָ אף איינעם, דאָ אף א צווייטן, ווי וועלנדיק פון יעדערן ארויסלייענען זײַנע געדאנקען.

— שטילער, כאווײרים! — רופט ער צו אָרדענונג. — נאָר רויִק. דאָ האָט מען, ווי איך זע, אין עפּעס וואָס איבערגעזאלצן... דער ראיפּארטקאָם האלט ניט, אז אין אלץ איז שולדיק נאָר איין ארנאָלד. פעלערן האָט ער, עמעס, געמאכט ניט ווייניק, אָבער ער איז נאָך יונג, און מיר האָפן, ער וועט נאָך באווײַזן, אז ער קאָן ברענגען אויך נוצן. נאָר אָט, כאווײרים,

האָב איך אין האַנט אַ מעלדונג, וואָס ווייַזט, אַז ניט אַלץ איז באַ אײַך קעשורע. ניט אַלץ!.. ניט וועגן פּעלערן גייט אַ רייד, נאָר וועגן פאַר־ברעכנס... מיר וועלן די מעלדונג, פאַרשטייט זיך, געניי אויספאָרשן, נאָר קלאָר איז שוין איצט, אַז דער איניען איז אַן ערנסטער און עמעצן וועט אויסקומען זיך געזעגענען דאָ מיטן וואַרעמען ערטעלע... פאַרשטאַנען, כאַווייריים?

דער אוילעם האָט זיך אַ רודער געטאָן. אַלעמענס אויגן האָבן זיך אַ ווענד געגעבן צום אָפענעם פענצטער, לעבן וועלכן ס'זײַנען געזעסן פּאַל־גע און האַקמאַן. קיינער האָט האַקמאַנען ניט געטריבן פונדאַנען, ער איז אַליין אַוועק, גלײַך לאַבאָווס ווערטער וואָלטן, ווי אַ ווינט, אים געיאָגט.

...נאָך דער פאַרזאַמלונג איז אַרנאַלד געזעסן מיט לאַבאָוון אויף דער שמאָל־לאַנגער באַנק באַם פּרעזידיום־טישל און אַלץ ניט אָפּגעשטאַנען פון אים:

— דו ווײַז מיר, וועלכע אויספירן האָסטו צוגעגרייט פאַר דער זיצונג פון ראַיפּאַרטקאָם.

— האָסט דאָך געהערט, וואָס כ'האָב גערעדט.

— גיב מיר אַליין אין דעם אַרײַנקוקן. גיב, אויף איין רעגעלע.

— נו, קוק, — איז לאַבאָוו ענדלעך אײַנגעגאַנגען.

אַרנאַלד האָט גיך געבלאָנדזשעט מיט די אויגן איבער די פיל פונקטן און קוים געפונען אין אַ לעצט שורעלע דאָס, וואָס האָט אים אַמערסטן אינטערעסירט:

„די מעלדונג, — איז דאָרט געזאָגט געוואָרן, — וואָס דעמאַסקירט דעם בירגער האַקמאַן אַלס פאַרברעכערישן עלעמענט, איבערגעבן אויף געניייער אויספאָרשונג...”

— און דאָס גאָר?! — האָט ער אַן אַנטוישטער אויסגעשרי׳ען.

— און דו האָסט געוואָלט?

— ווי, — פרעגט אַרנאַלד סערגיי לאַבאָוון, — ווי, פונדעסטוועגן, פאַר־שטייט מען דאָס?

— וואָס?

— אָט די אויספירן דײַנע...

— און ערעך?

— מע גלייבט מיר מער ניט. איך, קומט אויס, בין אין אַלץ שולדיק...

— נו... — האָט לאַבאָוו ניט טײַקעף געפונען די נייטיקע ווערטער צו ענטפערן.

— און מיט מיר ווי וועט זײַן? — גרײַפט אָן אַרנאַלד.

— דו היץ זיך ניט, באָכער, — באַרויִקט אים סערגיי לאַבאָוו גע־

לאסן, — אלץ וועט זיך שטעלן אף אן אָרט, — דיך וועלן מיר דערוויַיל אריבערוואַרפן אין אן אנדער דאָרף. נאָר וואָס ווייניקער פּעלערן! מע לערנט זיך טאקע אף זיי, נאָר בעסער איז אָן זיי. און פאַר האקמאנען דאַרגע ניט, זיַינס וועט פון אים ניט אוועק...

## 21

שטיל, פאַרזיכטיק עפנט זיך האקמאנס טיר, און עס שארט זיך אריַין מיט א פאַרזאָרגטער פראגע פאלגע:

— נו, וואָס?

האקמאן לייגט ארוף א האנט אף א האנט און קוקט, דוכט זיך, מער מיט ביטל, ווי מיט קאַס, אף פאלגעס כוישעך געוואָרן פּאָנעם.

— דו וואָלסט געמעגט אלץ מער און פריִער וויסן, איידער איך אָדער עמעצער אנדערש...

— עמעס, — באשטעטיקט פאלגע.

— איז וואָס?

— מע האָט אָנגעגעבן א מעלדונג...

— ווער?

— ווער? — פאלגע וויל און קאָן זיך פאָרט ניט באשליסן אָנצורופן ארנאָלדס נאָמען. האקמאן פּרובירט אים ארויסהעלפן:

— ווערע ראפּאפּאָרט?

— ניט נאָר זי...

— ארנאָלד? — זידט אוף האקמאן. — זאָג, איך מוז דאָס וויסן...

פאלגע טוט א שאָקל מיטן קאָפּ אף „יאָ", דערשרעקט זיך אליין פאַר זיַין אָפענעם אָנדיַיט און לאָזט זיך אפּגיך צו דער טיר.

— וואַרט א רעגעלע, — פאַרהאַלט אים האקמאן, די שיטערע האָר ארום זיַין קאָפּ שטעקן ווי שפּיזן. — וואָס אייצעסטו מיר טאָן? עפּשער אנטרונען ווערן?

בא האקמאנען זיַינען די אויגן פאַרלאָפן מיט בלוט און דאָס פולע פּאָנעם איז געוואָרן רויט ווי צונטער.

אין אלע קענטיקע פּוסטריט אף דער ליַיכט־פאַרטריקנטער בלאָטע האָבן זיך געקלעפּט איינציקע פאַרוויַיעטע שטרוי, וואָס א ווינט האָט אראָפּ־געיאָגט פון פריש־איַינגעלייגטע סקירדעס. געווען איז דאָס דער ערשטער אָוונט, וואָס האָט שטאַרק פאַרשמעקט מיט הארבסט. האקמאן האָט גע־

שלונגען די קילבלעכע לופט און אלץ ניט געקענט זיך מיט איר אָנזעטיקן. א פארלאנג האָט ער געהאט, אז פון ערגעץ זאָלן מעשוגענע ווינטן אָנלויפן און אלץ דאָ איבערקערן, אָפווישן דאָס דאָרף פון דער ערד.

ער איז ארומגעגאנגען א פול אָנגעלאָדענער מיט רעציכע און ניט געקאָנט זיך באשליסן: טאקע אלץ איבערלאָזן און ניט ווערן?..

אָבער ניין. ער וועט נאָך גיין צו פאלגען. עפשער וועט פאָרט געלינגען עפעס קלאָרער מאכן?

האָט אים אָבער דער צאָרן געפרעסן, און אָנשטאָט גיין צו פאלגען, איז ער ארוף אף ארנאָלדס הויף. דאָס פערד איז געשטאנען אויסגעשפאנט פון וואָגן, אָבער מיט די שלייעס. די נאכט, — האָט האקמאן גלייך זיך אָנגעשטויסן, — וועט ארנאָלד זיכער ערגעץ פאָרן. פלוצלינג איז פון אונטער א קליינער סקירדע שטרוי, ווי פון אונטער א פאָרהאנג, ארויסגעשפרונגען ארנאָלד.

איבערגעשראָקענע פון אזא אומגעריכטער באגעגעניש, האָבן זיי ביידע די מיילער געעפנט אף עפעס זאָגן אָדער אפילע אויסשרייען און ביידע געבליבן שטיל. אין דער דאָזיקער רעגע האָט האקמאן מער נאָך, ווי ווען עס־איז פריִער, דערפילט, ווי אף יעדן שריט און טריט, אפילע איצט, ווען ער האָט ענדגילטיק באשלאָסן פארלאָזן דאָס דאָרף, שטייט אים דער דאָזיקער ארנאָלד אין וועג. איז אים ענג געוואָרן, דוכט זיך, די גאנצע וועלט און בלויז איין געדאנק האָט געעגבערט זיין מויעך: נאָר זיין טויט קאָן מיך באפרייען פון אים...

וואָס טיפער דאָס דאָרף איז ארייַנגעוואקסן אין דער נאכט, אלץ ווינטיקער איז געוואָרן. ערגעץ־ווו האָט זיך דער ווינט איינגעגעסן אין א שטיק אופגעריסענעם דאך און אים אלץ בייַקומען ניט געקאָנט. האָט ארנאָלד זיך טיפער אייַנגעגראָבן אין דער מאָגערער סקירדע. ס׳האָט זיך געוואָלט אופכאפן א וואָרט, א קלאנג פון שטוב. ער האָט אָבער גאָרניט געהערט. זיין גאנצע פארבינדונג מיט פאולינען האָט זיך איצט געהאלטן ווי אף א שארף פון א מעסער. נאָר דאָס האָט אים שוין מער ניט געקימערט. אים איז אציגד אָנגעגאנגען בלויז איין זאך: זאָלן וואָס גיכער פארוואנדלט ווערן אין א באשלוס סערגייַ לאָבאָווס פאָרשלאָגן און דאן וועט ער, ארנאָלד, אוועק פונדאנען.

ער איז מעקאנע געווען ווערע ראפאיִלאָוונען, וואָס האָט אזוי אנטשיידן איבערגעלאָזט פאלגען מיט זיין ברייט צעוואקסענער ווירטשאפט און אוועק ווידער טרייַבן א ניי־מאשין. זי ארבעט איצט אף דער שנייַ־

דער־פאבריק אין ראיצענטער. וואָס מער ארנאָלד האָט געטראכט וועגן ווערען, אלץ ליכטיקער האָט אופגעטויכט איר געשטאלט אין זײַן זיקאָרן. אים האָט געצויגן וואָס גיכער זיך זען מיט איר. פאולינע האָט אליין זיך אויסגעמעקט פון זײַן לעבן.

גאנצע בערג וואסער האָט דער יאם געשמיסן צום ברעג און פארפולט דעם ארום מיט א שטומפן ברומען, וואָס האָט דערמאָנט אין שווערע אָפּ־קלאנגען פון א ווײַטער הארמאטן־שיסערײַ. דאָך האָט ארנאָלד אין גע־ברום דײַטלעך דערהערט אן אָפּהילך פון לײַכטע, פּאָרזיכטיקע טריט. „דאָס איז, מיסטאמע, פאולינע, — האָט ער א טראכט געטאָן, — פּאָרט זיך דערמאָנט מיך רופן אין שטוב". ער וועט אָבער ניט גיין, ניט איצטער און ניט שפּעטער. מיט אײַנגעהאלטענעם אָטעם האָט ער זיך נאָך טיפער גע־גראָבן אין דער שטרוי. און פלוצעם האָט ער דערפילט ווי עפּעס א ברי. איין מאָל און א צווייט מאָל... די שיטערע סקירדע איז פארוואנדלט גע־וואָרן אין א שטיק פײַער...

— דער קאָפּ! — האָט ער באוויזן בלויז אויסשרײַען. — דער קאָ־אָ־אָפּ!

דאָס דאָרף האָט זיך אופגעטרייסלט פון באנאכטיקן שאָס.

טיר־און־פענצטער האָבן זיך צעעפנט. פארשלאָפענע, ניט אָנגעטאָנע־נע האָבן מענטשן פארפולט די גאס. האקמאן איז צווישן זיי ניט געווען.

די אייגענע נאכט זײַנען האקמאן, פאולינע און איר מאמע ערגעץ־ווו פארשוואונדן, איבערלאָזנדיק נאָך זיך אָפענע, ניט פארמאכטע טירן.

די אייגענע נאכט איז דער סעקרעטאר פון קאָמקעמערל אנאטאָלי באַ־שליקאָוו אליין אוועק און אקטיוויסטן צעשיקט זוכן די אנטלאָפענע.

אָבער אין די נאָענטע דערפער און אף די ארומיקע וועגן און אומ־וועגן האָבן זיי אף האקמאנען און זײַנע באגלייטער זיך ניט אָנגעשטויסן.

געפאקט האָט מען זיי ערשט אין עטלעכע טעג ארום. ווײַט האָבן זיי ניט באוויזן צו אנטלויפן. אלע דרײַ האָבן זיך אויסבאהאלטן בא פאולינעס א קרויווע אין דער נאָענטער שטאָט.

אין דעם זעלבן טאָג, ווען מע האָט פארהאלטן האקמאנען, זײַנען אין פאלגעס שטילער שטוב ארײַנגעקומען צוויי שטילע מענטשן, באוויזן אים זייערע דאָקומענטן און פארגעבן א פראגע:

— געווער האָט איר?

פאלגען האָט א גלי געטאָן א דערינערונג וועגן איינער א פינצטערער נאכט, ווען האקמאן האָט פון זײַן, פאלגעס, האנט באקומען דעם נאגאן. ערשט איצט האָט ער זיך ארומגעקוקט, אז ער האָט ניט דאָס געווער. ער

האָט פאַרשטאַנען: לייקענען האָט קיין זין ניט, און שווער אַרויסגע־שטאַמלט:

— איר פרעגט געווער... יאָ, געווען... איך האָב שוין לאַנג פאַרגעסן, ווי דאָס האָט אויסגעזען...

— ווען מע ווײַזט דאָס אײַך, וואָלט איר דאָס דערקענט?

דער ניִדעריקער, שטאַרק פאַרוואַקסענער פאַלגע איז אינגאַנצן אײַנ־געשרומפּן און פאַרכוישעכט געוואָרן, האָט ער אַ קורצן ענטפער געצויגן לאַנג:

— זי־־כע־ער...

דאָס געווער, וואָס מע האָט געפונען בײַ האַקמאַנען, איז באַלד אַוועק־געלייגט געוואָרן אויף פאַלגעס טיש.

— אָט, — האָבן די געקומענע געזאָגט, — אײַך וועט אויסקומען גיין מיט אונדז...

---

אין ראַיפּאַרטקאָם האָבן אייניקע געוואַרט אויף אַ שטורמישער זיצונג און דערוואַרט זיך אויף אַ רוזיק־קאָנצענטרירטער. סערגיי לאָבאָוו, בײַ וועמען די שאַרפע באַקנביינער האָבן איצט אַרויסגעסטאַרטשעט נאָך מער, ווי פריִער, האָט זייער אויספּירלעך און באַזאַכט מיטגעטיילט וועגן דעם, וואָס ס'איז געשען אין דאָרף. אויף דער זיצונג זײַנען אויך אײַנגעלאַדן געוואָרן סערגיי באַשליקאָוו, אַרנאָלד און ווערע ראַפּאַיִלאָווע. בײַ אַרנאָלדן איז נאָך דער קאָפּ געווען פאַרבאַנדאַזשירט. זוכנדיק עפּעס אין זײַן פּולער פּאַפּקע און ניט געפינענדיק דאָס געזוכטע, האָט לאָבאָוו דערווײַל גערעדט:

— פון דער אויספאָרשונג איז נאָך פרי צו ריידן, און, אַגעוו, ניט דאָס איז דער איקער. וויכטיק איז, כאַווײַרים: אין דאָרף האָט מען פאַרשטאַנען, וואָס עס שטעלן מיט זיך פאָר די האַקמאַנס און די פאַלגעס, דאָס דאָרף רײַסט איצט מיט דער אינדיווידועלער ווירטשאַפט, און פאַר די דאָרפישע קאָמוניסטן שטייט די אויפגאַבע — ווערן די ערשטע קעמפער פאַר אַ קאָ־לעקטיווער ווירטשאַפט...

לאָבאָוו האָט נאָך געהאַלטן אין ריידן, ווען אַרנאָלד האָט זיך אָנגע־בויגן צו ווערען און שטיל געפרעגט:

— מיר פאָרן צוריק אין דאָרף?

— ווידער דאָס אייגענע?

— אַוודע. בויען אַ קאָלעקטיווע ווירטשאַפט.

זי האָט זיך פאַרטראַכט. אָבער ער האָט געוווּסט, וואָס זי וועט אים ענטפערן.

# א שטיין איז געפאלן

(אויטאָביאָגראפיש)

## 1

אין מײַנע דאָקומענטן איז אָנגעוויזן, אז איך בין געבוירן געוואָרן אין טויזנט אכט הונדערט זעקס און־אכציקסטן יאָר. אָבער שפּעטער האָט זיך ארויסגעוויזן, אז אין פּאס פון מײַן עלטערער שוועסטער איז פאַרשריבן, אז אויך זי איז געבוירן אינעם זעלבן יאָר. אזוי־ארום באקומט זיך, אז ניט נאָר דער טאָג, די וואָך, נאָר גופא דאָס יאָר פון מײַן געבאָרן איז מיר ניט באוווּסט.

מײַן טאטע איז געווען א מענטש מיט א „ברייטן" פּאָרנעם: האגאם געשטאָרבן איז ער אין די מיטעלע יאָרן, האָט ער באוויזן צו האָבן דרײַ פרויען און מיט זיי זיבן זין און דרײַ טעכטער.

אויך פּראָפעסיעס האָט דער טאטע געהאט צוויי: א פלעקסער און א פישער. דאָך איז ער געווען א גרויסער אָרעמאן. דאָס גרעסטע פארמעגן זײַנס, דער מעשענער סאמאָוואר, א געמיינזאמער געשאנק פון עטלעכע קרויווים צו זײַן כאסענע, איז העכער דרײַ פערטל יאָר פאַרזעצט געווען בא יענעם פלאקס־סויכער, בא וועלכן ער האָט יאָרנלאנג געארבעט אלס לוין־ארבעטער.

געלעבט האָבן מיר אינעם ווײַסרוסישן שטעטעלע אָסווע, וואָס געפינט זיך בא א דרײַסיק קילאָמעטער פון א באן־סטאנציע.

## 2

איך בין נאָך געווען א קינד, ווען פאָליע, מײַן עלטערער ברודער, וואָס האָט געארבעט אין דיסנע אלס שוסטער, איז געוואָרן א כאָסן פאר זײַן באלע־באָס׳ טאָכטער מירע, וואָס האָט זיך גערעכנט פאר דער בעסטער נייטערן אין שטאָט. אָבער פאָליע האָט אינגיכן געמוזט אוועקגיין דינען.

פאר פיר יאָר דינסט איז ער געקומען אין זײַן שטעטל נאָר איין מאָל און בלויז אף צוויי טעג, קעדיי לאָזן א הייסע טרער אף זײַן טאטנס פרישן קייווער. דאָס ביסל איבעריקע צײַט פון זײַן קורצן אורלויב איז פאָליע געווען לעבן זײַן געליבטער מירען. פארענדיקט דינען, איז ער, דער שטענדיק קרעפטיקער, אזוי קראנק געוואָרן, אז שוין אין עטלעכע טעג ארום איז פאר אלעמען געווען קלאָר, אז פאָליעס יונג לעבן איז אין א גרויסער סאקאָנע.

די מאמע האָט אלעמען געזאָגט, אז מירע איז געקומען אהער, קעדיי זיך באקענען מיט אונדזערע מישפּאָכע־מענטשן. דאָך האָבן אלע פאר־שטאנען, אז זי איז געקומען, קעדיי אף אייביק זיך געזעגענען מיט איר אָט־אָט שטארבנדיקן געליבטן.

נאָך איצט אפילע זע איך פאר די אויגן מירעס טונקל קלייד, איר פײַן פּאָנעם. ווען פאָליע האָט באמערקט, אז מירע קלײַבט זיך פארלאָזן אונדזער שטוב, האָט ער ארופגעצויגן די דעקע איבערן קאָפּ און איז גע־בליבן ליגן אָן א מינדסטער באוועגונג.

אזוי איז ער געלעגן, ביז פון דרויסן האָבן זיך דערטראָגן איינציקע געזעגענונגס־ווינטשן און א שטיל געוויין. ערשט דאן האָט פאָליע אָפּגעדעקט דאָס מאָגערע, שטארק פארשוויצטע פּאָנעם און מיטן לײַלעך געגומען ווישן די אויגן. די מאמע איז לאנג פארפאָלגט געוואָרן פון א פּײַנלעך־טרויעריקער מאכשאָווע: „פאָליע, נעבעך, איז געשטאָרבן מיט א גיט אויסגעוויינטער טרער אין זײַנע שיינע קארע אויגן!״

## 3

די מאמע מײַנע האָט זיך אויסגעטיילט פון אלע סלאָבאָדקער ווײַבער מיט איר איידל פּאָנעם און מיט איר גוטער באהאוונטקײַט אין די „שווארצע פינטעלעך״.

מײַן זיידע, וואָס איז זײַן גאנץ לעבן געווען א דאָרפישער שנײַדער, האָט פארמאָגט אכט טעכטער און איין־איינציקן זון. דער דאָזיקער זון זײַנער האָט מיט לײַב און לעבן זיך ארײַנגעטאָן אין פארשיידענע ביכער

און שפּעטער אַ ביסל זיך אָוועקגעלאָזט אין דער „ווײַטער וועלט" און ווי אין וואַסער אַרײַנגעפאַלן. קיין איינציק וואָרט וועגן אים איז צום ריידן שוין קיינמאָל ניט דערגאַנגען.

איך געדענק ניט, דער זיידע זאָל מיט וועמען ריידן וועגן דעם. אָבער אפילע פון זײַן שטומער אײַנגעשפּאַרטקייט, מיט וועלכער ער האָט אָפּגעהיט איעדעס בלעטעלע פונעם זונס פּאַרבליבענע ביכער, איז ניט שווער געווען זיך אָנשטויסן, אַז אומעטום איז אים אַנטקעגנגעגאַנגען זײַן פּײַנלעך־שווערער פאַרלוסט. דאַן האָט דער שווײַגנדיקער, ווי שטום געוואָרענער זיידע צונויפגענומען אַלע קויכעס אויף צו דערציִען זײַנע אַכט טעכטער ווי ייִנגלעך: געלערנט זיי ביז גאָר ערנסט אַרײַנקוקן אין ספרים און פּולקאָם אויף אויסווייניק קענען זאָגן נאָך אים קאַ־דיש.

דער מאַמעס קענטעניש האָבן אָבער ניט געקאָנט זאַט מאַכן די קינדער. האָט זי געמוזט זיך לאָזן צו מאָטע צענציפּער, בײַ וועלכן דער טאַטע האָט אַמאָל געאַרבעט.

מאָטע צענציפּער, פּאַרשטייענדיק, נאָך וואָס מע איז צו אים געקומען, האָט זיך פאַרהאַלטן אין זײַן גרויסן הויף. מיר, איך און די מאַמע, האָבן דערווײַלע געהערט זײַן אויפגעלעבט קאָל לעבן די פויערישע וועגענער, וואָס זײַנען געשטאַנען אין הויף. ער איז, קאָנטיק, זיכער געווען, אַז מיר וועלן סאָפּקאָלסאָף אַוועקגיין. געווען איז אָבער אַנדערש. שטיל, געדול־דיק האָט די מאַמע געוואַרט מיט דער שווײַגנדיקער ראַסיען, מאָטעס פרוי, וועגן איר פּלאַן. מיט דער הילף פון אירע קליינע קינדער האָט די מאַמע באַקלערט אָנהייבן באַקן קיכלעך און נאָך „וואַרעמינקערהייט" צעטראָגן זיי אין די פּאַרמעגלעכע הײַזער.

— צו וואָס דען קען זיך אַזאַ ווי איך אָנכאַפּן, — האָט די מאַמע פּאַרענדיקט, — אויב דער טאַטע פון די קינדער און דער כאָסנבאָכער זײַנען שוין ביידע, נעבעך, אויף יענער־וועלט.

— אָוואַדע, — האָט די פּולבלעכע, אָפּטלעך קרענקלעכע ראַסיע זייער אײַנגעהאַלטן אײַנגעשטימט.

ראַסיע איז אויף אַ מינוט אַרויס פון שטוב און דערנאָך זיך ווידער באַוויזן, נאָך איר — מאָטע צענציפּער.

— נו, גוט! — האָט מאָטע שטאַרק ניט קיין צופרידענער געשריִען. — איז וואָס ווילט איר פון מיר?!

די מאַמע גיט אים אַ ווײַז אויפן ניט גרויסן, אָבער אויסגעשײַערטן סאַמאָוואַר, וואָס איז געשטאַנען אויפן דיל הארט לעבן איר.

— איך דארף אים ניט! — גיט ער אן ענערגישן שטויס דעם סאמאָוואר מיטן רעכטן פוס. — איידער האלטן אזא מעציִע, איז שוין בעסער גאָרניט!

— זי וועט דיַינס, כאָלילע, ניט צונעמען, — בארויִקט אים ראסיע, — ליַי איר א קערבל.

דער מאמעס טעג און נעכט זיַינען געוואָרן נאָך מער אומרויִק. זי האָט זיך אלץ געשראָקן, זי זאָל, כאָלילע, ניט פארשפּעטיקן איַינהייצן דעם אויוון, אז דאָס ביסל פארקנאָטענע טייג זאָל ניט „איבערשטיין", ניט זויער ווערן.

ווען אין אלע ארומיקע פענצטער איז נאָך געווען שטארק פינצטער, האָט אינעם קאלטן טונקעלן דרויסן געשפּארט שוין א רויך פון אונדזער קוימען, און מיר, די קינדער, ליַיכט קלאפנדיק אין די פּראָסטיק־קאלטע טירן, האָבן פאָרגעלייגט אונדזער איַינגעדעקטע, נאָך ווארעמע סכוי־רע.

4

געווען איז א זוניק־ליכטיקער און זייער הייסער פרימאָרגן. די טירן פון די סלאָבאָדקע־היַיזלעך זיַינען געווען ברייט אָפן, און די גרויסע אָזערע האָט מיט פרישקיַיט געעטעמט. אין אזא שאָ פלעגט די מאמע, נאָך א שווערער נאכט ארבעט, עפּעס אויסשפּרייטן אף דער קילבלעך־אָנדיליקער ערד און, מיט די קליינע קינדער ארום זיך, כאַפּן א דרעמל.
פאר מיר אָבער איז שוין דאָס ניט מעגלעך געוואָרן.

אין די לאַנגע זומערדיקע טעג פלעגט די ארבעט אין ווארשטאט בא מייער־בערן, ווו איך האָב געארבעט, זיך אָנהייבן פינף אזייגער איַנ־דערפרי און זיך פארענדיקן, ווען אָן פיַיער איז שוין ניט מעגלעך גע־וואָרן ארײַנצײַען א פאָדעם אין נאָדל.

באזונדערס שווער איז געוואָרן אין שפּעט־הארבסטיקע און ווינטער־כאדאָשים, ווען מיר פלעגן ארבעטן אין די לאַנגע נעכט און בא פאר־מאכטע, פארקלעפּטע פענצטער. אפילע אזא קרעפּטיקע און געוויינטע צו שווערער מי, ווי דאָס איז געווען די בלאָנדע ארבעטערן געסקע, פלעגט אויך סאָפּקאָלסאָף אראָפּלאָזן אין אָנמאכט דעם קאָפּ און מיט דער נאָדל אין האנט כאָטש אף איין רעגעלע אנדרעמלט ווערן.

— דו קאָנסט דאָך אזוי די נאָז זיך פארשטעכן, — פלעגט דער הויי־

כער מייער־בער, קלוימערשט פריַינטלעך שמייכלענדיק, טייקעף זי אופמינטערן.

געסקע פלעגט מיט קיין איינציק וואָרט ניט רעאגירן אף דער „כאָכמע" פון איר באַלעבאָס, וואָס פלעגט יעדן טאָג נאָך ווארמעס כאפּן א געשמאקן שלאָף. זי פלעגט זיך נאָר אומקערן צו אים מיטן רוקן און נעמען גיך־גיך שטעפּן.

## 5

ס׳איז פאַריבער א זומער, א הארבסט, און ווידער האָט גענומען געוועלטיקן א קאַלט־פּראָסטיקער ווינטער. ס׳האָט געדוכט, אז די אַזערע, א דערוואָרגענע אינעם דיקן אײַז, וועט שוין קיינמאָל ניט ווערן ווי זי איז געווען. נאָר ניין! ווידער האָט גענומען ווערן ליכטיקער, ווארעמער און פריילעכער. אין די רויקע נעכט פלעגט זיך הערן דאָס שווערע קרעכצן פונעם דאָ און דאָרט זיך שפּאַלטנדיקן אַזערע־אײַז. אומדערווארט האָט אף דער דיסנער גאס זיך באוויזן א שטארק פארשטויבטער עטאפ פוסגייער אין דער באגלייטונג פון פּאָליציי. צווישן די באוואכטע עטאפּ־מענטשן איז אויך געווען ארקע, כאָנע דעם פורמאנס זון, וואָס האָט, ווי מע האָט געוווּסט, געארבעט בא שנײַדעריַי אין דער גרויסער גובער־ניע־שטאָט. בליציק־שנעל איז די דאָזיקע איבערראשנדיקע יעדיִע זיך צעגאנגען איבער אלע עקן פונעם שטעטל. קליין און גרויס, אלע זײַנען געלאָפן, קעדיי מיט די אייגענע אויגן אָנקוקן דעם דאָזיקן ווונ־דער.

— זאָל ווער א יאָג טאָן צו כאָנען, זאָגן אים, אז זײַן ארקע איז דאָ, — האָט עמעצער אויסגערופן.

נאָר כאָנע דער פורמאן האָט זיך ניט געײַלט. אויך ארקע, ווייסנדיק, אז אים און אלע איבעריקע געבראכטע עטאפּ־מענטשן פירט מען צו דער פעסט־געמויערטער שטוב, ווו עס געפינט זיך די „זעמסקע אופּרא־ווע", האָט זיך ניט געכאַפּט. א פארשטויבטער פון וועג און א צערייצטער, האָט ער שטרענג א זאָג געטאָן צום אוילעם:

— גייט ניט נאָך מיר, ווי נאָך א לעווײַע. עס איז א פּוסטיאק... מײַן פּאַס, זאָגן זיי, איז א ביסל ניט איספּראַוונע!..

— דײַן פּאַס, — איז שטארק אופגעבראכט געוואָרן דער שטענדיק גוטהארציקער כאָנע, — דו זע נאָר, צי בא יענע, וואָס שיקן פרעמדע קינדער מיטן עטאפּ, זײַנען די מויכעס איספּראַוונע?!

## 6

צו שוועס איז פארבליבן ניט מער ווי דרײַ וואָכן, נאָר בא מייער־בערן אף דער ברייטער קאנאפּע איז אלץ נאָך געלעגן א סאך פאר־שיידנפארביקער אויבערשטאָף, וואָס האָט געוואָרט פארוואנדלט צו ווערן אין פּארטיקע זומער־קליידער. אָבער מער נאָך פון אלץ איז מייער־בערן אָנגעגאנגען די גרויסע באשטעלונג פונעם יונגן פּאָרעץ, צו וועלכן עס האָט געהערט דאָס שטעטל.

גלײַך ווי מ׳האָט ארקען געבראכט מיטן עטאפּ, האָט מייער־בער פאר־שטאנען, אז ארקע דעם פורמאנס, וואָס איז געווען א גאָלדענער שנײַדער, וועט איצט ווערן זײַנער א געהאָרכזאמער ארבעטער. ער האָט געכאפּט א סוידעסדיק־צופרידענעם שמועס מיט זײַן קלוגיטשקער פרוי ראָכע־לייע און באלד טאקע אוועק מיטן שטעקל, אָדער ווי געסקע פלעגט זאָגן, מיטן „טעקעלע”, צו ארקען, וועלכער איז אינגיכן געוואָרן זײַן בעסטער ארבעטער.

ווי נאָר ארקע פלעגט צוליב עפּעס ארויסשטעלן א פוס פון ווארשטאט, פלעגט מייער־בער נעמען באקוקן און פון גרויס האנאָע אפילע פּאָשעט באשמעקן „ארעלעס” ארבעט.

— ער קען, — פלעגט מייער־בער ריידן אף א קאָל און צילן אין אלעמען, — בא אים מעג מען זיך לערנען!

— יע, — פלעגט געסקע אײַנשטימען, — אין די שטעט איז דאָ בא וועמען צו כאפּן דעם ריכטיקן גאנג אין לעבן!

ניט בלויז מיט זײַן מײַסטערשאפט האָט ארקע אלעמען צוגעצויגן צו זיך. ניט געוויינלעך האָט אף זײַן ניט הויכער פיגור אויסגעזען דאָס שווארצע סאטינענע אויבערהעמד, וואָס איז געווען פארגארטלט מיט א העל־גרויען קוטאס. אויך זײַנע פארלאָזטע לענגלעכע האָר האָבן בא א סאך אויסגענומען. ווי א ייִנגל, פלעגט ארקע זיך ארופדראפּען אפן געזימס פון א הויכן פענצטער, ווו עס האָבן געארבעט זײַנע כאווײרים, און וועגן עפּעס זיך סוידען מיט זיי. אויב איך פלעג זיך אמאָל אָנשטויסן, אז ארקע פירט דאָרט וויכטיקע שמועסן, איז דאָס געווען צוליב געסקעס וואָרענונגען:

— דו, יאטל, זאָלסט נאָר האלטן די צונג צווישן די ציינער!

צו די לאנגע זומער־טעג האָט מייער־בער גענומען צוגעבן נאָך א פּאָר שאָ פון די אזוי אויך קורץ־געוואָרענע נעכט. שטארק אופגעבראכט

פונעם דאָזיקן אופּטו, האָט דאָך קיינער ניט געוואגט דערווידערן. א רויק־צופרידענער, איז דער הויכער מייער־בער געשטאַנען בא זײַן לאַנגן צושנײַד־טיש, ווו עס איז ברייטלעך געלעגן אויסגעשפּרייט א גרויסע, ביז צו דער ערד, שטיק שטאָף. ער איז געשטאַנען אין דער יאַרמלקע מיט דער מאָס אַרום האַלדז און געצייכנט מיטן גראָבן שטיקל קרײַד, געצייכנט, ווי שפּאַרעווודיקער צושנײַדן דעם באַשטעלטן בעגעד. אין אַזעלכע מינוטן האָט אים קיינער ניט געטאָרט שטערן.

ס׳איז געווען שוין שפּעטלעך פאַרנאַכט. פאַרבײַ די פענצטער איז שוין דורכגעגאַנגען די שטעטלשע סטאַדע, איבערלאָזנדיק הינטער זיך א געדיכטן טרוקענעם שטויב, נאָר מייער־בערס בעהיימע האָט זיך אַלץ נאָך ניט געהאַט באַוויזן. פרײַער וואָלט, מיסטאַמע, קיינער קיין אַכט דערויף ניט געלייגט. אָבער דאָס מאָל האָט ראָכע־לייע אופמערקזאַם געמאַכט דערויף דעם מאַן.

— די קענסט נאָך ניט אונדזער בעהיימע, — האָט מייער־בער זיך געוויצלט, — זי מעג זײַן ווי זאַט, ס׳איז אָבער גענוג, זי זאָל דערשמעקן א ביסל פריש גראָז, וועט זי פון דאָרט שוין ניט אָפּטרעטן!

מייער־בערן האָט געקימערט אַן אַנדער זאַך — ביז יאָמטעוו איז פאַרבליבן ווייניק צײַט, און אַלץ נאָך א סאַך אַרבעט. דעריבער כאַפּט ער זיך באַצײַטנס צוגרייטן און עפּשער טאָקע אָנצינדן גלײַך דעם גרויסן ענגגלאָמפּ. אַרקע אָבער האָט טייקעף באַקומען לאָשן:

— אומזיסט אײַער טירכע, — האָט ער זייער געלאַסן באַמערקט, — מער ווי ביז אַכט וועלן מיר גאָרנישט ניט טאָן.

— ווי?! — איז מייער־בער דערשטוינט געוואָרן. — פון אַזא נײַס הער איך דאָס ערשטע מאָל!

— עמעס, — האָט געסקע פּאָרזיכטיק געזאָגט, — טאַקע א נײַס, אָבער גאָר א גוטע נײַס.

— אַזוי גאָר?!

אין דער צײַט, ווען די אַרבעטער האָבן זיך דורכגעשמועסט מיט זייער באַלעבאָס, איז דער עטוואָס קורצזיכטיקער מאָניש, וואָס פלעגט שטענדיק טראָגן זײַן ברייטראַנדיק היטל אָנגערוקט איבער די אויגן, אומבאַמערקט, ווי אויסגערונען פון ווארשטאַט, באַדראָענדיק מיט דעם די אײנהײַט פון די שטרײַקער. דאָך האָט דאָס קיינעם ניט אָפּגעהאַלטן. אַלע האָבן גענומען צונויפלייגן די אָנגעהויבענע אַרבעט, געבנדיק דערמיט אָנצוהערן, אַז ווי לאַנג דער שטרײַק וועט דויערן, וועט דאָס בלײַבן ליגן אָן א מינד־סטער באַוועגונג.

# 7

כאָנעס שטיבל איז באַשטאַנען פון צוויי באַזונדערע טיילן. אין דער גרעסערער העלפט איז האַרט אָנגעשפּאַרט צו דער וואַנט געשטאַנען אַ זויבערער און אַ טרוקענער דער שליטן. בײַ דער צווייטער זײַט — דער וואָגן און דאָס פערד. וויסנדיק, אַז דאָס פערדל איז דער איינציקער „ברויטגעבער", האָט כאָנע עס אָפּגעהיט, ווי דאָס אויג אין קאָפּ. אָף גרויסע צוועקעס זײַנען געהאַנגען ניט נאָר דער כאָמעט און שלייעס, נאָר אויך די דוהע און די בײַטש, מיט וועלכער ער פלעגט זיך זעלטן באַנוצן.

שטאַרק אויפגעלעבט איז אין יענער צײַט געוואָרן כאָנעס צווייטע האַלבע שטוב, אַהין פלעגן זיך צונויפקלײַבן די שטרײַקנדיקע אַרבע־טער.

אָף קיין הילף פון אַרקען האָט דער שטענדיק פאַרהאָרעוועטער כאָנע ניט געוואַרט. ער האָט אַפילע ניט געוואָלט, דער זון זאָל אים העלפן. דאָס קורצלעכע, צעריסענע און ערטערווײַז צעפליקטע פעלצל, וואָס ער, כאָנע, האָט באַנוצט סײַ ווינטער, סײַ זומער, איז אים גענוג געווען, אַבי זײַן אַרקע זאָל קאָנען זײַן מיט אַלע מענטשן צוגלײַך. אויב כאָנע פלעגט ווען־ניט־ווען צעוואַרעמט ווערן פון אַ פאַריבל, איז דאָס געווען צוליב געסקען, וואָס פלעגט צו אָפט קומען אַהער און פאַרהאַלטן זיך פיל שפּעטער פון אַנדערע. אָבער אויך אָף דעם פלעגט כאָנע געפינען אַ גערעכטן זכוס. דאָס דאָזיקע פולבלעכע מיידל האָט וואָס ווײַטער, אַלץ מער אויסגענומען אין זײַנע אויגן. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז די געסקע איז אַן אָרנטלעך קינד, וואָס האָרעוועט, גיבעך, טאָג ווי נאַכט, קעדיי זיך פאַרדינען אָף ברויט און עפּעס אַרופּצײַען אַפן לײַב. דערפאַר טאַקע האָט ער מער קיין איינציק אומפרײַנטלעך וואָרט ניט אַרויסגערעדט, אָבער אויך אָן ווערטער האָט אַרקע פאַרשטאַנען דעם טאַטן, נאָר אַנדערש טאָן האָט אַרקע ניט געקאָנט און ניט געטאָרט, אַפילע זײַן איבערגעגע־בענעם טאַטן האָט ער ניט געוואַגט פאַרטרויען, אַז די עמעסע סיבע פון זײַן קומען אַהער מיטן עטאַפּ שטעקט ניט נאָר אין „פּאַספּאָרט", אַז צו דעם איז געווען צוגעקלעפּט אַ צווייטע און נאָך פיל מער וויכטיקע געשעעניש.

דערציילן, אַז מע האָט אים אַרויסגעשיקט אַהער אַלס אַקטיוויסט פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, האָט אַרקע געהאַלטן פאַר מעגלעך נאָר געסקען, וועלכע האָט, לויט זײַן מיינונג, פאַרמאָגט פאַרשטענדעניש פאַר אַזעלכע איניאָנים.

## 8

א האַלבע נאַכט בין איך ניט אָפּגעטראָטן פֿון כאַנעס שטוב, וואָס איז באַנאַנד מיט פֿיל פֿישער־הײַזלעך געשטאַנען האַרט באַם ברעג פֿון דער אָזערע. אַלע ווײַלע פֿלעגט זיך דאָ ווײַזן ווער פֿון די שטרײַקנדיקע. ניט געווען איז בלויז מאָניש, וואָס האָט זיך אַלעמען פֿאַרגעדענקט מיט זײַן שטענדיק נידעריק אַראָפּגעלאָזטן שוואַרצן היטל. ביידע, אַרקע און געסקע, האָבן געהאַט א כּשר, אַז אין די נעכט, אויסבאַהאַלטן פֿון א זײַטיק אויג, אַרבעט מאָניש בײַ מייער־בערן. דעריבער איז טייקעף באַשלאָסן געוואָרן גוט אַכטונג געבן אויף פֿאַרלאָזטן וואַרשטאַט.

די דאָזיקע אויפֿגאַבע האָב איך, לויט געסקעס באַהויפּטונג, געקאָנט אָפּטאָן בעסער פֿון אַן אַנדערן. די נאַכט איז געווען א וואַרעמע, א טרוקענע, נאָר איך האָב אָבער דערפֿילט א קעלט אין אַלע מײַנע אייווערים. מיר האָט זיך געגומען דוכטן, אַז ס'איז נאָך אַזוי פֿיגצטער קיינמאָל ניט געווען, אַז דאָס איז אַזוי צוליב דעם, איך זאָל ניט קאָנען אויספֿירן מײַן אויפֿגאַבע. אין גאַס איז געווען שטיל. קיין איין מענטש האָט זיך ניט געזען. אין „קלײנעם מיניען", וואָס האָט זיך געפֿונען נאָענט צו כאַנעס שטוב, האָבן געברענט צוויי כיילעווונע ליכט. מיט א קלאַפּנדיק האַרץ האָב איך זיך דערנעענטערט צו מייער־בערס פֿענצטער און דערזען, וואָס איך האָב געזוכט. אינגיכן בין איך צוריקגעקומען אין כאַנעס דירע.

— מע טוט! — האָב איך א מידער פֿון לויפֿן אויסגעשריִען. — מע אַרבעט, מאָניש און נאָך עמעצער!

א רעגע האָבן אַלע געשוויגן. געסקע איז מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט געשטאַנען אָן א מינדסטער באַוועגונג. אַרקע האָט מיך דורכגענומען מיט א שאַרף פֿאַרשנדיקן קוק. טכּילעס האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אַז ער באַטראַכט מײַן גרויִ רעקל, וואָס איז ווירקלעך געווען צו לאַנג אויף מיר, אַז אים געפֿעלן ניט מײַנע לאַנג ניט געשוירענע האָר. ער האָט געמאַכט א שפּאַן צו מיר, מיר אַרײַנגעקוקט אין די אויגן:

— אויב אַזוי, — האָט אַרקע קאַטעגאָריש געזאָגט, — טאָ נעם, ברודערקע, און טראַסקע אַרײַן א שטיין אין מייער־בערס פֿאַרהאַנגענע פֿענצטער, וועט ער דעמלט עפּשער פֿאַרשטיין, אַז אויב ער שלאָפֿט ניט די נעכט, שלאָפֿן מיר אויך ניט!

די שפּורן פֿון דער נאַכט זײַנען נאָך ניט געווען פֿאַרשוווּנדן, די טירן פֿון די הײַזער — פֿאַריגלט. געווען איז פּוסט און שטיל. בלויז א קליין ווינטל, וואָס האָט זיך געצויִגן פֿון דער אָזערע, האָט זיך גענומען שפּילן מיטן שיטערן רויך, וואָס האָט געשפּאַרט פֿון אונדזער היימישן קוימען.

די מאמע, א ניט אויסגעשלאָפענע און מידע, איז שוין געשטאנען באם פלאקערנדיקן אויוון. מיר איז שווער געווען איר קוקן גלײַך אין די אויגן. ווען זי איז צוליב עפעס ארויס אין דרויסן, האָב איך זיך ארופגעכאפט אפן אויוון, כאָטש אין שטוב איז געווען שויןווארעם און מיר — הייס.

— דו בארעכן נאָר, א גאנצע נאכט! — האָט זי גערעדט, קוקנדיק אין אויוון ארײַן. — ווו האָסטו עס זיך ארומגעשלעפט? מיט וועמען?

— קיינער האָט מיך ניט געשלעפט, — האָב איך ברויגעזדיק געענטפערט, — אליין בין איך אוועק צו ארקע כאָנעס. אלע זײַנען אהין געגאנגען. אלע. אפילע פראָשקע האָט אהין ארײַנגעשטעקט זײַן נעזל...

דער מאמעס פּאָנעם, א דערוואַרעמטס סײַ פון די געשעענישן און סײַ פון דעם ברענענדיקן אויוון, האָט זיך שטארק פארוויטלט.

— דאָס הארץ זאָגט מיר, — רעדט זי שוין רויקער, — אז דאָ איז פארקאָכט געוואָרן א פײַנע קאשע. דו גיב נאָר אכטונג, מײַן קינד!

# 9

נאָך צוויי שווערע וואָכן שטרײַקן איז שטארק אָנגענעם געווען צו זען, ווי די ארבעטער לייגן אוועק די ארבעט, ווען די ווײַזערס פונעם אלטן וואנטזייגער באווײַזן פינקטלעך אכט. אָבער מײַנע אויסזיכטן אף קענען ווען־ניט־איז געניסן פון מייער־בערס צוגעזאָגטע „קעסט" זײַנען געוואָרן נאָך קלענער ווי געווען — איך האָב אלץ געארבעט אָן שום סכירעס. ארקע, וואָס האָט גוט געוווּסט וועגן מײַנע דערוואָרבענע קענטענישן אין שנײַדערײַ, האָט ניט געזשאלעוועט קיין מי אף ארויספּראווען מיך אין יענער שטאָט, ווו ער האָט געהאט געלעבט און געלערנט די מעלאָכע.

עס זײַנען געשטאנען הארבסטיקע טעג. מײַן אָנטאָן האָט מיך ניט געקאָנט שיצן פון די עסעריקע קעלטן. פראָשקע, וואָס האָט געפירט צענציפערס פלאקס צום באן, האָט אָן א גראָשן געלט מיך ארופגענומען אפן פול־אָנגעלייגטן וואָגן מיט פלאקס און מיר אײַנגעדעקט די פיס מיט א רעדנע. אזוי האָב איך דאָס ערשטע מאָל זיך געזעגנט מיטן שטעטל. איך בין דאן אלט געווען צוועלף מיט א האלב יאָר.

# אינהאלט

זײַט

**דער וועג צום זיג***. ראָמאַן . . . . . . . . . . 5

**דערציילונגען**

**באַם יאַם*** . . . . . . . . . . . . . . . . . . 133
**א שטיין איז געפאלן** . . . . . . . . . . . . . 174

*Ривес Яков Юдович*

ПУТЬ К ПОБЕДЕ

*(на еврейском языке)*

М., «Советский писатель», 1975, 184 стр. БЗ-15-17-74. Художник *Г. А. Кравцов.* Редактор *М. Я. Шульман.* Худож. редактор *Е. Ф. Капустин.* Техн. редактор *Т. С. Казовская.* Корректор *А. Б. Стрельник.* Сдано в набор 22/IV 1975 г. Подписано к печати 12/VIII 1975 г. Бумага 70×108 1/32. № 1. Печ. л. 5 3/4 (8,05). Уч.-изд. л. 9,41. Тираж 2100 экз. Заказ № 2418. Цена 40 коп. Издательство «Советский писатель», Москва Г-69, ул. Воровского, 11. Ордена Трудового Красного Знамени Московская типография № 7 «Искра революции» «Союзполиграфпрома» при Государственном комитете Совета Министров СССР по делам издательств, полиграфии и книжной торговли. Москва Г-19, пер. Аксакова, 13.